# בלוט־פאַרוואַנדשאַפט.

א ראָמאן פון איצטיגען לעבען

פון

ראָזע שעהנפעלד



פערלאַג מאקס יאנקאָוויץ
179 איסט בראָדוויי
נויארק



## ערשטער קאפיטעל

אין א פארנאכט, אין בין השמשות.

נאך א הייסען זומער־טאג האט זיך א שיפעל געגליטשט אויפן טייך. דער טייך איז געווען שטיל, דאס וועטער ווארעם, מילד און ווייך, נאר אויפן וואסער איז געווען קיהל, מחיה'דיג. די זון האט זיך אויף דער צפון זייט פון האריזאנט ארונטער געלאזען ווארפענדיג ארויטען שלייער איבער דעם שעהנעם האדסאן ריווער. צוויי—מענער אין א אין א קליינעם שיפעל האבען אבגעשטעלט זייערע רודער און זיך פער־גאפט אויף דער וואונדערבארע לעבעדיגע סצענע וואס די נאטור האט פאר זיי אויפגעשפילט.—אך, וואס פאר אן ענטציקענדער ספעקטאקעל דאס איז! — רופט אוים דער יונגערער צו זיין חבר.

— דער זומער אויף דעם האסאן ריווער, איבערהויפט ביים זונ־אונטערגאנג, איז זעהר שעהן, האט דער אלטער געזאגט. עס פיהלט זיך דא אזוי גוט, אזוי פריי פון שטאטישען טומעל, פריי פון די ציוויליזירטע מאנירען און פאלשקייטען וועלכע רייסען אונז אוועק פון דעם נאטיר־ליכען לעבען און מאכט פון אונז איינפאכע מאשינען.— אמת, פאלט אים דער יונגערער אריין אין די רייד. מיין מוטער האט מיך געשיקט אין קירך, און איך בין געקומען זיך בעסער אביסעל פערוויילען אויף דעם שיפעל מיט אייך, דאקטאר, אויף דעמזעלבען גרונד.

— ניין, דו דארפסט אזוי נישט טהון, מיין יונגער פריינד. דיינע עלטערן זיינען פרומע, דו דארפסט זיי נישט מצער זיין.

— אבער איך פיהל אז איך באגעה א גרעסערן פארברעך ווען איך נאר

זיי, זיך, און גאָט. איך פיהל אַז עס איז היפּאָקריטיש צו טהון וואָס איך גלויב נישט דאַרין, איך קען עס איינפאַך נישט טהון.

— אָבער דיינע עלטערן זיינען דאָך פרומע קריסטען, דו דאַרפסט זיי נישט רייצען, זיי וועלען שטאַרק ליידען דערפון ווען זיי וועלען זיך דערוויסען אַז דו ביסט אין קירך נישט געגאַנגען

— איך קאָן אָבער נישט אַנדערש האַנדלען, ליבער דאָקטאָר.—

זיי האָבען זיך פאַר א ווײַלע שטיל געשיפט ווייטער און ווייטער, יעדער פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, ביז דער בלוט-רויטער הימעל האָט זיך איינגעהיהלט אין זיין נאַכט-שלייער, און עס איז געוואָרען אָוענט.

— לאָמיר געהן אַהיים, זאָגט דער יונגערער, די פייכטקייט פון דער נאַכט קריכט מיר אין די ביינער.— זיי האָבען אויסגעקיריוועט דאָס שיפעל צוריק. פּליצים האָבען זיי באַמערקט ווי אַ מאַן האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין וואַסער, פון אַ בריק נישט ווייט פון זיי, עס האָט אויסגעזעהן אַז ער האָט דאָס געטהון ווי אַ זעלבסט-מערדער, ווייל ער האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין זיינע קליידער.

טרייבענדיג דאָס שיפעל מיט דער גרעסטע שנעליגקייט צו דעם אָרט פון דעם אונגליק, רופט אויס דער דאָקטאָר: דאָס איז אוודאי נאָך אַן אונגליקליכער וואָס זוכט אין זיין פאַרצווייפלונג צו דערטרונקען זיין אונגליק וואָס וויל זיך פון איהם נישט שיידען ביים לעבען.

אַן אימפּעט האָט פערכאַפּט דעם יונגען מאַן, ער האָט גערעכענט אַז דאָס שיפעל געהט נישט שנעל גענוג צו קאָנען דערגרייכען דעם אונ־גליקליכען אין צייט, ער איז אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און זיך געלאָזען אַהין מיט איבערמענשליכע כחות געגען דעם שטראָם. דער דאָקטאָר האָט זיך נאָך איהם נאָכגעשיפט, ער האָט געזעהן ווי די צוויי ראַנגלען זיך מיט די כוואַליעס, און זיין חבר מיט דעם אונגליקליכען.

דער דאָקטאָר האָט זיי פּרובירט אָנצוגרייפען, אָבער, פּליצים זיינעןביידע אַרונטער טיפער אין וואַסער, דער אונגליקליכער האָט אַרונטער געשלעפּט זיין רעטער, דער אַלטער איז געבליבען וואַרטען טאָמער וועט עפּעס פּאַסירען וואָס וועט איהם געבען אַ געלעגענהייט צו העלפען זיין פריינד, אָדער ביידען, זיין האָפנונג האָט זיך דערפילט, זיי זיינען ווידער ערשינען אויף דער אויבערפלאַך, ער האָט זיך איינגעבויגען און ביידען געהאָלפען אַריין אין שיפעל.

— אַלי דו ביזט נישט גערעכט. דו האָסט שיער פערלוירן דיין לעבען צוליעב אַ מענשען וואָס וויל נישט לעבען, זאָגט דער דאָקטאָר.

— אַ, דאָקטאָר, לאָמיר בעסער זעהן וואָס מען קאָן טהון איהם צו רעטען. די פילאָזאָפיע קאָן וואַרטען אויף שפּעטער.

דר. סמיט האָט זיך איינגעהאָרכט צום הערץ-קלאַפּען פון קראַנקען און געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ ווי פאַרצווייפעלט.

ווי עס זעהט אויס איז דיין גאַנצע מיה אומזאָנסט. זיין הארץ קלאַפּט נאָך אַפילו, אָבער ביז מען וועט איהם ברענגען הילף, האָב איך מורא, אַז אַלעס וועט שוין זיין צושפּעט—זאָגט דער דאָקטאָר.

— מיין גאָט!— רופט אויס אַל. דאָס איז דאָך מיין קאַלעדזש חבר! לאָמיר שנעל קומען צום ברעג, לאָמער נישט זיין צושפּעט אויב עס קאָן נאָך וואָס געטהון ווערן איהם צו רעטען.

אַ פּאָר מינוטען שפּעטער האָבען ביידע דעם דערטרונקענעם צו גע-בראַכט צום ברעג, איהם אויסגעשטרעקט אויף דעם זאַמד, איהם גע-געבען די ערשטע הילף, און איהם באַפרייט פון אַגרויסע פּאַרציע וואַסער וואָס ער האָט זיך אָנגעטרונקען בעת דעם אונגליק. אַל דזשאָנסאָן האָט דעם קראַנקען גענומען אויף זיינע הענד און מיט גרויסע אַנשטרענגונג איהם צוביסלעך צוגעטראָגען צום שאָסיי. דאָרט האָט אַ פּאַרביי-פאָהרער זיי געהאָלפען דעם קראַנקען ברענגען צום נאָהנטעסטען האָספּיטאָל. דר. סמיט האָט דעם האָספּיטאָל-דאָקטאָר געהאָלפען דעם קראַנקען צו-ריקצוברענגען צו זיין בעוואוסטזיין. אַן עקסטרא נערס איז פון ביידען אָנגעשטעלט געוואָרען דעם קראַנקען צו געבען די בעסטע אויפּפּאַסונג און ביידע פריינד זיינען מיעד און אופגערעגט געגאַנגען, יעדער צו זיין היים.

## צווייטער קאַפּיטעל

דעם אַנדערן טאָג איז אַל דזשאָנסאָן געקומען צו דאָקטאָר סמיט אַ צערודערטער. דער דאָקטאָר האָט דאָס גלייך באַמערקט, און איהם באַ-גריסט מיט אַ הערצליכען האַנד-דרוק און געפרעגט ווי ער פיהלט זיך נאָך דער נעכטיגער פּאַסירונג.

— אַ דאַנק אייך, איך בין געזונט פיזיש, אָבער נישט אַזוי גייסטיג. די נעכטיגע פּאַסירונג, ווי מיר בעקאַנט, איז נישט דאָס אונגליק פון אַ פּערזאָן נאָר אַ פאָלקס טראַגעדיע, אַ בלאַמאַזש אויף אונזער גאַנצע

ציוויליזאציע—

— באחוהיג זיך מיין יונגער פריינד, זאגט קאלט-בלוטיג דער דאקטאר. זעץ זיך אוועק, טרינק א גלאז טעע, מיר וועלען ריידען שפעטער אהן אויפרעגונג, געלאסען. דער שכל ארבייט נישט האסטיג.

— א דאנק אייך. איך פיהל צו היים פאר טעע. בעסער א קאלטען לעמאנאד.

נו, ווי האלטען מיר איצט וועגען דאס וואס דו ביזט אזוי אויפגערעגט און ווי ארוים אוים די כלים?— פרעגט דער דאקטאר זיין יונגען פריינד וועלכער האט נור וואס געענדיגט זיין קאלטען טרונק.

— איהר געדענקט דאך אוואדאי וואס איך האב אייך נעכטען געזאגט אז איך קאן דעם יונגען מאן וואס האט זיך געוואלט דערטרינקען. ער איז א איד, א זעהר פלייסיגער סטודענט, בעשיידען און אינטעליגענט. ווערט ער אבער געהעצט און פערפאלגט פון די ניט אידישע סטודענטען איינפאך ווייל ער איז א איד. זאגט מיר ליבער דאקטאר: וואס איז דער־מעהר מיט אונז קריסטען, מיר זוכען צו ציוויליזירען די ווילדע און אליין זיינען מיר ווילד צו ציוויליזירטע? זעהט ווי ערהאבען דיזער יונגער מאן איז און ווי נידריג מיר האנדלען. ער, זעהענדיג מע לאזט איהם ניט שטודירען וויל ער בעסער נישט לעבען; און מיר, בעגרייפען אפילו נישט די גרויסקייט פון אזא קאראקטער, און פארשטעהן נישט צו שעצען א פאלק וואס גיט אונז אזעלכע עדעלע קינדער אויף דער וועלט.

— עס ליגט א גרויסער אמת אין דיינע רייד, מיין ליבער אל; אבער, דיין בעשולדיגונג גילט נישט געגען אלע קריסטען. פארגעס נישט אז אז דאס רוב פון אונזער פאלק איז איבערגעגעבען צו ספארטס. ספארט און אידעאליזמוס טאלערירען זיך נישט. אט א דיעזע סארט קריסטען פערלאכען אפילו קריסטליכע אידעאליסטען אויך. דאס העצען געגען אנאנדער איז אויך א מין ספארט. עס איז דער אונגעצאהמטער טירישער אינסטינקט וואס הערשט נאך אין דער מאיאריטעט פון אונזער פאלק. צווישען אזעלכע מענשען וואלט געווען אוואונדער עס זאל זיין אנדערש ווי עס איז. פון אייביג אן האט די אינטעליגענץ געהאט צו ליידען פון דער איגנאראנץ. עס איז דארום נאטירליך אז דאס אידישע פאלק זאל ליידען. עס ליידעט ווייל עס וויל זיין אינטעליגענט.

— דאס אלעס ווייסט איהר, ליעבער דאקטאר, און איהר שווייגט? ווער דען זאל רופען צום קריעג געגען אזא פאלשעם סיסטעם ווי אזעלכע

געלעהרטע מענער ווי איהר? ווארום האָב איך פון אייך ביז אַהער גאָר נישט געהערט וועגען דעם? אפילו נישט אַ וואָרט פון פּראָטעסט געגען אַזאַ אונערטרעגליכקייט?

דער דאָקטאָר האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבען זיין אַלטען קאָפּ, עס האָבן זיך באַוויזען צוויי גרויסע גרויע אויגען קוקענדיג אויף דעם יונגען פייעריגען רייזנער, זיינע ליפּען האָבען פיבעריש געציטערט ווי ער וואָלט פרעגען זיך אַליין אויב ער זאָל רײדען אָדער נישט, ענדליך גרייפט ער אָן דעם יונגען מאַן ביי זיין רעכטע האַנד און זאָגט מיט אַ געלאַסענעם און הארצליכען טאָן:

— אַל, מיין ליבער אַל, איך האָב שוין אָבגעערדט, שוין אָבגעשריגען, זיי האָבען מיין קול דערשטיקט, מיין פייעריגען גייסט אויסגעלאָשען. פאַר שליידערן זיי דעם אמת אין פנים האָבען זיי אָן מיר נקמה גענומען אַ נקמה וואָס בלויז בעסטיעס קאָנען טהון. זיי האָבען מיינע זיסעסטע האָפנונגען פון מיין לעבען צעשטערט, דאָס ליעבסטע פון מיין הארץ אויסגעריסען, דאָס ליכט פון מיינע אויגען דונקעל געמאַכט איך זאָל נישט מעהר זעהן מיינע ציעלען; אַלץ דערפאַר ווייל איך האָב געטהון וואָס דו מיינסט אַז איך דאַרף טהון. איגנאָראַנץ איז פיזיש שטאַרקער ווי אינטעליגענץ, זי ברעכט יעדע טוגענד און יעדע מאָראַל. איגנאָראַנץ איז אייזען-האַרט. איגנאָראַנטען אונטערשיידען זיך פון בעסטיעס בלויז אין פאָרם. מיין ליבער אַל, איך האָב שוין אַלעס פּרובירט, איך האָב געקעמפט און האָב דעם קאַמף פערלוירן. די זיעגער האָבען מיין פרייען גייסט פערשקלאַפט און איך בין פערפּלאָנטערט אין פּעסימיסטישע קייטען.

— אין וואָס איז דאָס בעשטאַנען די נקמה וואָס האָט אייך אַזוי נידערגעשלאָגן?—פרעגט דער ערשטוינטער יונגער מאַן.

— זיי האָבען פון מיר אַוועקגערויבט מיין זוהן, מיין איינציג גליק אין מיין לעבען. זיי האָבען עס געטהון אַזוי טריקיש אַז מיר איז נישט געבליבען קיין שליאַד איהם צו זוכען, און קיין בעווייז געגען די בייזע פאַרברעכער.

— אייער זוהן?— פרעגט אַל נאָך מעהר ערשטוינט—איך האָב קיינ־מאָל נישט געהערט פון אייך אַז איהר האָט אַ זוהן. שוין לאַנג ווי דאָס האָט פּאַסירט?

— שוין איבער צוואַנציג יאָהר אַז ער איז פון מיר גערויבט געוואָרען

פון די משוגעים וואָס רופען זיך "הונדערט פּראָצענטיגע".

— פון וואַנען ווייסט איהר אַז זיי האָבען דאָס געטהון? אפשר האָט מיט אייער זוהן פּאַסירט אַן אונגליק?

— זיי האָבען מיר אַריינגעשיקט אַ בריעף, אַהן אַן אונטערשריפט, זאָגענדיג אַז דאָס האָט מען מיר באַצאָהלט פאַר מיינע נאַרישקייטען.

— האָט איהר דעם בריעף איבערגעגעבען צו דער גערעכטיגקייט?

— יאָ, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז די גערעכטיגקייט ליגט אויך אין מיינע שונאים'ס הענד.

דער לעצטער ענטפער האָט ביידען פאַרזעצט אין אַ נאָכדענקענדע שטילקייט פאַר אַ ווייל. דער אַלטער האָט געזעהן ווי שמערצליך דאָס האָט געווירקט אויף דעם יונגען. דער יונגער האָט געפיהלט אַז דער געשפּרעך מוז איצט נעמען אַן אַנדער ווענדונג, און ער פרעגט דעם דאָקטאָר.

— איהר האָט מיר גאָרנישט דערצעהלט, ליעבער דאָקטאָר, וואָס עס איז געוואָרען פון אייער פרוי.

— דער טוידט האָט איהר פון מיר אוועקגעריסען אויף אַ טראַגישער וועגע. זי איז געשטאָרבען אין איהר ערשטע ענטבינדונג, טאַקי מיט דעם דאָזיגען אונגליקליכען זוהן. דריי טאָג האָט זי זיך געראַנגעלט מיט דעם טוידט, די גרעסטע דאָקטוירים האָב איך איהר געגעבען, אַלע מיטעל האָט מען פּרובירט, אָבער קיין זאַך האָט געהאָלפען. מיר איז אַפילו נישט באַשערט זיך צו טרייסטען מיט איהר פלייש און בלוט, אונזער ביידענס זוהן. שוין פינף און פירציג יאָהר זיינען אוועק און איך קאָן איהר נישט פאַרגעסען אויף איין מינוט. איהר בילד ליגט טיעף איינגעגראָבען אין מיין הערצען, און אַזוי לעב אַדורך, מיט איהר, מיין גאַנץ לעבען. פאַר דער גאַנצער צייט האָט זיך נאָכגעשט געפינען איינע וועלכע זאָל קענען נעמען איהר פּלאַץ אין מיין הערץ—האָט ער זיפּ-צעדיג אויסגערעט, און אַפּאָר טרערען האָבען זיך אַרונטער געקייקעלט איבער די קנייטשען פון זיינע אַלטע באַקען.

דער יונגער סטודענט איז געריהרט געוואָרען צו טרערען, און האָט באַוואונדערט זיין אַלטן פריינד מיט וואָס פאַרא ליעבע ער רעט וועגען אַ פרוי וואָס איז שוין פינף און פינפציג יאָהר טויט.

— פאַר דער צייט וואָס איהר זיינט געווען צוזאַמען מיט אייער זוהן האָט איהר אייך געטרייסט איבער איהר פערלוסט?—פרעגט אַל, מיט

א מיטפיהלענדען מאן.

— יא, איך האב אין איהם געזעהן איהר בילד. זיינע געקרויזטע לאקען אין זיין יוגענד האבען מיר אויסגעזעהן ווי איהרע, אפילו זיין אויס־געוואקסענע מענליכע שטימע האט מיר אפט געקלינגען ווי איהרע.

— האט איהר שוין אויפגעגעבען אלע האפנונגען איהם צו געפינען?— פרעגט אל דזשאהנסאן.

— אזוי זעהט עס אויס. אלע ניסים האבען אין אזא לאנגע צייט שוין געדארפט פאסירען. די צייט דערוועיטערט נאהנטע מכל־שכן נאך פארלוירענע.

— איז דאס די אורזאך וואס איהר פערהאלט זיך צו מיר אזוי פאר־טערליך?—פרעגט דער יונגער מאן אונווילקירליך.

דער אלטער האט זיך פארטראכט אין דעם פנים פון דעם יונגען מאן פאר א ווייל, די אויגען האבען אנגעהויבען ווייזען אביסעל מעהר לע־בעדיגקייט ווי אלעמאל, ער האט ארויפגעלעגט זיין רעכטע האנד אויף דעם יונגען לינקען אקסעל, און קוקענדיג גלייך אין זיינע אויגען זאגט ער:

— דו זעהסט דאך אויס אזוי עהנליך צו איהם אז איך פיהל זיך זעהר באקוועהם אין דיין געגענווארט. עס איז צוליעב דיר וואס איך בין אזוי הערצליך צוגעבונדען צו דיינע עלטערן און צו זייער הויז. דו זעהסט אויס ווי דו װאלסט זיין געווען א צווילינג־ברידער צו מיין אלבערט. איך זעה אין דיר דאס אפ־בילד פון מיין פארלוירענעם זוהן.

— איהר האט פריהער געזאגט, ליעבער דאקטאר, אז אייערע שונאים האבען זיך מיט אייך אבגערעכנט. וואס איך פארשטעה נישט איז, ווי קומט עס אז אזא מאן ווי איהר, מיט אזא איידעלען קאראקטער, מיט אזא הויכע בילדונג זאל האבען אזעלכענע ביטערע שונאים?

— גאנץ נאטירליך מיין זוהן. דו האסט דאך אליין ערשט נישט לאנג פראטעסטירט געגען די פארפאלגונגען וואס דיין חבר, דער אידישער סטודענט האט געהאט אויסצושטעהן פון זיינע נישט-אידישע קאליעגען. דו אליין האסט באשטעטיגט אז דער אידישער סטודענט איז אינטעלי־גענט, א גוטער קאראקטער און דאך, האט ער שונאים. עס איז זיכער אז ווען זיי װאלטען נישט וויסען אז ער איז א איד װאלטען זיי איהם נישט געווען שונאים און ער װאלט פון זיי נישט פארפאלגט געווארען. דאסזעלבע האט אויך מיט מיר פאסירט.

— איז עס מעגליך, איהר דאָקטאָר, זיינט אַ איד?

— יאָ, מיין יונגער פריינד.

— איהר אַ איד?

— יאָ, ווילסטו אפשר מיך אויך פאַראַכטען דערפאַר?—פרעגט דער דאָקטאָר דעם יונגען מאַן מיט אַ וועהמוטיגען טאָן.

—ניין, ליעבער דאָקטאָר. ווי קאָנט איהר דאָס גאָר זאָגן? איהר זיינט און בלייבט מיין פריינד. איהר זיינט מיר גאָר איצט נאָך ליעבער, שוין דערפאַר אַליין וואָס דער אמת שטעהט ביי אייך העכער ווי די מורא צו ליידען. איך ליעב מענשען וואָס זיינען שטאָלץ און טריי צו זייער ראַסע. איך בין איבערצייגט אַז דער וואָס איז נישט טריי צו די זייניגע קאָן נאָך וועניגער טריי זיין צו אַנדערע.

— דו מאַכסט מיך גליקליך מיין יונגער פריינד. מיר דוכטזיך אַז ווען דו וואָלסט מיך דערפאַר פעראַכטען וואָלט איך מיין זוהן נאָכאַמאָל פאַרלוירען.

אַל האָט דעם אַלטען דאָקטאָר ארומגענומען און איהם צוגעטיליעט צו זיך זאָגענדיג:

— ווי קאָנט איהר דאָס וועגען מיר אַזוי דענקען מיין טייערער פריינד? איך פיהל זיך צו אייך מעהר געבונדען ווי צו אַלע פראָפעסאָרן וועלכע לערנען אונז צו האַסען איידעלע מענשען צליעב זייער ראַסע אָדער רעליגיאָן. מיינע עלטערן, איבערהויבט מיין מוטער, זיינען נישט פריי פון ראַסען-האַס. אָפט מאָל וואַרפען זיי מיר פאָהר פאַרוואָס איך חבר זיך מיט אידישע סטודענטען. מיין מוטער האָט מורא איך זאָל נישט ווערען אונטריי צום קריסטענטום דאַדורך.

— דאָס איז פאַר מיר קיין סוד.זיי האָבען זיך שוין פאַר מיר אָפט געקלאָגט וועגען דעם. איך היט זיך זיי זאָלען נישט געוואָר ווערען אַז איך בין איד ווייל איך האָב מורא זיי זאָלען דיר נישט שטערן זיך צו אונטערהאַלטען מיט מיר.

— דאָס איז ליידער קלוג אויסגערעכנט. איך בין העכסט צופרידען מיט דיעזען באַשלוס. איך גיב אייך מיין האַנד אַז איך האַלט די זאַך בסוד. מיר בלייבען פריינד אונטער אַלע אומשטענדען. אַך, ווי גערן וואָלט איך דאָס זיין אייער נאַטירליכער זוהן און מיט אייך לעבען פריי אונטער איין דאַך.

— איך טראַכט איצט, אַז וואָלט מיין זוהן געווען פאַרהייראַט איידער

ער איז פארלוירען געגאנגען, איז מעגליך, אז איך וואלט איצט געהאט אן אייניקל ווי דו וועלכעס וואלט פארזיסען מיינע עלטערע יאהרן.

נאך א פאר מינוטען שטילשווייגען זאגט דער אלטער ווייטער:

— איך האב א גרויס פארמעגען, איך האב עס נישט וועמען איבער־צו לאזען. עס איז מיר איצט איין געדאנקען געקומען דיך צו מאכען פאר מיין יורש. דו ביזט דאך דער איינציגער ליעבענסווירדיגער מענש וועל־כען איך האב אין מיין טרויעריגער איינזאמקייט.

—א׳ ניין, ליבער דאקטאר, איר האט אוודאי א פאמיליע ערגעץ׳ אפשר ארימע, וועלכע נויטיגען זיך אין אייער הילף. זאגט מיר בעסער , ווי פיהלט אונזער פאציענט? מיר האבען זיך פאררעדט און איך האב שוין באלד פארגעסען אן דעם וויכטיגסטען.

—א, דיין קאלעגע, דער דערטרונקענער? ער פיהלט שוין בעסער, נאך א פאר טאג און ער וועט ארויס פון שפיטאל.

—איז ער נאך אלץ אזוי פארצווייפעלט ווי פריהער?

—ניין, ער זעהט אויס צו זיין גאנץ רוהיג.

—ווען איך בין געוועזען ביי אים דעם אנדערען טאג נאך דער רעטונג איז ער געוועזען ברוגז אויף מיר, פאר וואס איך האב אים ניט געלאזען זיך באפרייען פון די צרות. אזוי האט ער געזאגט.

—נו׳ דאס וועט פאראיבערגעהן, ער וועט דיר נאך דאנקען פאר דער רעטונג. אבער׳ מיין ליבער, האסט שיעור באצאהלט מיט דיין אייגענעם לעבען—וואס זאגען דיינע קאלעגען איצטער?

—ווער רעדט מיט זיי? איך קום איצט ניט אין קלוב׳ אמוועניגסטענס איצט נאך דעם, וואס עס האט פאסירט׳ ווייל איך פיהל, אז ווען איך זאל זיי טרעפען, וואלט ארויסגעקומען דער גרעסטער סקאנדאל.

—ניין׳ מיין פריינד, דו מוזט זיך קאנטראלירען, דו ביזט יונג און האסט א שטארקען טעמפער. אבער מען טאר ניט זיין הייס, מען דארף אלעס רוהיג אויסרעכענען, מען מוז פאראויסזעהן די פאלגען.

—די פאלגען! אט זעהט איר דאך די פאלגען! מען טרייבט צום טויט! אט דאס זיינען די פאלגען! נאך אלעמען וואלט איך איצט געוואלט זעהן דעם געטרונקענעם, זעהן וואס ער טוט.

# דריטער קאַפּיטעל

—נו, קום, וועלען מיר איצט צופאָהרען צום שפּיטאָל. עס איז ריכ־טיג די צייט צו פאָהרן צום שפּיטאָל. די אָרימע פּאַציענטען קוקען אַרויף צו מיר ווי צו אַ מלאך. עס איז דאָ אַזוי פיל עלענד צווישען זיי. אך, ווי זיי ליידען נעבעך.

—אָ, מיר באַנעמט ביים הארץ הערענדיג די קרעכצען.

—נו, דו וועסט זיך מוזען צוגעוואוינען דערצו, אז ניט וועסטו ניט קענען זיין אַ גוטער דאָקטאָר. אויף דעם פעלד מוז מען האָבען אַ הארץ פון שטאָל...

—איך גלויב ניט, דאָקטאָר, אז מען דאַרף האָבען אַ הארץ פון שטאָל. אַ דאָקטאָר דאַרף האָבען אַ הארץ פון בלוט און פלייש, ווי אַ מענש, און אז אַ דאָקטאָר פיהלט מיט, גיט ער זיך מער מיה צו העלפען די אונגליקליכע.

דאָס האָבען זיי אַזוי גערעדט פאָהרענדיג אין אַטאָמאָביל צום האָספּיטאָל. דער טאָג איז געווען אַ שעהנער, די זון האָט געוואַרעמט, און צום שפּיטאָל האָבען זיי געדאַרפט דורכפאָהרען דורך אַ שעהנער בליהענדער געגענד. די גערטנער זיינען געשטאַנען איינגעטונקען אין בלומען און זיך געגרויסט מיט זייער פּראַכט. עס האָט געשמעקט מחיה'דיג. די צוויי פריינד זיינען אַ ווייל׳ע געזעסען שטיל, פאַרטיפט אין זייערע געדאַנקען און ווענינ אויפמערקזאַמקייט געשענקט דער פּראַכט פון דער נאַטור. און אַזוי זיינען זיי צוגעפאָהרען צו דער גרוי־סער, גרויער ווי שטאָל געביידע, צום שפּיטאָל, וואו דער געטרונקענער סטודענט איז געלעגען.

קומענדיג אין שפּיטאָל האָבען אַ סך יונגע דאָקטוירים און באַרעמ־הערציגע שוועסטער באַגריסט דעם אַלטען דאָקטאָר. יעדער איז געלאָפען צו טאָן זיין פליכט. אַנדערע ווידער זייען געשטאַנען אין די קאָרידאָרען און פאַרבראַכט מיט די ווייס־הויבעלדיגע מלאכים, די שעהנע ווייס־געקליידטע שוועסטער. זיי האָבען גערעדט, געלאַכט און זייען געווען לוסטיג, פרעהליך, פאַרגעסענדיג אַן דעם גאַנצען יאָמער, וואָס עס טוט זיך ביי די קראַנקע אין די צימערען.

אַלעקסאַנדער דזשאַנסאָן האָט עס געזעהן און עס האָט אים געער־גערט אויף די הילף־לייסטער, ווי אַפּט זיי פאַרגעסען זיך. דאָ האָט ער

געזעהן, ווי מען פיהרט פאציענטען אנגעטאן אין די אפעראציאנס-קליידער, און די נאך דער אפעראציע זיינען האלבע אדער גאנצע טויטע, מיט בלויע פארשפיצטע נעז, מיט שוים אויף די ליפען, און א שטיל רעווען און ברומען טראגט זיך פון זיי צוזאמען מיט זייערע לעצטע קרעפטען...

ענדליך זיינען זיי אריין צו זייער פאציענט. ער איז געלעגען אויף א בעטעל א בלייכער, א מאגערער, מיט א קאפ שווארצע, געדיכטע און לאנגע האר און מיט מידע אויגען, אבער מיט א קלוגען בליק אין זיי. ער האט פריינדליך באגעגענט דעם דר. סמיט און זיין קאלעגע דזשאנסאן.

—נו, וואס מאכסטו? ווי פיהלסטו איצט?—האט דזשאנסאן געפרעגט מיט א סימפאטישער פריינדליכער שטימע אום אויפצומינטערען דעם קראנקען א ביסעל.

—אט, איך פיהל זיך שוין בעסער.

—נו, גאר אזוי זיך נאריש מאכען —האט דזשאנסאן צו אים געשמייכעלט מיט פריינדליכען פארוואורף.

— איך וועל דיר זאגען דעם אמת קאלעגע, עס האט זיך נישט געלוינט איינצושטעלען דיין לעבען פאר מיר. דאך דאנק איך דיר פון טיפען הארצען פאר דיין אפפערווילינגקייט פאר א מענשען. דו ביזט אן אויס-נאם פון אלע, הלוואי וואלטען מיר געהאט א סך אזעלכע ווי דו, וואלט שוין גוט געווען און מיר וואלטען ניט געדארפט ליידען.

—נו, צו וואס דאס אלעס? זאג מיר בעסער צו, אז דו וועסט זיך מער ניט נאריש מאכען, וועסטו זעהן, אז אלץ וועט גוט ווערען.

—יא, גוט ווערען—האט יעדער געזאגט—זיי וועלען מיך געווים אויך וועלען ארעסטירען, און אויב מען ארעסטירט מיך, וועט מען מיך מער אין קאלעדזש ניט אריינגעמען.

—נו, זארג ניט איצט וואס שפעטער וועט זיין.

—ניט געזארגט, מיין פריינד, עס וועט אלעס רעכט ווערען—האט דאקטאר סמיט געזאגט מיט פריינדליכקייט ווערענד דער באהאנדלונג איר וועט שוין באלד אין גאנצען געזונד זיין, נאך עטליכע טעג אין שפיטאל און אביסעל רוה און איהר זענט א אונזערער.

זיי האבען באמערקט, ווי דער פאציענט איז פרעהליכער געווארען, ווען ער האט דערהערט, אז ער דארף נאך זיין עטליכע טעג אין שפיטאל.

דער קלוגער אַל. דזשאָנסאָן האָט עס באַמערקט און פאַרשטאַנען, אַז די פרייד איז געווים ניט אומזיסט... אוודאי זיך באַפריינדעט מיט איינעם פון די וויים-הויבעלדיגע מלאכים. נו, איצט וועט ער שוין זיכער ניט וועלען שטאַרבען אַזוי גיך...

דערווייל איז צום קראַנקען צוגעקומען אַ בילד-שעהנע באַרעמ־הערציגע שוועסטער, פרעגענדיג אים וואָס ער מאַכט.

דער קראַנקער האָט פאַר איר פאַרגעשטעלט זיין קאָלעגע אַל. דזשאָנסאָן.

—מיס מילדרעד גראָס.

—מיס מילדרעד איז די פיינסטע און בעסטע שוועסטער דאָ—האָט דר. סמיט זי געלויבט—איך קען זי שוין אַ פּאָר יאָהר דאָ אין שפּיטאָל.

—אַ דאַנק, דאָקטאָר סמיט, פאַר אייערע ליוב ווערטער, וועלכע זיינען ביי מיר זעהר חשוב. איך בין באמת שטאָלץ דאָס צו הערען.

—אָ, דאָס איז די ריינע וואָרהייט, וואָס איך זאָג—האָט דר. סמיט ווידער איר געלויבט—מיס גראָס איז ווי אַ מאַמע צו די פּאַציענטען.

—יאָ, מיס גראָס איז צו אַלעמען זעהר גוט. זי געהט מיט אַלעמען ארום ווי מיט קליינע קינדער—האָט דער קראַנקער דערצעהלט, קוקענדיג מיט אַ ליבליכען שמייכעל צו איר—זי האָט שווער געאַרבעט לעבען מיר, איך בין איר זעהר פיל דאַנק שולדיג.

—עס איז ניט צו דאַנקען, מר. סיימאָן, איך האָב נאָר געטאָן מיין פליכט אַלס באַרעמהערציגע שוועסטער.

—אָ, איר טוט אָבער אייער פליכט מיטן גאַנצען הארצען, מער ווי די אַנדערע קאָלעגען אייערע.

—מיינע קאָלעגען פאַרברענגען דאָ אַ ביסעל מיט זייערע פריינד, און אַזוי ווי איך האָב דאָ ניט קיין פריינד טו איך מיין פליכט אַלס שוועסטער ווי געהעריג.

—זעהר שעהן, זעהר בראַוו, מיס גראָס! איך שעץ דאָס זעהר פיל, דערפאַר, אַז איך האָב אַהער געבראַכט דעם פּאַציענט האָב איך באַלד געבעטען מען זאָל מיר שיקען מיס מילדרעד פאַר אים—האָט דר. סמיט דערצעהלט, קוקעדיג צו איר מיט אַ ליבען שמייכעל.

—אַ דאַנק אייך, מיין גוטער דאָקטאָר, פאַר אייער אויפמערקזאַמ־קייט. איך פאַרזיכער אייך, אַז איך שעץ עס אָפּ.

—פון וואַנען זענט איר, מיס מילדרעד?—האָט דר. סמיט געפרעגט.

—איך קום פון קיעוו, רוסלאנד, דאקטאר.

—שוין לאנג, אז איר זענט אין אמעריקע?

—איך בין שוין אכט יאהר דא.

—דא, אין דעם שפיטאל?

—יא, דאקטאר.

—זענט איר פון דער היים א בארעמהערציגע שוועסטער?

—יא, דאקטאר, דארט איז אבער אזוי די לאגע, אז איך אלס אידישע האב זעהר שווער געקענט קריגען א פלאץ אין א שפיטאל. בין איך געקומען אהער אין אמעריקע.

—אזוי? זענט איר, הייסט עס, א אידיש רוסיש מיידעל?

—יא, דאקטאר, אנטקעגען וואס פרעגט איר עס?—און מיט חשד א קוק געטאן אויף אים...

—אט, גלאט אזוי, איך וויל וויסען.

—און איך האב געמיינט, אז איר וועט עפעס האבען אויסצוזעצען געגען דעם... איך וועל אייך זאגען דעם אמת, דאקטאר, היינט איז אין אמעריקע אויך ניט פרעהליך פאר א אידישער בארעמהערציגער שוועסטער. איר זאלט ניט נעמען פאר אומגוט, אז איך וועל אייך זאגען, אז אונז אידען איז איבעראל ניט פרעהליך... עס איז ווי דעם קראנקען, וואו מען לעגט אים טוט אים וועה...

—איך בין ניט בייז, מיין ליבע מילדרעד—האט דר. סמיט געזאגט מיט סימפאטיע—נאר איך דענק אז אזא יונג קינד ווי דו ביזט דארף ניט נעמען די וועלט אזוי ערענסט. זאל עס געהן ווי עס געהט, און עס וועט דיר גוט זיין.

—א, דאקטאר, נעמט ניט פאר אומגוט, אבער איך בין איבערצייגט אין דעם. אט האט מען דא לעצטענס ארויפגענומען עטליכע שוועסטער, האט מען אויסגעקליבען בלויז קריסטליכע און די אידישע האט מען צוריקגעוויזען. און מיט יונגע דאקטוירים איז אויך ניט בעסער.

—דאס איז אן אלטע קרענק, מיין קינד, און מיט דער צייט וועלען אלע געהיילט ווערען—האט דר. סמיט געלאכט.

—גיט מען עס אייך דא אויך צו פיהלען, מיס גראס?—האט דזשאנסאן איר געפרעגט מיט גרויס אינטערעס.

—איך וועל אייך זאגען דעם אמת, פילע וויסען ניט, אז איך בין א אידיש מיידעל, צווייטענס האב איך מיט זיי ווייניג געשעפטען, איך

פאַרנעם זיך מער מיט מיין אַרבעט.

ווען דזשאַנסאָן האָט באַמערקט מיט וואָס פאַר אַ ליבע בליקען די מיס גראָס קוקט אויף סיימאָנ׳ען, האָט ער זיך שטיל אָנגערופען צו איר ווי אַ גוטער, געטרייער חבר:

—דיר איז צוגעפאַלען דער שעהנסטער חלק..

—נו, זייט געזונד, מיס גראָס, פּאַסט דאָ אויף איהם אַזוי גוט, ווי איר קענט נאָר. מיין קאָלעגע סיימאָן איז אַ גוטער יונג. די מיידעל, וואָס וועט איהם קריגען וועט זיין זעהר גליקליך—האָט דזשאַנסאָן געזאָגט, געזעגענענדיג זיך מיט איר—און אויך דו, פריינד, זיי גוט און פאָלג איר אַלץ. אַ גוטען טאָג.

—אַ גוטען טאָג!

זיי האָבען זיך אָפּגעזעגענט און זיינען ביידע, דר. סמיט און דזשאַנ־סאָן, אַוועק צום אַטאָמאָביל, וואָס האָט געוואַרט אויף זיי לעבען שפּיטאָל. פאָהרענדיג האָט זיך דזשאַנסאָן אָנגערופען:

—איר וועט זעהן, דאָקטאָר, אַז סיימאָן וועט זיין צופרידען, וואָס דער שיקזאַל האָט איהם געבראַכט אַהער אין שפּיטאָל אריין צו דער שעהנער מילדרעד.

—זי איז אַ ליב מיידעל, זי איז ווערט אַ גוטען מאַן.

—ער איז אַ טייערער יונג, מיין קאָלעגע סיימאָן. נאָך צוויי יאָהר און ער וועט זיין אַ מענש. ער זאָל נאָר אריין אין אַ שפּיטאָל צו פּראַקטי־צירען און ער איז אַלעם איבערגעקומען.

—דערווייל האָט ער נאָך פיל צו קעמפען געגען די שונאים.

—יאָ, אָבער ער וועט עס איבערקומען און דאַן קען ער נאָך אריין טאַקע דאָ אין שפּיטאָל און זיין צוזאַמען מיט איר.

דאָ איז דער אַטאָמאָביל צוגעקומען צום דאָקטאָר׳ס הויז און האָט זיך אָפּגעשטעלט. ביידע פריינד האָבען זיך אָפּגעזעגענט און אַל. איז אַוועק אַהיים.

## פערטער קאַפּיטעל

אַ שטיקעל צייט שפּעטער, ווי דר. סמיט און דזשאַנסאָן זיינען אַזוי געזעסען און גערעדט, האָט אימיצער אָנגעקלאַפּט אין טיר, און ווען דזשאַנסאָן האָט געזאָגט „אריין" האָט זיך געעפענט די טיר און זייערער אַ באַקאַנטער דעטעקטיוו איז אריינגעקומען.

דר. סמיט און אַלעקסאַנדער האָבען זיך דערפרעהט מיט איהם און

אים נעפרעגט:

—וואס מאכט איר, פריינד ווערבער? עפעס נייעס?

—יא, גוטע נייעס—האט ער מונטער געענפערט.

—טאקע?

—יא, בעסער ווי געוואונשען.

—נו, דערצעהלט!

—עס איז שוין אלעס באוויזען געווארען.

—וואס מיינט איר, מר. ווערבער?

—אלעס איז דער בעסטער ארדנונג.

—מיר פארשטעהען ניט.

—איך מיין, די באנדיטען זיינען שוין איבער אלע פלויט...

—וואס, אנטלאפען?

—ניט אנטלאפען, ארויסגעיאגט.

—פארוואס ניט ארעסטירט?

—ווייל די פראפעסארען ווילען אזוי.

—א, א, זיי ווילען ניט, אז די וועלט זאל וויסען, וואס פאר פייגלינג זיי זיינען!

—יא, זיי ווילען עס אפווישען שטיל.

—און איר האט עס צוגעלאזט?

—איך האב אנדערש ניט געקענט.

—וואס איז מיטן רויטען? ער איז דאך געווען דער הויפט שולדיגער אין אויסטראכטען אויף סיימאנ'ען דעם בילבול פון גנבה!

—איך ארויסגעיאגט. ער קריגט מארגען זיין אויסשליסונגס פאפיר.

—נו, א גוטע זאך, כאטש איין באנדיט גע'פטר'ט.

—איך גלויב, אז איר האט זיי דארט נאך גענוג.

—יא, לײדער איבערגענוג. נו, אצינד איז סיימאן שוין ריינגעוואשען?

—אוודאי!

—מען דארף אים לאזען וויסען.

—ער קומט באלד אהער, איך האב אים אפגערופען ער זאל דא קומען.

—דאס איז גוט.

—נו, וואס זאגט איר, פא, מא, איר הערט?—האט אל. מיט שמחה זיך געווענדעט צו זיי—סיימאן איז ריינגעוואשען געווארען. איר זעהט, איך האב עס פריהער געוואוסט. סיימאן איז צו גוט צו גנב'נען זאכען

פון די סטודענטען אין קאָלעדזש. איצט האָט מען געכאַפּט די ריכטיגע גנבים.

—עפּעס גלויבט זיך מיר ניט, אַז דער איד איז דער עהרליכער מאַן —האָט דזשאָנסאָנ׳ס מאַמע געזאָגט.

—עס איז דאָך באַוויזען געוואָרען—האָט אַל. געערגערט אויסגערופען.

—אָ, געה, מען זאָל גוט זוכען וואָלט מען ערשט דעם אמת׳ן גנב געפינען—האָט די אַלטע געזאָגט.

—ליידי דזשאָנסאָן, איר באַליידיגט מיך מיט דעם—האָט דעטעקטיוו ווערבער געזאָגט — דאָס מיינט אַז איך בין ניט פעהיג אויסצוגעפינען דעם ריכטיגען גנב.

—איך זאָג ניט, אַז איר זענט ניט פעהיג, איך זאָג נאָר, אַז אפשר האָט איר פאַרזעהן אָדער גלאַט געמאַכט אַ טעות. עס קען זיך טרעפען. עס גלויבט זיך מיר ניט, אַז דער איד זאָל זיין דער עהרליכער, דער פיינער און דער קריסט זאָל זיין דער גנב. דאָס וואָלט דאָך געווען צו שרעקליך.

—ליידער איז עס טאַקע צו שרעקליך, מאַמע. אונזער ליבער ברודער, דער קריסטליכער סטודענט, איז אַ טייערער באַנדיט און גנב, דאָס איז ליידער דער ריכטיגער אמת.

—נו לאָז שוין זיין געגוג—האָט דער אַלטער מר. דזשאָנסאָן זיך אריינגעמישט—האָב קיין יסורים ניט, מיר האָבען אַ היבש ביסעל גנבים און באַנדיטען און לומפּען צווישען אונזערע, שעם זיך ניט...

—אָבער עס זיינען דאָ צווישען די אידען מער.

—עס איז ניט באַוויזען געוואָרען, מרס. דזשאָנסאָן, מיר האָבען זיי ניט געצעהלט צו אייערע זיינען דאָ מער צו אונזערע זיינען דאָ מער, איך גלויב אָבער, אַז עס פעהלט ניט ביי ביידע. הלוואי וואָלטען זיי אַזוי ניט געווען, ווי זיי זיינען דאָ.

—וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען עס זיינען ניטאָ קיין גנבים און באַנ־דיטען?—האָט דער אַלטער דזשאָנסאָן אַ פרעג געטאָן דעם דעטעקטיוו.

—ניט געזאָרגט, מיר וואָלטען געהאַט אַרבעט אויף אַן אַנדער געביט, עס פעהלען ניט קיין שאַרלאַטאַנעס, וואָס וואַרפען אַוועק זייערע פרויען און אַנטלויפען מיט פרעמדע פרויען, מיט זינגערקערס, מיט טענצערקעס, מיט אַקטריסעס. זיי ווילען אַ לעבען. דאָס געפעהלט זיי בעסער ווי צו פיהרען אַ פיינעם פאַמיליע לעבען. די פאַרלאָזענע רייכע אַריסטאָקראַטישע ווייבלאַך באַצאָהלען גוטע געלט. נאַטירליך,

עס רעדט זיך דא ניט פון קבצנים, די ארימע לייט אנטלויפען ניט, עס ליגט זיי ניט אין זינען אזעלכע זאכען, זיי האבען גענוג אנדערע זארגען אויף זייערע קעפ. זיי פלאגען זיך און עס ליגט זיי ניט אין קאפ.

ביי די ווערטער איז אריינגעקומען סיימאן מיט זיין כלה מיס מילדרעד גראס. אל. דזשאנסאן האט זיך א כאפ געטאן צו איס און דריקענדיג אים שטארק די האנט האט ער אויסגערופען:

—אין דער ריכטיגער צייט, סיימאן! איך קען דיך גראטולירען, דו ביזט ריינגעוואשען, דו ביזט ריינגעוואשען.

—א, ווי גליקליך!—האט מילדרעד דערפרעהט אויסגערופען, ווערענד סיימאן איז געבליבען א ווייל שטעהן אן לשון פאר פרייד.

—נו. קום, זעץ זיך צו, מיין פריינד—האט דר. סמיט געזאגט צו איס און איס אויסגעשטרעקט די האנט—איצט, מיין ליבער פריינד, מיט פרישען מוט דיין קאריערע פארטצוזעצען.

—איך האב קיין ווערטער ניט, מיינע טייערע פריינד, אויסצודריקען מיין גרויסע דאנקבארקייט פאר אייער גרויסער מיה.

—מיר האבען זיך ניט געמיהט—האט אל. אויסגערופען—אט איז מר. ווערבער, ער האט עס זיך געמיהט און ער האט אויך געצייגט, אז זיין מיה איז ניט געווען אומזיסט. ער האט טריי און געשיקט דורכגעפיהרט זיין ארבעט. ער איז אן אמת'ר שערלאק האלמס.

—א דאנק פאר אייער קאמפלימענט—האט ווערבער שמייכלענדיג זיך אנגערופען און זיך פארנייגט—איך בין ווירקליך זעהר צופרידען, אז איך האב געקענט אין אזא אפגעשלאסענער נעסט אריינקריכען און עפענען די בלינדע פראפעסארען די אויגען, זיי צייגען, אז ווי קלוג און געבילדעט זיי זיינען, געהען דאך אן אזעלכע העסליכע שטיק ביי זיי אונטער די נעזער...

— ווי אזוי האט איהר זיי אויסגעפינען?—האט סיימאן געפרעגט אן אויפגערעגטער.

—וואס ארט אייך ווי אזוי? אבי די שולדיגע האבען געקראגען זייערס.

—האט מען דען זיי ארעסטירט?

—דאס גראדע ניט.

—פאר וואס ניט—האט סיימאן געפרעגט.

—ווייל די הערען פראפעסארען ווילען ניט עס זאל קומען צו א סקאנדאל אין דער עפענטליכקייט, זיי שעמען זיך, עס וואלט געווען א

גרויסער סקאנדאל. די צייטונגען וואלטען עס באלד אויפגעכאפט.

—אזוי? האט עס זיי ניט געשמעקט?

—אוודאי, אבער זיי קענען זיך ניט העלפען. זיי האבען געמוזט אויסשליסען די אנטיסעמיטישע סטודענטען.

—דענקט איר, מר. ווערבער, אז דאס איז גענוג א שטראף פאר אזעלכע גנבים?—האט דזשאנסאן א זאג געטאן.

—טאקע ניט, אבער איך האב זיך ניט געקענט העלפען. פארגעסט ניט, אז דא שטעקט נאך א מאטיוו חוץ דאס גנב'ענען זאכען פון די מאנטלען פון די סטודענטען אין קאלעדזש. דא ליגט נאך דער מאטיוו פון אנטיסעמיטיזם. זיי האבען געפרובירט ארויפלעגען אלץ אויף דעם אידישען סטודענט סיימאן און מיט דעם מאטיוו זיינען דארט אלע זעהר פיין אנגעשטעקט, און דערפאר טאקע האבען זיי געוואלט ריין וואשען דעם רויטען, אבער עס איז זיי ניט געלונגען, איך האב אלע באוויזען געהאט ביי מיר אין האנט.

—נו, און איצט איז ער פריי, דער באנדיט?—האט סיימאן געפרעגט.

—ער איז פריי, אבער ער איז אויסגעשלאסען פון קאלעדזש.

—און ווי דענקט איר, איצט וועט מען מיך צוריק אריינגעמען אין קאלעדזש, נאך דעם, ווי איך בין ריינגעוואשען געווארען?

—קיין פראגע ניט! אבער איך וואלט אייך געראטען איר זאלט זיך טראנספערירען אין אן אנדער קאלעדזש צו ענדיגען אייער קורס. איר קענט זיך אליין פארשטעלען, אז קיין גוטע פריינד וועט איר שוין דארט ניט האבען.

—און איך זאג, אז ער זאל דורכאויס צוריק געהן דא אין קאלעדזש די שונאים אויף צולאכעס, זאלען זיי פלאצען און זעהן, אז ער איז דער גערעכטער—האט אל. געזאגט.

—נו, טוט ווי איר פארשטעהט—האט דער דעטעקטיוו געזאגט—איך האב אבער מורא, אז די הינט וועלען עס פאדערען פון העכערען אינ-סטאנץ ער זאל טראנספערירט ווערען אין אן אנדער קאלעדזש.

—נו, דאס וועלען מיר זעהן.

נאך דעם, ווי מען האט זיך בארוהיגט פון דער איבערראשונג פון די פרעהליכע נייעס האט מען נאך א ביסעל פארבראכט צוזאמען און די דזשאנסאנס האבען זיך געצייגט א ביסעל פריינדליכער צו סיימאן און מילדרעד.

—נו, איצט, מיין זון, האָסטו שוין דערצעהלט דיינע פריינד פון דיינע נייעס? גאָר פאַרגעסען, אַ?

—יאָ, טאַקע פאַרגעסען, מיר האָבען זיך אַזוי פאַררעדט מיט דער פרעהליכער איבערראַשונג, אַז איך האָב גאָר פאַרגעסען אַן זיך.

—אַ, עפּעס אַ פרעהליכע נייעס?—האָט סיימאָן געפרעגט.

—אַט וועסטו שוין הערען—האָט אַל. געזאָגט און אים געצייגט אַ בריף פון העלען ראָגען, אַ מיליאָנערסקע מיידעל, וועלכע איז געווען גוט באַקאַנט צו אַלעמען מיט איהר שעהנקייט און רייכקייט.

ווען סיימאָן האָט אויף גיך איבערגעקוקט דעם בריף האָט זיין פּנים גענומען שטראַלען און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין פריינד דזשאָנסאָן, אים צוגעדריקט צו זיך חבריש און געזאָגט:

—מיין טייערער, טייערער אַל., זאָל דיין גליק זיין אַזוי לויטער און העל ווי עס איז דיין האַרץ, דיין גרויס מענשליך האַרץ—און ער האָט אים שטאַרק געדריקט זיין האַנט.

—אויך איך ווינש אייך גליק פון טיפען האַרצען—האָט מיס מילדרעד גראַם געזאָגט, הערענדיג, אַז אַל. איז געוואָרען אַ חתן פאַר מיס העלען ראָגען—און אייך מר. און מרס. דזשאָנסאָן, ווינש איך, איר זאָלט דער־לעבען צו האָבען אַ סך נחת פון אייער גרויסען און טייערען זון אַל.

—הלוואי!—האָט די אַלטע מרס. דזשאָנסאָן האַרציג געזאָגט און האָט זיך פרום איבערגעצלמ'ט, און דערביי פאַרכמורעט איהר פּנים, דער־מאָנענדיג זיך, אַז דאָ שטעהען פאַר איהר אידען, וועלכע זיינען געגנער פון איהר פאָלק און זי האָט זיך פּלוצלונג פאַרטראַכט.

—איצט, מיינע פריינד, אַז אַלעס איז ווי געוואונשען און עס איז פרעהליך אויפן האַרצען וואלט איך געמאַכט אַ פאָרשלאָג, מיר זאָלען אַלע זיך אריינזעצען צו מיר אין אַטאָמאָביל און אריבערפאָהרען צו סיימאָנ'ס עלטערען אויפן פאַרם.

דער עולם האָט באַלד צוגעשטימט צום פאָרשלאָג און מען האָט זיך אוועקגעלאָזט אין וועג אריין.

## פינפטער קאפיטעל

דער וועג, וואס האט געפיהרט צום פארם, איז געווען א פראכט. די נאטור האט געצייגט איהר קונסט. איבעראל האט עס געאטעמט מיט פרישען לעבען. די פעלדער און וועלדער און ביימער—אלעס איז געווען פריש און גרין, אלעס איז געווען אויסגעפוצט ווי א כלה צו דער חופה אין לעבעדיגע גרינע מירטען.

דער וועג, וואס האט געפיהרט צום פארם, האט זיך געצויגען צווי־שען גרינע פעלדער און גערטנער. די פעלדער זיינען געווען באדעקט מיט פרישען אויפגעגאנגענעם קארען, ווייץ און גערשטען. אלעס האט ערשט געהאלטען אין וואקסען, וואס האט זיך געהויבען איבער די פעלדער מיט דעם גרין-זיידענעם גראז ווי א געדיכטע בארשט איידער עס לאזען זיך זעהן די זאנגען. אויף א טייל פלעצער איז געוואקסען קארטאפעל, קרויט און אנדערע גרינסען. אלעס איז געווען פריש געגען דער זון, וועלכע האט מילד געווארעמט און געגלעט. אלע מאל האט זיך דורכגעצויגען א מילד ווינטעל, פון וועלכען די נאך ניט באזאנגטע גרינע קארען האט זיך געוויגט אין א זייט און געוויזען א זילבערנעם אפשיין אנטקעגען דער זון.

צוקומענדיג נעהנטער צום פארם זיינען פון ביידע זייטען וועג געשטאנען הויכע ביימער מיט געדיכטע בלעטער, וועלכע האבען געווא־פען א טיפען טונקעלען שאטען.

אריינפאהרענדיג אין סיימאסנ׳ס עלטערנ׳ס פארם האבען זיך שוין פון דער ווייטענס געזעהן די פרוכט-ביימער, באדעקט מיט ווייסע בליטהען, ווי א זקן מיט א ווייסען קאפ האר. אז מען איז געקומען גאנץ נאהנט האט מען געקענט זעהן, אז די ביימער בליטהען מיט אלע קאלירען. זיי האבען זיך ווי שאטירט. עס איז געווען א פראכט אנ־צוקוקען עס. דער גארטען ארום דעם גרויסען הויז איז געווען איינגע־טוליעט אין פארשידענע גרינסען און בלומען.

די אנגעקומענע שטאטישע האבען זיך געקוויקט מיט דער ריינער און שמעקענדיגער לופט פון די בליטהען און בלומען. הינטערען הויז, א ביסעלע אפגערוקט, זיינען געשטאנען שטאלען, שייערען און פאר־שידענע שטעלכעלאך פאר היהנער, קאטשקעס, הינט און אנדערע.

אויך האט זיך געזעהן א שעהן ביידעלע פאר טויבען.

מען האט געקענט לייכט זעהן, אז דאס אלעס איז איינגעארדענט פון א געניטער ווירטשאפטליכער האנט. יעדע זאך אויפן פלאץ, אין ארדנונג.

ווען מרס. סיימאן האט דערזעהן וואס פאר א געסט עס זיינען אנגעקומען האט זי מיט פרייד זיך געלאזען זיי אנטקעגען. אבער מרס. דזשאנסאן האט פארכאפט און אויסגערופען:

—מיר זיינען געקומען אייך גראטולירען, ליבע פריינד, מיטן גליק, וואס אייער זון איז ריינגעוואשען געווארען פון דעם בילבול אין קאלעדזש און ער איז איצט ווידער דער ארענטליכער און פיינער סטודענט ווי פריהער.

—א, וואס פאר א גליק!—האבען מר. און מרס. סיימאן אויסגערופען און טרערען האבען זיך באוויזען אין זייערע אויגען—מיר זיינען שטענדיג געווען זיכער אין זיין אונשולד.

—אט דער איד א, ער איז עס געווען דער גוטער מלאך צו באווייזען זיין אונשולד—האט אל. דזשאנסאן געזאגט אנצייגענדיג מיטן פינגער אויף מר. ווערבער.

מר. און מרס. סיימאן זיינען צוגעגאנגען צו מר. ווערבער און אים ווארעם געדריקט זיין האנט.

און דער עולם איז געווען פרעהליך. מרס. סיימאן האט דערלאנגט גוטע זאכען צום עסען און אויך צום טרינקען. איבערהויפט האט זי זיי געהאלטען אין איין מכבד זיין מיט די פארמערשע געשמאקע שפייזען. זי האט ארויפגענומען פון קעלער קרוגען און פון זיי אראפגענומען די אויבערשטע סמעטענע, וואס איז געווען ווי א דיקע פעל. מען האט אויך געבראכט טעפלאך מיט פריש-געמאלקענע מילך, נאך מיט דער שוים, און דער עולם האט זיך געלאזט וואוילגעהן מיט דעם און מען איז געווען פרעהליך.

—עס איז א פרייד צו לעבען זומער אין פארם—האט מרס. דזשאנסאן געזאגט מיט קנאה—אזא שעהנער פלאץ, א גן עדן.

—יא, זומער איז דא אלעס שעהן, מיין טייערע מרס. דזשאנסאן—האט מרס. סיימאן געזאגט—אויך ווינטער איז דא ניט שלעכט. פארן פארמער איז ווינטער בעסער ווי זומער, ווייל ווינטער דארף מען ניט אזוי שווער ארבעטען. יא, זומער מוז מען זעהר שווער ארבעטען, אז

אַלעס זאָל אַזוי אויסקוקען. מען זאָל ניט אַזוי אַריינאַרבעטען, וואָלט אַלעס באַדעקט געווען מיט קראַפּיווע... אַ שטיין .אויף אַ שטיין וואָלט געלעגען. ווירטשאַפט פאָדערט שווערע אַרבעט און אָנשטרענגונג. אַז מען וויל זיך אַרויפאַרבעטען,. צו עפּעס זיך דערשלאָגען, מוז מען אַר־בעטען און שווער אַרבעטען. איר זעהט אָט די פאַרם? מיר האָבען עס אַמאָל געקויפט גאַנץ ביליג איז עס געווען אַ שטיק פוסט פּלאַץ, פוסט און פאַרלאָזען, נאָר אַ דאַנק אונזער אונערמידליכער אַרבעט זעהט עס אָט אַזוי אַ אויס.

—וואונדערבאַר!—האָט זיך אָנגערופען מרס. דזשאָנסאָן—אַבי מען זאָגט, אַז אידען טויגען ניט צו גאָר ניט! דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, ווי איך זעה מיט מיינע אויגען, אַז אידען זיינען גוטע ערד-אַרבעטער. ווען מען דערצעהלט עס מיר, וואָלט איך עס ניט געגלויבט...

אין די רייד איז אָנגעקומען דער אַלטער מר. סיימאָן און מרס. דזשאָנסאָן האָט אים געזאָגט, אַז דאָס רעדען זיי פון זיין פאַרם, ווי אַלץ איז אַזוי פיין און גוט איינגעאָרדענט.

—אידען, מיין טייערע מרס. דזשאָנסאָן, זיינען אויף אַ סך זאַכען פעהיג—האָט זיך אָנגערופען דר. סמיט, דערהערענדיג ווי זי וואונדערט זיך דאָ וועגען די פעהיגקייטען פון די אידען—אָט האָט אַ אידעל מיט אַ פעהיגען קאָפּ זיך אַריינגעשמוגעלט אין דער אַפּגעשלאָסענער געביי־דע, וואָס קוקט אויס ווי אַן אַלטער מאָנאַסטיר פאַר נאָנעס און פריסטער און דאָרט אָנגעאַרבעט אַזאַ׳ מין חורבן און אַזעקגעשטעלט די חכמים, די פּראָפעסאָרען, אין אַזאַ מין לאַגע און גאָר ניט... דאָס דאַרף מען קענען.

—יאָ, דאָס איז געווען אַ גרויסע שטיק אַרבעט—האָט דזשאָנסאָן מיט שטאָלץ געזאָגט און זיך געווענדט צו מר. ווערבער—אייך קומט אַ מעדאַל פאַר אייער אויפטו. איך בין זיכער, אַז ווען איר פיהרט ניט דורך אייער אַרבעט אַזוי ערפאָלגרייך, איז סיימאָן אַ פאַרפאַלענער אויף זיין גאַנצען לעבען. ער וואָלט פאַרבליבען איינגעוויקעלט אין טיטול גנב אויף אייביג. אָט דאָס זיינען עס די פאַרשטעהער פון בילדונג...

—אָ, מיין פריינד—האָט דר. סמיט געזאָגט—ווען דו נעמסט זיך אָנ־שטויסען אָן אָט דער פראַגע, וואָס רופט זיך מיטן שעהנעם נאָמען „אַנטיסעמיטיזם“, מעגסטו שטענדיג ערוואַרטען גרויסע איבעררא̈שונ־גען אין דער וועלט. וואָס מער דו וואָלסט זיך באַקענט מיטן לעבען פון פאַרשידענע פעלקער און איבערהויפּט פון אידישען פאָלק, אַלץ מער

וואלסטו זיך געפרעגט, וואס האט מען צו די אידען אזעלכעס? אבער לאמיר איצט רעדען בעסער פון פרעהליכערע זאכען, לאמיר בעסער ארויסגעהן באקוקען א ביסעל די פראכטפול שעהנע נאטור ארום דער פארם. עס איז א פארברעכען צו זיצען איצט אין הויז און פלוידערען.

—און ביי מיר הייסט עס שוין גאר ניט געפלוידערט—האט אל. דזשאנסאן מיט ערענסט געזאגט—איך מוז אייך זאגען דעם אמת, מיין טייערער פריינד, איך האב שוין טאקע לעצטענס באשלאסען צו שטודירען די געשיכטע פון אידישען פאלק, עס אינטערעסירט מיך שטארק דורכצוגעהן די וואונדערליכע געשיכטע פון אט דעם מארטירער-פאלק.

—נו, וועגען דעם וועלען מיר שוין רעדען אין שטאט, לאמיר דערווייל ארויסגעהן אויף א שפאציר—האט אים דר. סמיט א זאג געטאן און אים אנגענומען אונטערן ארעם און דער עולם האט זיך ארויסגעלאזט באקוקען די פארם.

## זעקסטער קאפיטעל

א שטיקעל צייט שפעטער זיינען ביידע פריינד, דר. סמיט און אל. דזשאנסאן, געזעסען און אינטים גערעדט צווישען זיך.

—הער אויס, מיין פריינד—האט דר. סמיט מיט גרויס ערענסט געזאגט צו דזשאנסאנ'ען—דו דארפסט זיך ניט ערגערען, ווייל ווי איך פארשטעה ביזטו ניט זעהר שטארק פארליבט אין דער מיידעל, און די ליבע איז דער גרונד-שטיין פאר א גליקליכען פאמיליע-לעבען. עס איז אמת, אירע אידעען זיינען אין גאנצען אנדערש פון דיינע, און מיר וואלט זעהר וועה געטאן, אז מיר אידען זאלען דיך פארלירען אלס א פריינד. מיר אידען האבען אזוי ווייניג פריינד צווישען די ניט-אידען פון דער וועלט. א פרוי, מיין פריינד, איז שטארקער פון אלץ, און איבערהויפט, ווען דיין ווייסען וועגען אידען איז נאך אזוי שוואך, קען דיין פריינדשאפט צו זיי פון קלענסטען ווינטעל צעשטערט ווערען...

—יא, דאקטאר, איר זענט גערעכט, איך קען ניט גענוג די אידען—האט דזשאנסאן געשאקעלט מיטן קאפ, צייגענדיג אז דער דאקטאר איז גערעכט—איך גלויב אבער, אז אויב עס זיינען דא אפילו צעהן פראצענט אזעלכע אידען ווי איר זענט, איז שוין דאס אידישע פאלק ווערט פארגעטערט צו ווערען. איך בין אין דעם זיכער.

—דאס איז ניט גענוג, מיין ליבער—האט דר. סמיט אים געענפערט—דו דארפסט זיי בעסער קענען, וועסטו זיי בעסער פארשטעהן, דו

דאַרפסט שטודירען די אידישע געשיכטע, ווי דו האָסט אַליין געזאָגט, און זעהן וויפיל די אידען האָבען אויסגעליטען אויף זייער לאַנגען מאַר־טירער־וועג, זעהן וויפיל גרויסע מענשען זיי האָבען ארויסגעבראַכט אויף דער וועלט. אָט נעם די דייטשע אידישע געשיכטע, וועסטו זעהן ווער די גרעסטע דייטשע מענער זיינען נאָך ביז צו היינטיגען טאָג. דייטשלאַנד האָט ניט פיל אידען, אַ קליינע גרופּע, און דאָך האָט די קליינע גרופּע אידען מער געשאַפען פאַר דייטשלאַנד ווי די גרעסטע נאַציאָנען פון דער וועלט—די גרעסטע ריזען, די גרעסטע קולטור־טרעגער. אָט ווערט אַלבערט איינשטיין אַנערקענט אַלס דער גרעסטער אַסטראָ־פיזיקער פון אונזער צייט, און ווער איז איינשטיין? אַ איד. איינשטיין'ס רבי איז געווען פּראָפעסאָר מיניקאָפסקי אין געטינגען, און ער איז אויך אַ איד. דער איד פּראָפעסאָר הערץ האָט ענטדעקט די מאָדערנע פיזיק. דריי דייטשע אידען, ווייגנאַרט, עהרליך און אוי־גוסט פאָן וואַסערמאַן האָבען ענטדעקט די בעמי פאַר מעדיצין. זיי האָבען געגעבען דער באַקטעריאָלאָגיע און דער פּאַטאָלאָגיע אַ נייע ווענדונג און ענטוויקלונג. צוויי אידען, איזראַעל און יאָזעף פון דער בערלינער אוניווערזיטעט, האָבען ענטדעקט די פּלאַסטישע כירורגיע. ווען איך וואָלט וועלען אויסרעכענען אַלע גרויסע ריזען און קלאַסיקער וואָס דאָס דייטשע אידענטום אַליין האָט געגעבען דער וועלט, וואָלט איך געדאַרפט שטעהן און רעדען מיט דיר אַ גאַנץ לאַנגע צייט. ווען דו וועסט האָבען דורכגעגאַנגען די אידישע געשיכטע, ווי דו ווילסט טאָן, וועסטו גאָר האָבען אין גאַנצען אַן אַנדער בליק אויף די אַלע פּראָבלעמען, וואָס פּלאָגען דיך איצט און דו זוכסט אויף זיי אַן ענטפער.

—יאָ, דערפאַר טאַקע האָב איך אָנגענומען אַזאַ באַשלוס צו נעמען זיך שטודירען די אידישע געשיכטע, און איך וויל איר זאָלט מיר באַהילפיג זיין אין דעם. איך ווייס, אַז ביי אייך אין ביבליאָטעק געפינען זיך די פּאַסיגע ביכער דערצו.

—אָ, מיטן גרעסטען פאַרגעניגען, מיין טייערער—האָט דר. סמיט זיך אָנגערופען—וואָס פאַר אַ פראַגע? און וועגען דער צווייטער זאַך מוזטו עס דערוויל לאָזען געהן ווי עס געהט, דו ווייסט דאָך, דיינע על־טערען זיינען גליקליך, וואָס דו ביזט געוואָרען אַ חתן פאַר העלען ראָגען, זאָלען זיי זיין גליקליך.

—יאָ, מיינע עלטערען זיינען גליקליך, אָבער איך ווייס דאָך דעם אמת,

אז אונזערע בליקען און וועגן זיינען אין גאנצען אנדערע... איך מיט מיין מענשען-ליבע און זי מיט איר ראסען-האס. דאס איז דאך דער גרעסטער שטיין, וואס איך האב געקענט באגעגענען אויף מיין וועג...

—יא, מיר האט עפעס געזאגט דאס הארץ, אז ניט זי איז דיין גלייכען און ניט אזא מיידעל דארף זיין דיין לעבענס-באגלייטערין, אבער איך קען זי ניט, עס קען זיין, אז זי איז א פיין קינד און דו וועסט זי לערנען צו גהן אויפן וועג פון גערעכטיגקייט און מענשען-ליבע.

אין מיטען געשפרעך האט דער דינער געמאלדען, אז סיימאן מיט זיין כלה מילדרעד זיינען דא.

—פיהר זיי אריין, זיי זיינען ווילקאמענע געסט—האט דר. סמיט מיט פרייד אויסגערופען.

—א, וואס פאר א טייערע געסט!—האט דר. סמיט אויסגערופען, ווען די צוויי זיינען אריינגעקומען, דריקענדיג זיי די הענט—וואס מאכט איר עפעס גוטס? וואו זענט איר עס געווען די גאנצע צייט?

אויך דזשאנסאן האט זיי געדריקט די הענט און זיי געפרעגט ווי עס געהט זיי.

—א דאנק, ליבע פריינד, אלצדינג געהט זיך ווי שטענדיג. עס האט אונז געפרעהט צו הערען, אז דו, אל., ביזט אזוי גליקליך מיט דיין באשערטער. מיר גראטולירען דיך און ווינשען דיר נאך א מאל „מזל טוב", און זאל דיר אנקומען אלץ, וואס דו פארדינסט זיך...

—איך דאנק אייך, מיינע טייערע פריינד, הלוואי זאלען מיר אלע זיין גליקליך און יעדער איינער זאל זיך געפינען זיין ריכטיגען וועג.

—איך האב געהערט זאגען—האט סיימאן זיך אנגערופען—אז דיין כלה וויל דו זאלסט אויפגעבען דיין שטודיום, איז עס אמת, אל?

—יא, אירע עלטערען ווילען עס, זיי זאגען, אז זיי וועלען שוין באזארגען זייער איידעם. זיי ווילצלען זיך, אז פונקט ווען א דאקטאר וויל געהן אין טעאטער מיט זיין פרוי, געהט א פרוי צו קינד...

אויף די רייד האט דער דינער געמאלדען, אז מרס. דזשאנסאן איז דא, און באלד איז זי טאקע אריינגעקומען. דערזעהענדיג די אידישע געסט האט זי זיך פארכמורעט.

—א, וואס מאכט איר? וואס מאכט דער אלטער?—האט דר. סמיט אויסגערופען און איר דערלאנגט די האנט.

—א דאנק אייך, ליבער דאקטאר, איך—אט זעהט איר דאך וואס

איך מאָך, און דער אַלטער קוואַקעט מיר אַ ביסעל אונטער, אַלע מאָל אויף אַן אַנדער זאַך.

—פאַרוואָס האָט איר עס מיר ניט געזאָגט וואָלט איך אים אונטער־זוכט און געזעהן וואָס מיט אים איז?

—ער לאָזט ניט, ער זאָגט, אַז דאָס איז די עלטער און קיין מעדיצין וועט אים ניט העלפען.

—ווען אַלע מענשען וואָלטען אַזוי זיין איינגעבילדעט, וואָלטען די דאָקטוירים געדאַרפט געהן איבער די הייזער—האָט דר. סמיט געזאָגט.

—ער זאָגט, אַז עס איז אים גאָר ניט, און איך זעה, אַז יעדען טאָג ווערט ער מאָגערער און בלאַסער.

—יאָ, דאָקטאָר, איך דענק, אַז איר וועט מוזען אים אַ נעם טאָן אונ־טער אייער אויפזיכט—האָט אַל. געזאָגט.

—לאָמיר דערוויי‌ל טרינקען טיי—האָט דר. סמיט אויסגערופען—און מיר וועלען עס אָנרופען אַ קליין היימיש יום-טוב׳ל לכבוד אונזער טייערען אַל׳ס פאַרלאָבונג.

און די געסט זיינען אריין אין צווייטען גרויסען און שעהנעם עס־צימער און מען האָט זיך פרעהליך צעזעצט אַרום טיש און מען האָט זיך געלאָזט וואוילגעהן אויף אַ היימישען און ליבען אופן.

## זיבעטער קאַפּיטעל

זינט דעם אינצידענט, מיטן אידישען סטודענט סיימאָן און זינט מען האָט אויסגעפונען די ריכטיגע גנבים, האָט זיך אין קאָלעדזש געקאָכט און געזאָטען ווי אונטער אַ וואולקאַנישען באַרג איידער עס ברעכט זיך דורך די פייערדיגע לאַווע.

די אַנטיסעמיטישע פּראָפעסאָרען און סטודענטען האָבען ניט געקענט רוהען, פאַרוואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזען... וואָס דער איך סיימאָן איז דיינגעוואַשען געוואָרען. זיי האָבען זיך שוין געשאַרפט די צייהן צו פאַרשוואַרצען דאָס פּנים פון אַלע אידישע סטודענטען און מיט זיי דאָס גאַנצע אידישע פאָלק

ווען עס איז געווען אַרויס דער קלאַנג, אַז סיימאָן איז אַ גנב, האָבען זיי מיטן גאַנצען הארצען געגלויבט, אַז דאָס איז דער ריינער אמת, און אַז אידען זיינען טאַקע פעהיג אויף דעם. זיי זיינען געווען אויפען זי־בעטען הימעל, און זיי האָבען שוין געוואַרט אויף דער מינוט, ווען אַלעם

ווערט אַרויס אין דער עפֿענטליכקייט. זיי האָבען דערמיט געוואָלט שטילען זייער צאָרען, וואָס דאָ ניט לאַנג צוריק האָבען עטליכע אידי־שע סטודענטען געוואונען די העכסטע אויסצייכנונגען אין זייער קאָ־לעדזש. און עס האָט זיך געקאָכט און געראָדערט. האָבען די אַנטיסעמי־טישע סטודענטען באַשלאָסען צו האָבען אַ לעקציע און פון דעם סאָרט וואָס זאָל אויפקלערען די העסליכע ראָל, וואָס די אידען שפּילען אין דער גאַנצער וועלט.

ווען אַל. דזשאָנסאָן האָט זיך דערוואוסט דערפון און געזעהן, אַז קיין איין אידישען סטודענט האָט מען ניט געלאָזט וויסען וועגען דעם, האָט ער זיך זעהר פאַרוואונדערט.

ביי דער לעקציע האָט ער אויסגעדריקט זיין פאַרוואונדערונג צו איינעם אַ קאָלעגע זיינעם, דאָקטאָר סינקלער, וועלכער איז געזעסען לעבען אים:

—דאָ מוז זיך עפּעס קאָכען... ווי דענקט איר, קאָלעגע?

—יאָ, איך גלויב אויך אַזוי—האָט יענער געענטפערט—איך זעה ניט קיין איינעם פון אונזערע אידישע קאָלעגען, אפילו ניט איינעם.

—איז עס רעכט אַזוי?—האָט דזשאָנסאָן שטילערהייט געזאָגט צו זיין שכן, קוקענדיג אויף אים מיט פאַרטראַכטע אויגען.

—היינטיגע צייטען, ברודער, איז זעהר שווער זיך צו רעכענען מיט רעכט און אונרעכט...

די פאַרזאַמעלטע זיינען געזעסען אַלע מיט ערענסטע פּנים׳ער און אָנגעצויגען. זיי האָבען געפיהלט, אַז די היינטיגע לעקציע איז פון גרויס באַדייטונג, דערפאַר האָבען זיי געוואַרט ביט שפּאַנונג און כסדר געקוקט צו דער פּלאַטפאָרם, וואו דער פאָרזיצער און די אַנדערע פּראָפעסאָרען לעקטאָרען זיינען געזעסען.

באַלד האָט זיך אויפגעשטעלט דער פאָרזיצער און אָנגעפאַנגען צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער, פאַרשטעלענדיג דעם ערשטען רעדנער. עס איז געוואָרען שטיל, אַלע האָבען איינגעהאַלטען דעם אָטהעם ניט צו פאַר־לירען אַ וואָרט.

דער ערשטער לעקטאָר איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר פינף און דרייסיג, אַ פּראָפעסאָר פון דער זאָאָלאָגישער אָפּטיילונג. ער איז געווען אַן איידעל מענשעל, פון מיטעלען וואוקס, מיט העל־בלאָנדע האָר און מיט גרוי־קעצישע אויגען, וועלכע האָבען אַלע מאָל געפינקעלט.

דער פּאָרזיצער האָט געזוכט צווישען פּאַפּירען און צייטונגען און האָט עס איבערגעגעבען צו לעקטאָר.

דער יונגער פּראָפעסאָר האָט זיך אויפגעשטעלט און אנגעפאַנגען:

„מיינע קאָלעגען! מיר זיינען זיך דאָ היינט צוזאַמענגעקומען זיך דורכצוזורעדען און באַראַטען זיך וועגען זעהר אַ וויכטיגען עניו.

„מיינע קאָלעגען! מיר ווייסען אַלע, אַז די צייט איז איצט ניט ווי אַמאָל. צייטען בייטען זיך. די איצטיגע צייט, קאָלעגען און פריינד, האָט געבראַכט אַ נייע עפּאָכע אין לעבען, אַן עפּאָכע, וועלכע איז פאַרשריי־בען געוואָרען מיט רויטע בוכשטאַבען אין דער געשיכטע. דיזע עפּאָכע איז געוועזן כמעט די שרעקליכסטע אין דער וועלט. די וועלט האָט גע־ברענט אין אַלע טיילען אויפן ערד־קוגעל. נאָך אַזאַ עפּאָכע מוז געוועהנ־ליך קומען עפּעס נייעס. עס קומט געוועהנליך אַן איבערקערעניש אויף אַלע געביטען און איבערהויפּט אויף דעם קולטורעלען געביט פון פעלקער.

„אין אייראָפּע, מיינע קאָלעגען און פריינד, קאָכט עס זיך מיט פאַר־שידענע פּאַסירונגען. דאָרט געהט אַן אַ גרויסע פאָרשריט אין די ביל־דונגס־אַנשטאַלטען. איר האָט געווים געלעזען אין די צייטונגען, ווי עס קאָכט און ברויזט דאָרט מיט לעבען. אונזערע ברידער אין די איי־ראָפּעאישע לענדער האָבען זיך אַרומגעקוקט, אַז אַן אונגעבעטענער עלע־מענט שטופּט זיך וואָס אַמאָל אַלץ העכער און העכער, זוכט צו פאַר־דרענגען אונז און ווילען פאַרכאַפּען אַלע פּריווילעגיעס פאַר זיך. זיי צייגען זיך אַרויס אַלס די פעהיגערע, זיי האָבען שאַרפע קעפּ, און וואו זיי קומען אריין מוזען מיר אָפּטרעטען דעם וועג פאַר זיי. און מיט זייער כיטרעקייט פאַרכאַפּען זיי אַלצדינג.

„דאָס איז דער זעלבער עלעמענט, פריינד און קאָלעגען, וואָס איז אונז באַקאַנט נאָך פון אָנהויב פון וועלט־באַשאַף. איר געדענקט די שלאַנג? אָט דאָס איז דאָס. די שלאַנג האָט אָנגערעדט חוה'ן זי זאָל עסען פון דעם היסטאָרישען עפּעל פון „עץ הדעת". די שלאַנג מיט איר גרויסען שלאַנגען־פאַרשטאַנד האָט ניט פאַרגונען, אַז אדם זאָל לעבען. די שלאַנג האָט זיך פאַרליבט אין חוה'ן און האָט געזוכט אומצוברענגען אדמ'ן און נאָכהער אָפּהיטען חוה'ן פון צו עסען דעם טויטליכען עפּעל און אַזוי אַרום איר האָבען פאַר זיך.

„דאָס, מיינע קאָלעגען און פריינד, איז אַלע מאָל געוועזן און עס איז אויך איצט מיט די שלאַנגען. די אידען זיינען ווי יענע שלאַנג.

זיי זיינען אומעטום די קלוגע און די כיטרע. זיי האבען שטענדיג געהאט גרויסע און קלוגע מענשען און מיט זיי אונז באהערשט.

„זיי זיינען א מאדנע פאלק, די אידען, זיי זיינען דיר אין אנפאנג אונטערטעניג, ווי עס איז געווען א יוסף אין עגיפטען. ער איז געווען נים מער ווי א פראסטער ארימער „דינער“. איז ער געווען אונטער-טעניג אזוי לאנג ביז וואנען ער האט מיט זיין כיטרעקייט פארכאפט די מאכט אין זיין האנט און רעגירט מיטן גאנצען לאנד.

„איך זאג אייך, פריינד און קאלעגען, אז דאס איז א מאדנע פאלק. שטענדיג געווען מאדנע און איז עס אויך היינט. אלע ווייסען, אז ווען זיי קומען נאר אין א לאנד, נעמען זיי באלד איבער די גאנצע אינדוסטריע אין זייערע הענט און זיי ווערען די פינאנסירען. דער קאפיטאל ליגט אין זייערע הענט און מיר קענען זיך נים העלפען, מיר מוזען אנקומען צו זיי. קענען מיר דען אויך דא, אין דעם פרייען און בליהענדען אמעריקע דערלאזען אזא צושטאנד? לאמיר היינטיגען אווענט הערען די מיינונגען פון די אנוועזענדע וועגען דעם ענין.“

דזשאנסאן איז די גאנצע צייט געזעסען ווי אויף הייסע קוילען. הערענדיג די אלע זידעל-ווערטער פון דעם פראפעסאר וועגען די אי-דען. אויך די אנדערע סטודענטען, וואס זיינען מער אדער ווייניג געווען טאלעראנט געשטימט, האט עס פארדראסען, פארדראסען צו הערען אזא דרשה וועגען א פאלק, מיט וועלכען מען לעבט גאנץ פריד-ליך. אבער די אנטיסעמיטישע פראפעסארען און סטודענטען זיינען געווען באגייסטערט און שיעור נים געשפרונגען פון די ערטער פאר פרייד, פון דער גרויסער תורה פון ראסן-האס.

דער פארזיצער האט זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופען:

—פראפעסאר שלאנסקי, פון דער פוילישער קולטור-ליג, האט איצט דאס ווארט.

אלע האבען זיך א ציה געטאן צו הערען דעם פוילישען געלעהרנטען און האבען זעהר פיל ערווארטעט פון איהם. אבער אזוי גיך, ווי דער דאזי-גער פראפעסאר האט זיך אויפגעשטעלט האט מען באלד געקענט זעהן אז היינט גוטע ווערטער וועגען אידען וועט ער שוין נים זאגען.

„מיינע ווערטהע קאלעגען—האט ער אנגעהויבען—דאס, וואס דער פריהערדיגער רעדנער האט גערעדט איז שוין אן אלטע געשיכטע, זעהר אן אלטע געשיכטע. יא, ליידער האבען מיר זיך געלאזט פיהרען

פון א פאלק, וואס זיינע קינדער זיינען אונזערע געגנער. די צייט, מיינע פריינד, איז אבער פאראיבער. איצט איז עס שוין אריבער אלע גרענעצען און מיר קענען עס ניט דערלאזען עס זאל אזוי ווייטער אנגעהן. מיר, דא אין אמעריקע, מיר, די מיטגלידער פון דער פוילישער קולטור־ליגע, מוזען טאן דאס זעלבע, וואס אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים טוען —איר האט געוויס געלייענט, וואס מען טוט מיט די אידען אין פוילען, רומעניע, א. א. וו. די אידען האבען די העזה זיך צו שטופען אומעטום און אז מען שטעלט זיך אנטקעגען מאכען זיי סקאנדאלען. מיר, דא אין אמעריקע, דארפען ניטווארטען ביז וואנען עס וועט קומען צו אזא שטופע, מיר דארפען זיי באצייטענס אנהויבען ווייזען ווער איז ווער. די ערשטע זאך, וואס מיר דארפען טאן, איז צומאכען אונזערע קול־טור א ינסטיטוציעס פאר זיי, דאס מוז זיין אונזער הייליגע אויפגאבע. יא, דאס מוז זיין אונזער ערשטע אויפגאבע און מיר'ן עס דורכפיהרען מיט דער גאנצער ענערגיע אונזערער".

—הער פארזיצער, איך בעט דאס ווארט—האט זיך פלוצלונג אויפ־געהויבען איינער פון די פראפעסארען, וואס זיינען דארט געווען אנ־וועזענד—איך וויל ענטפערען אונזער קאלעגע פראפעסאר שלאנסקי עטליכע ווערטער.

—הער פארזיצער, איך האב געענדיגט—האט פראפעסאר שלאנסקי באמערקט—איך האב געענדיגט.

—אויב אזוי האט איר דאס ווארט—האט דער פארזיצער געזאגט צו דעם פראפעסאר, וואס האט געבעטען דאס ווארט.

„מיינע פריינד, איך וויל בעטען אנטשולדיגונג פון מיינע קאלעגען וואס האבען גערעדט פאר מיר. עס ווייזט אויס, אז זיי פארגעסען, אז מיר לעבען אין אמעריקע, אין א פריי לאנד, וואו יעדער איינער האט גלייכע רעכט. יעדער האט א רעכט צו לעבען ווי ער וויל. פאר יעדען איינעם זיינען גלייך אפען די טירען פון קולטור, די טירען פון בילדונג און אויפקלערונג, און זיי וועלען בלייבען אפען, יא, זיי וועלען בלייבען אפען! אין אמעריקע איז ניטא קיין פלאץ פאר ראסען־האס! נאר דער־פאר, וואס מיר דא זיינען שטענדיג געווען טאלעראנט צו אלעמען, זיינען מיר אזוי גרויס און מעכטיג אויסגעוואקסען, און דערפאר האט אמערי־קע ניט צו זיך קיין גלייכען אין דער גאנצער וועלט. און ווייסט איר נאך פארוואס, מיינע קאלעגען? דאס איז דערפאר, ווייל מיר לעבען אין

פרידען אלע צווישען זיך, אלע בירגער. מיר זיינען אלע בירגער פון איין לאנד, אונטער איין פאהן—אמעריקאנער פאהן, אמעריקאנער בירגער!"

עס האט אויסגעבראכען א הילכיגער אפלאז.

„מיינע קאלעגען—האט ער ווייטער גערעדט—איך קען זיך ניט צוריקהאלטען, איך האב געוואלט בלויז זאגען א פאר ווערטער אונזערע קאלעגען די פריהערדיגע רעדנער, אבער איך מוז עס זאגען, און טאקע שוין דא. מיר אלע ווייסען, אז די אידען האבען א גרויסען חלק אין דעם גרויסען אויפבוי פון אמעריקאנער לעבען. עס איז אמת, וואס דער פריהערדיגער רעדנער האט געזאגט, אז די אידען זיינען פינאנסירען. יא, עס איז אמת, ווייל זיי זיינען פעהיגע געשעפט-לייט. צו וואס פאר א געשעפט זיי נעמען זיך, מאכען זיי דערפון אן ערפאלג. יעדעס לאנד, וואס האט אויסגעשטרעקט א פריינדליכע האנט צו די אידען, איז גע-וואקסען און געבליהט, און פארקערט, יעדעס לאנד, וואס האט פאר-פאלגט די אידען, איז ארונטער און ארונטער. דערמאנט זיך, וואס שפא-ניע האט געטאן צו די אידען, און וואס פאר א פנים זי האט געקראגען פון דאן אן. זייט פארזיכטיג, קאלעגען, גיט אכטונג אויף וואס פאר א וועג איר ווילט זיך אוועקלאזען. איך דאנק אייך".

—הער פארזיצער, איך האב עפעס צוצוגעבען צו דעם, וואס איך האב פריהער געזאגט—האט דער פוילישער פראפעסאר געזאגט.

—זאל ער רעדען—האבען די אנטיסעמיטישע סטודענטען גערופען.

דער פארזיצער האט אים געגעבען דאס ווארט.

„מיינע קאלעגען און פריינד—האט ער אנגעהויבען—איך קום פון א לאנד, וואו מיר, די פאליאקען און די אידען, זיינען שטארק צוזא-מענגעבונדען אויף יעדען געביט, און איך קען זיי בעסער פון אייך אלעמען. איר, אמעריקאנער, איר האט ניט געהאט די געלעגענהייט זיי צו שטודירען און זיי צו קענען. איך קען זיי און ווייס וואס פאר א קאמף עס געהט אן ביי אונז אין פוילען צווישען די אידען און אנדערע פעלקער. די אידען זיינען געווארען אזוי חוצפה'דיג, אז וואו מען גיט זיך א קער זיינען זיי דא: אין דער רעגירונג, אין פארלאמענט, אין די גע-ריכטען און אין די גרעסטע געשעפטען. איבעראל רייסען זיי ארויס פון אונז אלץ, וואס באלאנגט ניט צו זיי. אלע פאסטענס, דעם האנדעל, די פאבריקען—אויף אלע לעגען זיי ארויף זייער האנט. עס איז שוין ניט אויסצוהאלטען. דערפאר, מיינע פריינד, ווארען איך אונזערע ברידער

אין אמעריקע זיי זאלען שפעטער ניט דארפען ליידען פון די אידען, ווי עס ליידט איצט יענע לאנד".

—הער פארזיצער, ערלויבט מיר דאס ווארט—האט דר. סמיט גע־בעטען, זייענדיג איינער פון די לעקטארען דארט איבער מעדיצין, און באליבט און געאכטעט ביי אלעמען. קיינער האט ניט געוואוסט, אז ער איז א איד. אלע האבען אים געהאלטען פאר א דייטשען געלערנטען דאקטאר. עס האט אים קיינמאל ניט געקימערט פון וואס פאר א נאַ־ציאן ער שטאמט, ער האט זיך געפיהלט אלס אן אמעריקאנער. פילע יאהרען האט ער אליין געהאט פארגעסען, אז ער איז א איד און אז ער שטאמט פון אזא חשוב'ער אידישער פאמיליע, ווייל ער איז נאך גאר יונג געווען ווען ער איז געקומען אין אמעריקע. ער האט דא אין אמע־ריקע געלעגט זיין ווינקעל־שטיין פון זיין לעבען.

ווען דר. סמיט האט געקראגען דאס ווארט האט ער זיך רוהיג אויפגעהויבען פון זיין פלאץ, צוגעגאנגען צו דער פלאטפארם און אנגעהויבען:

„מיינע ווערטהע קאלעגען און פריינד, איך האב דא געהערט פון אונזערע קאלעגען פראפעסארען פארשידענע באשולדיגונגען אויף א פאלק, וואס פארדינט עס זיכער ניט. צו אזעלכע באשולדיגונגען, מיינע פריינד, מוז מען ברענגען באווייזע. דאס, וואס אונזערע קאלעגען האבען דא אנדערצעהלט זיינען בלויז אויבערפלעכליכע געשיכטען, דערצעהלט פון איינצעלנע פערזאנען, וועלכע מען קאן אננעמען, אז מען וויל, פאר אויסדרוק פון אייפערזוכט צו די יעניגע, וואס צייגען זיך ארוים מער פעהיג. עס איז פונקט ווי מען טאר ניט ארויסצייגען מער ליבע צו איין קינד ווי צו אן אנדערען. שוין אין דער ביבעל האבען מיר געלייענט אזא פאסירונג מיט יעקב'ס קינדער, ווי זיי זיינען געווען אייפערזיכטיג אויף יוסף'ן, ווייל דער פאטער האט אים ליבער געהאט פון די אנדערע קינדער. מיינע פריינד, אייביג איז מיר געשטאנען די טראגעדיע, וואס האט זיך אפגעשפילט אין הויז פון אלטען יעקב דורך דעם דאזיגען אייפערזיכטיגען טהאט פון די ברידער.

קאלעגען און פריינד, מיר זיינען אמעריקאנער בירגער און היטען אלע דעם זעלבען געזעץ. עס איז א שאנדע צו אונטערשיידען פון איין מענש צום צווייטען און פון איין נאציאן צו דער צווייטער.. מיינע קאלעגען, איך בין שוין איין און זיבעציג יאהר, איך בין שוין פופציג

יאָהר אין אַמעריקע, און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט אונטערשיידעט פון איין שכן מיינעם צו אַ צווייטען. איך האָב נאָך אויך קיינמאָל ניט געפיהלט, אַז איך בין עפּעס אַנדערש ווי וועלכער עס איז אַנדערער אַמעריקאַנער. היינט, מיינע פריינד, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איך בין אַ אידן יאָ, מיינע קאָלעגען, היינט ערשט! איך זעה, אַז איר וואונדערט זיך—איך שעם זיך ניט! איך בין שטאָלץ דאַרויף, אַז איך קום ארויס פון דעם מאַרטירער-פאָלק פון די אידען!"

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט דר. סמיט געענדיגט זיין רעדע.

עס איז געוואָרען אַ שטיל שושקען זיך, אַ שטיל מורמלען צווישען די רייהען. אַלע בליקען זיינען געווען געצילט צום אַלטען גרויען דאָקטאָר סמיט—ער איז אַ איד, דער ליבער געאַכטעטער דאָקטאָר. פאַר די אַנטיסעמיטען איז דאָס געווען אַ נייער קלאַפּ. מאַנכע האָבען זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס זיי האָבען ניט געגלויבט, אַז ער איז באמת אַ איד. זיי האָבען געגלויבט, אַז ער זאָגט עס בלויז אַזוי, ווייל ער איז אַ ליבעראַלער מענש און ער וויל פאַרטהיידיגען די אידען. אַנדערע ווידער האָבען סתם ניט געקענט באַגרייפען וואָס ער האָט געמיינט. אָבער באַלד האָט זיך דאָס הודזשען און שומען איינגעשטילט דורך אַ האַמערקלאַפּ פון פאָרזיצער, וועלכער האָט ארויסגערופען אַלעקסאַנדער דזשאַנסאָנ'ען צום וואָרט,' נאָך דעם ווי יענער האָט צוגעשיקט אַ צעטעלע צום פאָרזיצער וועגען דעם. דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ גרויסער טומעל. אַלע דאָ האָבען געקענט דזשאָנסאָנ'ען און געוואוסט, אַז ער וועט דאָ געווים באַלד ארויסטרעטען מיט אַ פייערדיגער רעדע צו פאַרטהיידיגען די אידען. אַ טייל האָבען זיך געוואָלט אויפשטעלען און שטערען דעם נייעם רעדנער, אָבער דער פאָרזיצער האָט עטליכע מאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער און עס איז שטיל געוואָרען.

דזשאָנסאָן איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרם און זיך אַוועקגעשטעלט. ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט ניט געקענט אָנהויבען רעדען. ער איז געשטאַנען עטליכע סעקונדען אַזוי, אָבער פון זיינע אויגען האָט עס געשאָסען מיט פייער. מען האָט בולט געזעהן, ווי ער ברענט אין גאַנצען פאַר אויפרעגונג. ער האָט זיך אָבער באַמיהט צו קאָנטראָלירען זיך. ער איז געשטאַנען הויך, שטאָלץ ווי אַ צעדערבוים. דר. סמיט האָט צו אים ארויפגעקוקט מיט אַ ליבען שמייכעל און פאַרגעטערונג, וואָס האָט אים צוגעגעבען מוט און קוראַזש.

או דזשאַנסאָן האָט אָנגעהויבען:

„מיינע ווערטהע פּראָפעסאָרען און קאָלעגען, פריהער פון אַלץ וויל איך אייך זאָגען, אַז איך בין פולשטענדיג מסכים מיט מיין חשוב'ען פריינד דר. סמיט. אין די בילדונגס-אַנשטאַלטען, וואו מיר האָבען געשעפּט אונזער וויסען, האָבען מיר געלערענט, אַז אַלץ וואָס די נאַטור שענקט אונז זאָלען מיר אויסנוצען און צו דער זעלבער צייט פאַרעהרען. אויב דאָס איז אמת, וואָס דער פּראָפעסאָר פון דער פּוילישער קולטור-ליג האָט געזאָגט, אַז די אידען זיינען פעהיג און זיינען בכוח צו קאָנטראָלירען גרויסע אונטערנעמונגען, צייגט עס דאָך, אַז די נאַטור האָט זיי באַגאַבט דערמיט, פאַרדינען זיי דאָך ניט, אַז מיר זאָלען וואַרפען שמוץ אויף זיי. איך מיין, אַז די שאַרפע אויסדרוקען, וואָס מיר האָבען דאָ היינט געהערט געגען די אידען, זיינען פּראָסטע פאַרלוימדונגען, ווייל איך אַליין קען אידען, מיט וועלכע מען מעג שטאָלץ זיין צו פאַרקערען.

„איך דענק, פריינד, אַז אין אַן אַמעריקאַנער קאָלעדזש טאָר אַזעלכעס ניט ערלויבט ווערען. איך פּראָטעסטיר געגען אַזאַ גיפט-פאַרשפּרייטונג און סם-גיסעריי דאָ, אין די ווענט פון אונזער הייליגער בילדונגס-אינסטיטוציע. איך פּראָטעסטיר העפטיג געגען אַזאַ מין וואַרפען שמוץ אויף אַ גאַנץ פאָלק!"

—לאָזט אים ניט רעדען! אַרונטער פון דער פּלאַטפאָרם!—האָבען זיך געהערט אויסרופען—אַרונטער! ער איז דער פריינד פון גנב סיימאָן!

—אַ ליגען!—האָט דזשאַנסאָן אויסגעשריען—דאָס איז אַ געמיינער ליגען! אונזער קאָלעגע סיימאָן איז ניט קיין גנב! עס איז באַוויזען געוואָרען, אַז ער איז ניט דער גנב!

—אַרונטער פון פּלאַטפאָרם!—האָבען די אַנטיסעמיטען געשריען און געליאַרעמט, ווערענד דער פאַרזיצער האָט געהאַלטען אין איין קלאַפּען מיטן האַמער איינצושטילען דעם עולם.

## אכטער קאַפּיטעל

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אַל. דזשאַנסאָן געשטאַנען פאַר אַ פּאָר פּראָפעסאָרען און געבעטען די ערלויבניש צו שטודירען דאָס אידישע פאָלק. ער האָט ניט געקענט פאַרגעסען, ווי אַזוי עס איז געוואָרפען געוואָרען אַזוי פיל שמוץ און זידלעריי אויף די אידען יענעם אָוונט.

—איך בין באוועגט געווארען דאס צו טאן, הערען פראפעסארען, דורך דער שרעקליכער אטאקע אויף די אידען פון אונזער קאלעגע אויף דער פלאטפארם פון אונזער קאלעדזש—האט דזשאנסאן גערעדט צו זיינע לעהרער.

—דאס, וואס פראפעסאר קרעדיל האט זיך ערלויבט צו האלטען אזא פארטראג, וועט ער מוזען ענטפערען אויף דעם, אבער וואס האט איר זיך צעהיצט, יונגערמאן? איר האט דאך שיעור ניט געבראכט צו א סקאנדאל. איר האט פארדינט טראנספערירט צו ווערען פון קאלעדזש.

—גוט, הער פראפעסאר, אויב איך האב עס פארדינט, וועל איך עס אנ־נעמען, איך האב אבער ניט געקענט שטעהן רוהיג און הערען ווי א פאלק ווערט בלאמירט—האט דזשאנסאן געזאגט.

—עס קען זיין, אבער דו האסט עס ניט געדארפט טאן, איבערהויפט זייענדיג דאך די אידען ניט אייערע ברידער, און איר זענט דאך גאר ניט איבערצייגט, אז דאס, וואס דער פראפעסאר האט געזאגט, איז ניט אמת.

—איין זאך איז זיכער, פראפעסאר שלאנסקי האט זיך באמיהט אריינצוברענגען ראסען־האס אין אונזער אנשטאלט. זיינע ברידער די פאליאקען רייסען זיך ארום מיט אלע פעלקער, און ער וויל דאס זעל־בע אריינברענגען דא, ביי אונז.

—ווי קענט איר עס אזוי באשטימט זאגען? איר זענט דאך נאך א יונגערמאן און איר האט נאך די וועלט מיט אירע מענשען זעהר ווייניג געזעהן און געלערענט.

—אבער די אידען, וואס איך קען, זיינען די עהרליכסטע און פיינ־סטע מענשען צווישען מיינע פריינד—האט דזשאנסאן ערענסט געזאגט.

—זעהר שעהן, אבער עטליכע מענשען זיינען נאך ניט די וועלט! אום צו קענען ריכטיג אורטיילען דארף מען שטודירען די פעלקער און זייער ארט לעבען, מען מוז אפפער ברענגען, ווייל עס קומט ניט אי אזוי לייכט.

—און איך האב באשלאסען דאס צו טיי—האט דזשאנסאן ענטשלאסען געזאגט—און וועגען ברענגען אפפער בין גאנץ נערען דאס צו טאן. עס איז איצט מיין גרעסטע אמביציע צו שטודירען דאס לעבען פון די אידען, איינזעהן, צו זיינען זיי טאקע בארעכטיגט צו אט די פארלוימדונגען, וואס קומען אויף זיי אפילו פון די מיילער פון הויכע קולטור־טרעגער און בילדונגס־פארשטעהער.

נאָך אַ לענגערען שמועס מיט די פּראָפעסאָרען האָט דזשאָנסאָן געקראָגען די ערלויבניש אָוועקצופאָהרען אויף אַ שטיקעל צייט אויף דער מיסיע, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען. אין דער היים האָט ער ניט פיל גערעדט וועגען דעם. ער איז נאָר געזעסען און געגריבעלט זיך אין געשיכטע-ביכער איבער אַלע סעמיטישע פעלקער און הויפּזעכליך איבער דאָס אידישע פאָלק. דר. סמיט האָט אים אַרויסגעהאָלפען אין דעם, האָט אים פאַרשאַפען אַלע נייסטע ביכער, אין וועלכע ער האָט זיך גענויטיגט. דזשאָנסאָן האָט געפונען וואונדערבאַרע גרויסע מענשען אין אידישען פאָלק, וועלכע האָבען אים פאַרוואונדערט מיט זייער אויסגעהאַלטענקייט און מוטהיגקייט. ער האָט זעהר אָפט געטראַכט, אַז אַנשטאָט זיי צו פאַרפאָלגען האָט מען זיי געדאַרפט פאַרעהרען און שעצען. ווי מערקווירדיג! ווי מירקווירדיג!

וואָס מעהר דזשאָנסאָן האָט זיך געגריבעלט אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק דאָס קלאָרער איז פאַר איהם ערשינען דאָס קריסטענטום וועלכעס ער האָט ביז דעמאָלט נאָר געקאַנט ווי דורך אַ טומאַן. ער יעזוס איז פאַר איהם צום ערשטען מאָל ערשינען אַלס אַ איד, און זיינע אַפּאָסטלען אויך. דאָס נייע טעסטאַמענט איז אַ שאַפונג אידען, דאָס גאַנצע קריסטענטום איז געבויט אויף דעם פונדאַמענט פון דעם אַלטען טעסטאַמענט. די אַריער זיינען דאַך געווען באַרבאַרן ווען דאָס אידישע פאָלק איז שוין געווען ציוויליזירט. אַז אַלעס גוט וואָס געפינט זיך צווישען די קריסטליכע פעלקער איז געקומען צו זיי פון די אידען. אַז דיזעלבע ליידען וואָס יעזוס האָט געליטען פאַר די זינד פון די באַרבאַרען ליידעט נאָך היינט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק פאַר די זינד פון די היינטיגע באַרבאַרען. דאָ, צווישען אָט דידאָזיגע ביכער איז פאַר איהם אויפגעשטאַנען אַ מאָרגען-זון מיט אַ דערקוויקעניש ווי נאָך אַ שלעכטען חלום. יעדעס מאָל וואָס ער האָט אָוועקגעלעגט אַן אַנדער בוך איז איהם נאָך שאַרפער אויפגעטרעטען די פראַגע:— ווי קומט עס אַז די קריסטליכע וועלט וואָס קניעט פאַר אַ אידיש קינד, וואָס קוסט אַ אידישע תורה זאָל האסען די אידישע פאָלק. איז עס וואָס די קריסטליכע וועלט האָט נאָך נישט דערגרייכט די שטופע פון ציוויליזאַציע וואָס לערנט צו זיין דאַנקבאַר פאַר גוטען? איז עס וואָס מען רופט "היפּאָקריטסטוואָ"? נאָכמעהר, ווי קומט עס אַז אַ פאָלק זאָל אויף זיך פרייוויליג נעהמען אַזאַ שווערען עול, ליידען אַזויפיל צרות צו ציוויליר־

זירען אזא גרויסע בארבארישע וועלט? פאר אזויפילע יאהרען? ליגט אפשר צווישען דיזע פראגען דאס גרויסע וועלט געהיימנים וואס די פילאזאפישע וועלט זוכט אויסצוגעפינען? גוט, איך וועל אנגעהן ווייטער מיט דיזען שטודיום, עס איז פשוט א בעגייסטערענדער קוואל פאר א יונגען מענשען אין זיין לעבענס אויפגאבע, אן ענליכער קוואן צו דער־קוויקען דעם וואנדערער אויף זיינע לעבענס ציעלען!

און דזשאנסאן האט באשלאסען, אז דער בעסטער פלאץ פאר דעם וועט זיין ניו יארק, אין דער גרויסער רוישיגער ניו יארק, וואו עס געפינט זיך א גרויסער אידישער קיבוץ און אידען קענען מער אדער ווייניג לעבען זייער אייגענעם לעבען.

## נײנטער קאפּיטעל

אויף דער איסט־סייד, אויף דער גערוכט באוואוינטער, ביי די אונטערשטע סטריטען, איז ארום אכט אזייגער אין דער פרי אן אומבאקאנטער יונגערמאן פאוואליע געגאנגען און זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען, אלעמאל האט ער זיך אפגעשטעלט ביי די סטארס און באטראכט, און דערביי איז ער אלעמאל געשטויסען געווארען פון דער ענגשאפט פון די איילענדיגע דורכגעהער, וועלכע האבען זיך געאיילט יעדער צו זיין באשעפטיגונג, צו דער ארבעט, צו די ביזנעס. קיינער האט ניט געשיינקט קיין אויפמערקזאמקייט און ניט געאכט, וואס איינער געהט זיך דא ארום ווי אין א שפּאציר־גארטען. מען האט ניט באמערקט, אז דער יונגערמאן איז דא א פרעמדער, א פארבלאנדזשעטער, ווי פון אן אנדער וועלט. ער האט אויסגעזעהן גאנץ אנדערש ווי די היגע יונגעלייט. ער איז זיך געגאנ־גען א רוהיגער, א געלאסענער, ווערענד אלע האבען זיך געאיילט, געיאגט צו כאפּען א קאר. אנדערע האבען געכאפּט אין איילעניש א טעקסי און שנעל אוועקגעפלויגען צו זיין באשעפטיגונג, פארנע־מען זיין פלאץ אין די ביזנעס — יעדער אין קאמף פארן לעבען. יעדער יאגט זיך, פלאגט זיך, ווי די וועלט וואלט פאר זיי געווען אן אייביגקייט...

דער יונגערמאן, געהענדיג, האט באוואונדערט דאס שמייען פון די מענשען. מענשען פון פארשידענעם עלטער, פון פארשידענע נאציאנען, פון פארשידענע קלאסען, פרויען, מיידלאך, כמעט קינ־

דער, אַלע לויפען פאר זיך אַ לעבען צו מאַכען, אַלע קוקען גלייך אוים, אַלע זיינען פאראייניגט אין איין קאַמף.

דער יונגערמאַן איז געבליבען שטעהן לעבען אַ סטאָר און האָט באַוואונדערט די סחורה, וועלכע איז געווען אויסגעלעגט און אויס־געהאַנגען אין דעם גרויסען, שמוציגען פענסטער. די סחורה איז צו דעם יונגענמאַן געווען גאַנץ פרעמד, עס זיינען געהאַנגען פאַר־שידענע קלייניגקייטען, וואס האָבען אים ניט אינטערעסירט. נאַר איין זאַך איז אים שטאַרק געפעלען געוואָרען — דאָס איז געווען צעש־שפרייט איבער אַ האַלבען פענסטער — אַ רויטע שטיק סאַמעט באַנייט מיט גאָלדענע בוכשטאַבען און בלומען געשטיקט פון פאַר־שידענע פאַרבען און אַרום מיט גאָלדענע פראַנזען. דער יונגער־מאַן האָט די שטיק רויטע סאַמעט באַוואונדערט, ווי שעהן דאָס קוקט אוים, ווי עס בלישטשעט געגען דער יונגער מאָרגען־זון. אָבער וואָס זאָל דאָס זיין? קיין בעט־דעק קען עס ניט זיין—עס איז צו קליין, און קיין טישטוך אויך ניט, מיט אַזעלכע דיקע גאָלדענע בוכשטאַבען — האָט ער געקלערט — דאָס מוז זיין עפּעס אַ וויכטיגע זאַך — האָט ער ווייטער געקלערט און איז נייגעריג געוואָרען געוואָר צו ווערען וואָס דאָס איז. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט און איז אַריין אין דער סטאָרקע.

די סטאָרקע איז געווען אַ שמאָלע און אַ לאַנגע, אַ לאַנגער שמאָלער טיש איז געשטאַנען דורך דער גאַנצער לייגנ פון דער סטאָר, עס איז געווען נאָר אַ שמאָלער דורכגאַנג פוןביידע זייטען ביים לאַנגען טיש, פון איין זייט פאַר די קונים און פון דער צווייטער זייט פאַר דעם געשעפטסמאַן. אויפן טיש זיינען געווען אַנגעוואָרפען אָן אַ אָרדנונג פאַרשידענע קלייניגקייטען, סידורים'לאַך, תפילין און אַנדערע זאַכען. אויף דער וואַנט און אויף די פּאָליצעס איז געווען אָן אַ סדר אַנגעלייגט פאַרשידענע זאַכען, ווי ציצית טליתים און פאַרשידענע ספרים, וואָס דער יונגערמאַן האָט געמיינט, אַז דאָס זיינען ביכער. ער האָט געטראָפען שטעהן ביים קאַנטער אַ מאַן פון די מיטעלע יאָרען, גאַנץ אידיש געקליידט, מיט אַ שעהנער, רונדער, טונקעל־בלאָנדער באָרד; אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ רונדען הוט ווי אַ פּריסט. דער יונגערמאַן האָט זיך געמערקט, אַז דאָס איז אַ איד, אַ פרומער, און אפשר טאַקע אַ אידישער פאַרשטע־

הער. דער איד האט אויף אים געמאכט א גוטען איינדרוק.

ער איז פריינדליך באגריסט געווארען און דער איד האט אים געפרעגט וואס ער פארלאנגט.

דער יונגערמאן האט געזוכט אויפן טיש מיט די אויגען עפעס א זאך וואס צו קויפען, עס זאל ניט הייסען, אז ער איז גלאט אזוי אריינגעפאלען; ער האט געעפענט איינעם פון די סידורים און געזעהן, אז דאס איז אים פרעמד; האט ער פארשטאנען, אז דאס איז די אידישע שפראך; עס האט אים פארדראסען פארוואס אזא יונגערמאן ווי ער, א געענדיגטער פון א קאלעדזש, זאל ניט קענען לייענען דאס ביכעל. א מאן וואס שטודירט דארף קענען פארשידענע שפראכען—האט ער געטראכט.

—איר האט עפעס פארלאנגט, מר.?—האט דער איד אים געפרעגט.

—יא—האט דער יונגערמאן זיך דערפרייט, וואס ער האט זיך דערמאנט—האט איר א נאטיץ-בוך?

—ליידער ניין, איך האלט נאר אידישע ספרים, ביכלאך און אנדערע אידישע זאכען.

—וויפיל דארף קאסטען דאס רויטע געשטיקטע סאמעט מיט די גאלדענע בוכשטאבען?—האט דער יונגערמאן געפרעגט.

דער מאן האט אים פארשענד אנגעקוקט, ווי זיך וואונדערענדיג, וואס אזא יונגערמאן פרעגט דעם פרייז פון דעם ארטיקעל, און ער האט זיך ניט געקענט צוריקהאלטען און געפרעגט:

—איר מוזט אוודאי דאס וועלען געבען אימעצען פאר א פרעזענט?

—ניין—האט דער יונגערמאן געענטפערט, ניט פארשטעהענדיג וואס יענער מיינט—איך וויל עס מאכען א פרעזענט צו מיינעם א פריינט.

—א, אזא פריינט האט איר? וואס איז דארט ביי אייער פריינט א שוהל? אדער וועט עס אייער פריינד געבען אין א שוהל אריין?—האט דער איד געפרעגט נייגעריג—דאס איז א טייערע זאך, די בעסטע ארבעט, מען מעג דערמיט באציהרען די גרעסטע שוהל—האט עס דער איד געלויבט.

—קען מען דאס ניט באנוצען נאר פאר א שוהל?—האט דער יונ־

נערמאַן געפרעגט.

—אַ, מען מעג עס באַנוצען אין אַ פּריוואַטען הויז אויך, וואו מען מאַכט אַ מנין און מען האָט אַ ארון קודש, דאָס איז גוט צו יעדען ארון קודש—האָט דער סוחר געזאָגט און האָט צעלייגט די שטיק רויטע געשטיקטע סאַמעט אויפן לאַנגען טיש. דער יונגערמאַן האָט עס באַטראַכט און נאָך אַלץ ניט געוואוסט צו וואָס מען באַנוצט עס, פונדעסטוועגען האָט ער שוין ניט געקענט אַוועקגעהן, מאַכען יענעם אַרבעטען, אַרויסשלעפּען פון פענסטער, און ער האָט געפרעגט דעם פּרייז און ניט דינגענדיג זיך האָט ער באַצאָלט וויפיל יענער האָט געזאָגט, זיך געהייסען איינפּאַקען און איז אַוועקגעגאַנגען. אַרויסגעהענדיג פון סטאָר האָט ער באַקוקט די שילד, ער האָט איבערגעלייענט: מ. גאָלד.

גייענדיג פון סטאָר מיטן פּעקעל אונטערן אָרעם האָט ער זיך אַליין צעלאַכט: געקויפט אַ זאַך, גוט באַצאָהלט און ווייסט אפילו ניט וואָס דאָס איז. אז דאָס איז אַ הייליגע זאַך, האָט ער פאַר־שטאַנען אין דעם, ווייל דער סוחר האָט גערעדט פון אַ שול. דער איד האָט אים איינגעלאַדען ער זאָל ווידער צו אים קומען, אַז ער וועט עפּעס דאַרפען, ער וועט אים גוט באַהאַנדלען.

ניט קיין נאַרישער איד, פאַרשטעהט ביזנעס, זעהט אויס ניט קיין פּראָסטער מענש, כאָטש ער טראָגט אַ באָרד. און דער יונגערמאַן האָט באַשלאָסען ווידער צו קומען זיך מער באַקענען מיט דעם אידען, ער מוז אויסגעפינען עפּעס פון זיין לעבען און האַנדלען. אָבער די שטיק סאַמעט מוז ער גלייך אַוועקשיקען צו זיין פריינט, ער וועט זיך מיט דעם פרעהען.

דאָ האָבען זיך די קינדערלאַך אַרויסגעלאָזט פון הייזער צו די סקולס, זיי זיינען געלאָפען, זיך געאיילט, געשטופּט, געפּלאָנטערט צווישען די דערוואַקסענע מענשען און געמאַכט אונבאַקוועם די איילענדע אַרבעטער.

דער יוננערמאַן האָט באַטראַכט דאָס אָרימע אַרבעטער לעבען, דאָס אָרימע פאָלק, עס האָט אים געריהרט, דאָס האַרץ וועה געטאָן, זיי באַדויערט, זעהענדיג ווי אַ טייל טראָגען פּעקעלאַך אונטערן אָרעם מיט זייער טרוקענעם מיטאָג.

דער עולם האָט זיך געצויגען אויף די שמאָלע טראָטואַרען

ווי א געדיכטער קאלאמוטנער שטראם. די קליינע סטארקעס זיינען געשטאנען אפען, און די באלעבאטים אין די סטארס האבען זיך געפארקעט צו ברענגען אלץ אין ארדנונג, ארויסצושטעלען פאר די טירען, פאר די פענסטער זייערע ווארע, צו צייגען וואס מען קען ביי זיי קריגען.

ביי די הייזער זיינען נאך געשטאנען די פולע פעסעלאך מיט שמוץ, אויף וועלכע די דארע ארויסגעקראכענע קעץ האבען געזוכט זייער נארונג. דער יונגערמאן האט אריינגעקוקט, ניט ווילענדיג, דורך די אפענע טירען און פענסטער, וועלכע זיינען אנגעשטעלט מיט פארשידענע סארטען סחורה, וואס מען האט קוים געקענט דער־קענען דורך די דיק־פארשטויבטע שויבען, פון צווישען די פעסלאך און קעסטלאך, מיט וועלכע די סטארקעס זיינען ענג אנגעשטעלט און געפאקט. ער האט זיך געוואונדערט און האט באדויערט די ארימקייט מיט שווערער ארבעט, אבער די שמוץ—דאס איז דאך די גרעסטע פלוך פאר דעם מענשען.

ער האט אריינגעקוקט אין די האלס פון די ארימע טענע־מענט הייזער, האט עס אים אויך פארכאפט דעם אטעם מיט שמוץ מיט וועלכע די פינסטערע האלס און די שטיגען זיינען באדעקט.

—הילצערנע שטיגען! —האט ער אויסגערופען און ניט ווילענדיג ארויפגעקוקט ווי הויך דאס הויז איז—פינף פלאר—האט ער גע־רעדט צו זי אליין, דא מוזען וואוינען ביי זעכציג פאמיליעס אין דעם לעבעדיגען קבר!... די פענסטער קוקען ארויס ווי לעכער פון א פריזאן פון די אלטע צייטען. און אט אין אזעלכע לעכער לעבט מען און מען ערציהט קינדער.

—ארימע מענשען!—האט ער באדויערט.

—אבער אט די הילצערנע שטיגען! דאס איז דאך א פייער־פאסטקע—האט ער ווייטער גערעדט צו זיך—ביי א פייער וואלטען זיי דאך ניט ארויס מיטן לעבען.

—איי,איי,—האט ער זיך דערמאנט—יא, ריכטיג, עס איז ניט לאנג צוריק געוועזען אין די צייטונגען געמאלדען פון אזא אומגליק, ערגעץ דא אויף די נידעריגע גאסען פון דער איסט־סייד איז געווען א שרעקליכער אונגליק, פילע מענשען האבען פארלוירען זייערע לעבענס דורך אזא פאסטקע, די הילצערנע שטיגען זיינען פאר־

ניכטעט געוואָרען, און מיט דעם פילע לעבענס, האָב און גוטס, חלומות און האָפנונגען; קיין זאַך איז ניט געראַטעוועט געוואָרען.

—די לענדלאָרדס, גיב זיי נאָר אַ גוטען פּרייז... אָבער עס וועט נאָך קומען אַ צייט אויף זיי אויך—האָט ער פעסט געזאָגט און זיך געלאָזט ווייטער געהן.

אויף דילענסי קאָרנער נאָרפאָלק שטעהט אַ גרויסע אַלטע סקול. פיל עלטערע מענשען געדענקען נאָך זייער סקול, וואו זיי האָבען זייער ערשטע בילדונג געקראָגען, די סקול, וועלכע איז אין האַרץ פון דער איסט-סייד, וואו עס געהען אריין היבשע עטלאָכע הונדערט קינדערלאַך, און די מיינסטע פון זיי זיינען אידישע. צו דער סקול האָבען זיך די קינדערלאַך אַרויסגעלאָזט פון די הייזער ווי אַ שטראָם, מיט זייערע ביכלאַך אונטערן אָרעם. מיטאַמאָל איז אַנגעפלויגען אַן אַטאָמאָביל מיט דער שנעלקייט פון אַ ווינט און עס איז געוואָרען אַ געוואַלט, אַ געקוויטשעריי צווישען עולם, צווישען די קינדער: אוי, אוי, אַ קינד! קינדער! געוואַלט!

דאָ האָט פּאַסירט אַ גרויס וואונדער: ווען צווישען די צושויער איז דאָס בלוט פאַרקיהלט געוואָרען פאַר שרעק און איבעראַשונג, ווערענד אַלע האָבען געשריען, געליאַרעמט: אַ קינד! אַ קינד! האָט אַ יונגערמאַן אַ שפּרונג געגעבען, האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ קליין מיידעלע ביים קליידעל, נעגעבען איר אַ שלעפּ און דער אַטאָמאָביל איז אַרויף דעם יונגענמאַן אויף אַ פוס און אים מיטן קינד געגעבען אַ שטויס און זיי איבערגעקערט. אויפן סיידוואָק איז געוואָרען אַ געוואַלד. מענשען, פאַלים זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען פון אַלע זייטען, מען האָט זיי אויפגעהויבען און אַריינגעפירט אין אַ דראַג-סטאָר.

—לעבען זיי?— איז געוואָרען אַ פרעגעריי פון צעשראָקענע פרויען.

—שטאַרק פאַרוואונדעט?—

אַזעלכע מערדער! קוקען ניט אַז די סטריט איז פול מיט קינדער, נאָר פליען, אַט די פאַרפלוכטע מלאך־המות'ן, לויפען ווי די דור־נערס, ס'אַרט זיי ניט אפילו די וועלט צו פאַרניכטען—האָבען די פרויען געשאָלטען—עס איז שרעקליך, איז עס גאָר קיין געזעץ ניטאָ פאַר זיי?

דער יונגערמאַן איז געווען צעטומעלט, אָבער באַלד איז ער צו זיך געקומען און דערזעהן, אַז ער זיצט אויפן סיידוואָק און האַלט נאָך דאָס קינד ביים קליידעל, און דאָס מיידעלע שטעהט לעבען אים און ציטערט פאַר שרעק. זי האָט פעסט געהאַלטען אירע ביכלאַך אין די ציטערענדע הענטלאַך און מיט צעשראָקענע אויגען געקוקט אַרום זיך.

—ביזט פאַרוואונדעט, מיידעלע? טוט דיר עפּעס וועה?

—ניין—האָט דאָס קינד געענטפערט אַ צעשראָקענע.

—ווילסט געהן אין סקול?

—ניין, איך האָב מורא.

—וואו וואוינסטו, וועל איך דיך אָפּפירען אַהיים.

—אָט דאָ ניט ווייט, אין נעקסטען בלאָק—האָט דאָס קינד געענטפערט.

—ווי הייסטו?

—מערי גאָלד.

—האָט דיין פּאַפּאַ אַ סטאָר פון ביכער?

—יעס—האָט די קליינע מערי געענטפערט.

—איך בין ערשט געווען אין דיין פּאַפּאַ׳ס סטאָר, אָבער קום, וועל איך דיך אַהיים פירען—האָט דער יונגערמאַן געזאָגט און זיך געוואָלט אויפהויבען פון פּלאַץ און האָט דערפילט אַ שמערץ אין פוס און מיט אַ קרעכץ זיך צוריק געזעצט. ער האָט דערזעהן, אַז זיין שוך איז צעריסען.

—איר זענט פאַרוואונדעט, מר.—האָבען די אַרומשטעהענדע אויסגעשריען און האָבען צוגערופען די פּאָלים. די לעצטע האָבען באַלד צעטריבען דעם עולם, גענומען דעם פאַרוואונדעטען יונגערמאַן מיטן מיידעלע און זיי אריינגעפירט אין אַ דערבייאיגען דראָגסטאָר. דאָרט האָט מען אים באַנאָסען די וואונד מיט מעדיצין און פאַרבאַנדאַזשירט דעם פוס. דער יונגערמאַן איז דאַן מיט דער קליינער מיידעלע לאַנגזאַם אַרויס פון דראָגסטאָר, ווערענד די קליינע מערי האָט נאָך אַלץ ניט אָפּגעטראָטען פון זיין זייט.

מערי איז אַלט געווען אַכט יאָהר, אַ שעהן, בלאָנד מיידעלע מיט בלויע קלוגע אויגען. זי האָט מיט רחמנות געקוקט צו דעם פרעמדען יונגענמאַן, וואָס האָט געראַטעט איר לעבען און מיט

באדויערען האט זי געפרעגט אין ענגליש:

—טוט דיר וועה דער פוס? א, עס טוט מיר לייד!

—עס איז גארניט, קינד, עס וועט פאראיבערגעהן—האט ער מיט א שמייכעל געטרייסט דאס קליין מיידעלע.

א גאנצע כאפטע ווייבער און מענער זיינען געשטאנען ביים דראגסטאר און געווארט צו זעהן דעם פארוואונדעטען, און ווען ער איז ארויסגעקומען האבען אלע אים ארומגערינגעלט און אין האלב־צעבראכענעם ענגליש געפרואווט זיך צוזאמענרעדען מיט דעם העלדישען יונגענמאן.

—איר זענט א העלד, מר.— האט געזאגט א יונגערמאן, וואס האט געטראגען א ווייסען פארשמירטען פארטוך ווי א קצב.

—איך בין אייך מקנא, יונגערמאן, איר האט געראטעוועט דאס קינד פון א זיכערען טויט, מיר אלע האבען געזעהן, ווי דער טייוועלשער אטאמאביל האט זיך א יאג געטאן און איז געפלויגען גלייך צווישען די קינדער, אבער מער ווי שרייען האבען מיר ניט געקענט. מיר מעגען זיך שעמען, מיר זיינען פיינגלינגע, מיר האבען מורא געהאט פאר זיך צו לויפען געגען א זיכערען טויט. אבער איר, מר., האט גארניט געקלערט, גלייך א שפרונג געגעבען, איינגעשטעלט דאס אייגענע לעבען און גערעטעט דאס קינד—האט א מאן אים געלויבט און זיינע אויגען האבען געשיינט פון דעם יונגענמאנ׳ס נצחון.

—עס איז ניט געווען קיין צייט צו טראכטען, זיך ערשט מיישב זיין—האט דער יונגערמאן געענטפערט מיט א שמייכעל—דער טייוועל האט ניט געוואלט ווארטען איך זאל זיך ערשט מיישב זיין, דא האט מען געמוזט באלד האנדלען.

—זאל אייך גאט געבען געזונט און לעבען, טייערער פריינד! איר ווייסט דען וועמעס קינד איר האט גערעטעט? דאס איז דאך ר׳ יעקב גאלד׳ס קינד. א טייערער איד ר׳ יעקב—האט א אידענע געזאגט און געבענשט דעם יונגענמאן. דער יונגערמאן האט ניט פארשטאנען וואס זי רעדט, ער האט אבער פארשטאנען אין אירע באוועגונגען, אז זי ווינשט אים ניט קיין שלעכטס. ער האט זיך מיט א שמייכעל געזעגענט מיט די אלע באוואונדערער און מיט דער מיידעלע ביים הענטעל פירענדיג איז ער אוועק צו איר אהיים,

ווערענד אַ פּאָר ווייבער זיינען פון ווייטען נאָכגעגאַנגען זעהן ווי ער וועט איר צופירען, ניט גלויבענדיג, טאָמער איז ער גאָר עפּעס אַ שווינדלער, אַ קשיא אויף אַ מעשה.

—עס איז דאָך עפּעס אַמעריקע—האָט אַ אידענע געזאָגט— אַ פרעמדער יונגערמאַן. אַ מאָדנער מענש, ער קוקט גאָר ניט אויס צו זיין פון אונזערע איסט-סיידער. האָט איר געהערט אַן ענגליש רעדען? סאַראַ אויסשפּראַך!

—ער זעהט ניט אויס צו זיין אַ איד.

—אין וואָס קען מען דערקענען אין אַמעריקע אונזער יוגענט, ווער קען זיי וויסען? אונזערע קינדער רעדען אויך ענגליש, און מיר פאַרשטעהען ניט.

—עס איז אַ ביטערע צרה, מיר קענען זיך ניט צוזאַמענרעדען מיט אונזערע קינדער—האָט אַ איד זיך באַקלאָגט—מיין מיידעל האָט אַרויפגעבראַכט אַ באָי אין הויז אריין, מיט וועלכען זי געהט אויס. אַ באָי, קען מען זאָגען, מיט אַלע מעלות: שעהן, קלוג, געלעהרענט און האָט אַ גוטע ביזנעס. עס קען זיך בעסער ניט ווינשען אַזאַ איד ווי איך. נו טויג עס ערשט ניט—מיר קענען זיך ניט פאַרשטעהן. ער פאַרשטעהט ניט מיין אידיש און מיר פאַרשטעהען ניט זיין ענגליש. געה מאַך חתונה פאַר אים מיין קינד, אַז דו קענסט זיך מיט אים ניט צוזאַמענרעדען קיין צוויי ווערטער.

—אַ הארצוועהטאָג!—האָט אַ אידענע צוגעגעבען מיט אַ זיפץ

—עס איז ביי מיר דאָס זעלבע. איך זעה אַ שעהנער בחור, געה זאָג איר, אַז איך וויל ניט דעם שידוך, אַז זיי ליבען זיך, עס איז ביי אים אפילו ניט קיין חסרון וואָס די מאַמע קען ניט קיין ענגליש. עס טוט מיר וועה צו האָבען אַ קינד און קיינמאָל ניט קענען רעדען צו אים אַ וואָרט.

—ווי לאַנג זענט איר אין אַמעריקע?

—אַן ערך פון דרייסיג יאָהר—האָט די אידענע געענטפערט.

—נו, איז עס ניט אונזער אייגענע שולד? צו זיין דרייסיג יאָהר אין לאַנד און זיך ניט אויסלערנען צו רעדען די שפּראַך! דאַרפען מיר טאַקע ליידען— האָט דער איד געזאָגט מיט פאַרדרוס.

—נו, וואו, נו, וואו מ'שטיינס געזאָגט האָב איך זיך געקענט לערנען? שטענדיג פאַרהאָוועט אין הויז מיטן מאַן און קינדער

זאָלען לעבען, ניט געבליבען אַ מינוט צייט פאַר זיך. אָבער איר? מענער, שטענדיג צווישען מענשען, איר האָט שטענדיג געהאַט די געלעגענהייט.

—האַ, האַ, אַ שעהנע געלעגענהייט! ביי דער ארבעט אין שאָפּ!

—פאַרוואָס זענט איר ניט געגאַנגען אין סקול?—האָט זיך אַ יונגערמאַן אַנגערופען—אין נייט־סקול האָט איר געקענט געהן.

—אין נייט סקול? וועמען ליגט עס אין זינען אַזעלכע זאַכען?

—עה געהט, די אָווענטען דאַרף מען פאַרברענגען מיט אַ פינאַקעל—האָט אַ אידענע אַריינגערעדט—אונזערע אייראָפּעאישע מענער, זיי מעגען זיך זיין ווי אָנגעאַרבעט, מוזען זיי שפּילען אין קאָרטען—האָט די פרוי געזאָגט מיט האַרץ.

—דאָס איז אונזער איינציגער פּלעזשור—האָט דער איד זיך פאַרפאַרענטפערט—מיר קומען זיך צוזאַמען, פריינט, לאַנדסלייט, איז וואָס זאָלען מיר טאָן? שפּילט מען אַ פינאַקעל.

—אַ טייערע זאַך אַ פינאַקעל! דערפאַר באַצאָהלט איר מיט דער פרייד פון אייערע קינדערס פאַראייניגונג, און באַלד וועלען זיי זיך אין גאַנצען פון אונז אָפּרייסען.

—יאָ, יאָ, מען וועט אפילו ניט וויסען צי מיר האָבען אַמאָל עקזיסטירט, ווייל ווי זיי פאַנגען נאָר אָן צו געהן אין די סקולס ענדערען זיי באַלד זייערע נעמען. ניט נאָר די אידישע ערשטע נעמען, נאָר אויך די צווייטע נעמען. נו, האָב איך געהייסען זוויערמילך, מיין טאַטע און מיין זיידע האָבען אַזוי געהייסען, קומען זיי צו געהן אין אַמעריקע מיינע קינדער און שעמען זיך מיט מיין נאָמען און מען נעמט באַלד און מען ענדערט דעם נאָמען אויף עליסייעוו. נו, געפעהלט זיי בעסער און שעהנער עליסייעוו ווי זוויערמילך, וואָס קען מען טאָן מיט קינדער? מאַכט זיך מיין ברודער קומט פון יוראָפּ, פאַרכאַפּט זיך, אז ער האָט אַ ברודער און דער זאָל אים קומען אַראָפּנעמען פון שיף, זוכט מען און מען קערט איבער אַמעריקע און מען קען ניט געפינען חיים זוויערמילך, ווייל חיים זוויערמילך עקזיסטירט ניט מער. נעמט מען און מען וויל אומקערען דעם אָרימען ברודער צוריק קיין יוראָפּ, ערשט מאַכט זיך אַ נס, אַז אַ לאַנדסמאַן איז אויף עליס־איילאַנד און ער ווערט געוואָר פון דער מעשה, נעמט ער אָפּ מיין ברודער און ברענגט אים מיר ביז

אהיים. נו, ווי געפעלט עס אייך?

—אַט האָט אַ יונג פּאַר־פאָלק געענדערט זייער נאָמען צוליב פיר און זעכציג דאָלער, וואָס זיי האָבען ניט געוואָלט באַצאָהלען דער געז קאָמפּאַני—האָט אַ פרוי דערצעהלט.

—נו, איז פּאַרפאַלען?—האָט מען געפרעגט.

—ווי פּאַרפאַלען! אַ נעכטיגער טאָג! די געז קאָמפּאַני איז געווען קלוג, זיי ווען זיך ניט לאָזען נאַרען, מען האָט זיי געפונען און זיי האָבען געמוזט באַצאָהלען נאָך פאַרן אַלטען נאָמען.

—נו, אמעריקע—האָט אַ איד געזיפצט—פאַר פיר און זעכציג דאָ־לער ענדערט מען אַ נאָמען, עס איז ביי זיי גאַרניט. זיי וועלען אַמאָל שווער באַצאָהלען דערפאַר.

—אָבער איך זאָג אייך, דער יונגערמאַן קען מיר פון זינען ניט ארויס, איך זעה אין מיין געשעפט פאַרשידענע מענשען, אָבער דער קוקט אויס אַ גאַנץ אַנדער סאָרט יונגערמאַן, ער מוז שטאַמען פון די הויכע פענ־סטער—האָט אַ יונגע פרוי געזאָגט—איך בין אַ מבין אויף אַ מענש —האָט זי זיך ווייטער באַריהמט.

—ער איז שעהן, אַ פאַרגעניגען אויף אים צו קוקען—האָט אַ צווייטע זיך אָנגערופען.

—זייט פאַרזיכטיג, מרס. גרין, אייער מאַן וועט דזשעלעס ווערען.

—איך האָב ניט קיין מורא, איך זאָג נאָר וואָס איך ווייס, איך האָב אַלעמאָל ליב צו באַטראַכטען שעהנע מענשען.

—איבערהויפּט שעהנע יונגעלייט—האָט מען זיך געשפּאַסט—אין אַזאַ יונגענמאַן איז זיך גוט צו פאַרליבען.

—וואָס זשע וועט מיר ארויסקומען, אַז איך וועל זיך אין אים פאַרליבען, אַז ער האָט גאָר אפשר ליב אַן אַנדערע...

אַט אַזעלכע דעבאַטען און באַוואונדערונגען זיינען דורכגעגאַנגען צווישען דעם עולם נאָך דעם, ווי דער יונגערמאַן מיט דער קליינער מערי זיינען אוועקגעגאַנגען , ביז זיי זיינען זיך צו ביסלאַך צעגאַנגען.

## צעהנטער קאפיטעל

אז דער יונגערמאן איז אוועק פון גאלדמאנ׳ס סטאר מיט דעם פעקעלע אונטערן ארעם, וואס ער האט ערשט איינגעהאנדעלט ביי אים, האט אים מר. גאלד נאכגעקוקט און זיך געוואונדערט אויף דער פיינקייט פון יונגענמאן. ער האט זיך ניט געדונגען, ניט געפרואווט אפצורייסען פון פרייז, וואס ער האט אים געבעטען, ווי ער, מר. גאלד, איז געוואוינט צווישען זיינע איסט־סיידער קאסטאמערס, דער האט באצאהלט פאר דעם פרוכת וויפיל מר. גאלד האט געבעטען.

—ער מז זיין א רייכער יונגערמאן—האט מר. גאלד געטראכט— ער זעהט אויס ניט צו זיין פון דער היגער גאס. דער יונגערמאן איז אים שטארק געפעלען געווארען און ער האט געטראכט, אז גאט וויל שיקט ער אים צו א גוטען קונה גאנץ פרי, און ער האט דערביי געשמייכעלט מיט פארגעניגען.

אזוי טראכטענדיג ביים לאנגען אנגעווארפענעם טיש מיט די סידורים׳לאך, לייבצודעקלאך, ציצית אונן תפילין האט ער זיך ביי דעם אלעם געפארעט, צוזאמענגעלייגט און איבערגעקוקט א פאר אלטע תפילין.

מר. גאלד איז א געלעהרענטער איד, שטאמט פון א גרויסער, חשוב׳ער משפחה פון מיינץ, דייטשלאנד, פון איינער פון די שעהנ־סטע קהילות אין יענעם לאנד. די גאלדשמידס האבען געהאט די גרעסטע מענער אין זייער משפחה: רבנים, דיינים, שוחטים, און וועלט־ געבילדעטע מענער, ווי דאקטוירים פילאזאפען, אינזשעניערען. דער אלטער רב פון בערלין איז געווען מר. גאלד׳ס זיידע, פון איינער פון די גרעסטע און העכסטע קהילות. האט זיך געמאכט, אז די קהילה פון מיינץ האט געהאט צו טאן מיט א בעאמטען פון דער רעגירונג, האט מען די גאנצע קהילה ארעסטירט, א סך פון יענער שטאדט האט מען אויסגעוויזען, פילע האבען ניט געווארט און זיינען אליין אוועק פון מיינץ קיין אמעריקע. מר. גאלדשמיד׳ס עלטערען זיינען פון יענע קרבנות, און ווען מר. גאלד׳ס עלטערען זיינען אוועק פון דייטשלאנד איז מר. גאלד נאך געווען א גאר יונגער באי. זיינע עלטערען האבען זיך דעמאלט באזעצט אין ניו־יארק, ווי פילע אנדערע אידעשע אימי־גראנטען און געבליבען שטעקען אין דער קאבענדיגער קעסעל־גרובי

ווייל זיי האָבען ניט געהאַט די מיטלען ווייטער צו פאָהרען, צו זוכען בעסערע, גרעסערע גליקען, ווי דאָ, אין די פאַבריקען, וואו עס איז צו געפינען צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט.

אַט אַזוי זיינען די גאָלדשמידס געבליבען אין ניו יאָרק מיט צוויי קינדער, אַ בחור און אַ מיידעל. דאָס איז דער מר. גאָלד, וועלכער איז אויסגעוואַקסען און ערצויגען געוואָרען אידיש-חסידיש, און האָט געזוכט אַ פרנסה צו קענען היטען שבת און יום טוב, ווייל זיינע על־טערען האָבען אויף אים געווירקט ער זאָל זיין פרום און געהן אין זייערע וועגען און מר. גאָלד איז געבליבען פרום ביז צו היינטיגען טאָג.

מר. גאָלד האָט געהאַט אַן אָנקעל, זיין פאָטער'ס ברודער, וואָס איז געווען רב אין בערלין, ער איז געווען רייך און זעהר אָנגעזעהן, געלאָזט זיינע קינדער שטודירען. אַ צייט לאַנג האָבען זיך די ברידער געשריבען, דער ברודער פון ניו יאָרק מיטן בערלינער רב, אָבער שפּע־טער איז דער אַלטער געשטאָרבען און דער יונגער גאָלדשמיד האָט געהערט, אַז זיין אָנקעל דער רב איז ניטאָ און דער זון פונ'ם רב האָט אויסגעשטודירט דאָקטאָר, איז געקומען קיין אַמעריקע און זיך דאָרט באַזעצט. ער האָט אָבער ניט געקענט דערגעהן אין וועלכער שטאָדט ער איז. אַזוי איז שפּעטער אַלץ פאַרגעסען געוואָרען און ער האָט קיינמאָל ניט געהערט פון קיינעם פון דער גאַנצער פאַמיליע, פון דער גרויסער בכבוד'ער משפחה.

איצט, שטעהענדיג ביים קאָנטער, ביי זיין אַרבעט, האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין פאַמיליע. כאָטש ער האָט זיי ווייניג געקענט, האָט ער דאָך געדענקט און געטראַכט צו זיך אַליין: מען ווערט צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, דעם איד'ס גורל, מען ווערט פאַרגעסען. אַזאַ בכבוד'ע משפחה ווי די גאָלדשמידס זיינען כמעט אָפּגעווישט, ווער ווייסט זיי, ווער געדענקט זיי—און דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט ביי דעם געדאַנק.

—נו, אַט האָב איך קינדער דאָ אין אַמעריקע—האָט ער ווייטער גערעדט צו זיך—גאַנץ וואוילע קינדער, געפעלט זיי צו ענדערען דעם נאָמען, אָנשטאָט גאָלדשמיד רופען זיי זיך נאָר גאָלד, דעם שמיד אַרויס־געוואָרפען פון זיך, איז שוין דער נאָמען קיין נאָמען ניט, דאָס הייסט אַ צעבראָכענע כלי, אַ צעבראָכענער נאָמען, דאָס קענען נאָר אַמעריקאַנער

קינדער טאָן. געה קריג זיך מיט זיי, שלאָג זיך מיט זיי, אַז זיי זאָגען, אַז אַזוי איז באַקוועמער, אין קורצען: גאָלד. איז וואָס קען מען טאָן?

און ער האָט דערביי אַ זיפץ געטאָן.

פּלוצלונג האָט ער ווידער דערזעהן דעם יונגענמאַן און די קליינע מערי מיט איהם. מערי איז צוגעלאָפען צום פּאָטער און האָט אויס־גערופען מיט אַ קלינגענדיגער שטימע:

—פּאַפּאַ, דער דזשענטעלמאַן האָט מיך ערשט גערעטעט פון אַן אָטאָמאָביל.

—פון אַן אָטאָמאָביל?

—יאָ, פּאַפּאַ. ווען ניט דער דזשענטעלמען וואָלט איך שוין איצט געווען אַ טויטע.

—וועה איז מיר!—האָט מר. גאָלד מיט שרעק אויסגערופען און פאַרבראָכען די הענט—מערינין, קינד מיינס—און ער האָט ארומגענומען דאָס מיידעלע מיט ליבע, זי אַ קוש געטאָן—נו, געה שוין היינט ניט אין סקול, געה ארויף אין הויז אריין.

—גוט, גוט, פּאַפּעלע, איך געה. דענקס, מר. דזשענטעלמען!

—אַ, קינד מיינס, איך האָב זיך אַזוי דערשראָקען, אַז איך האָב אינגאַנצען פאַרגעסען צו באַדאַנקען דעם דזשענטעלמאַן. אָבער ווי קען מען מיט ווערטער אָפּדאַנקען פאַר אַזאַ זאַך?—און ער איז צוגעטראָ־טען נאָענט צום יונגענמאַן און איהם אויסגעשטרעקט די האַנט. דער יונ־גערמאַן איז געווען גערירט פון דעם פּאָטער׳ס שרעק און ליבע צו דעם קינד. מר. גאָלד האָט מיט טרערען־גערירהרטע ווערטער אין אַ שוואַכען ענגליש גערעדט און געדריקט דעם יונגערמאַנ׳ס האַנט מיט גרויסער דאַנקבאַרקייט און ווארעמקייט. דער יונגערמאַן האָט גוטמוט־היג געשמייכעלט און געענטפערט:

—עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו דאַנקען, מר. גאָלד, יעדער מענש דאַרף טאָן דאָס זעלבע אויב נאָר מעגלאַך.

—אָבער איר האָט מיין קינד גערעטעט פון אַ זיכערען טויט ווי איך הער פון קינד. איר ווייסט ניט וואָס פאַר אַ געבראָכענע הערצער מיר האָבען, ערשט מיט אַ יאָהר צוריק איז אַ באַי פון זעקס יאָהר איבער־געפאָהרען געוואָרען פון אַ מאַשין אויף טויט אַט דאָ פאַר מיין טיר.

—אַזוי?—האָט דער יונגערמאַן באַדויערט—ווי די אָרימע מענשען

אין דעם גערדיכטען קווארטאל פון דער איסט־סייד אין די שמאלע גאסען ווערען דאס געפיינינגט, עס איז נאר א וואונדער, אז מען ערציהט דא קינדער און זיי וואקסען ניט אוים קיין קריפעלס.

—נאט באשיצט זיי!—האט מר. גאלד ארויסגערעדט מיט אן ערענ־סטער פרומער מינע—מיר לעבען מיט לויטער נסים. אט אזוי וואקסען גראדע אוים אויף דער איסט־סייד שעהנע און געבילדעטע קינדער, די גרעסטע מענער פון ניו יארק האבען זיך ערצויגען אויף דער איסט־סייד. ווען איר זאלט קענען מיינע עלטערע קינדער, וואלט איר זיך איבערצייגט—האט מר. גאלד זיך פארגעשטעלט—איך האב א באי און א מיידעל, האבען זיי ניט געקענט אויסוואקסען בעסער אפילו אין פרעזידענט'ס הויז.

—דאס פרעהט מיך צו הערען, מר. גאלד, אז אין דער אונגינ־סטיגער אטמאספערע ווערען ערצויגען גוטע קינדער—האט דער יונגער־מאן זיך אנגערופען פריינדליך—עס איז ווירקליך צו באוואונדערען, ווי איך זעה דעם שווערען קאמף וואס מען פיהרט דא אן פארן לעבען. דאס מוז אבער קאסטען פיל געלד און מיה און נעזונט צו די עלטערען,

—יא, זיכער—האט מר. גאלד צוגעגעבען— דער איסט־סיידער איר ליידט שווער פון דער אונארדנונג און מאנגעל אין פלאץ פאר די קינדער, זיי שפילען זיך צווישען די רעדער פון די מחבלים. גאט היט זיי!

—עס וואלט מיך פרעהען, מר. גאלד, זייער שטארק פרעהען, זיך צו באקענען מיט אייערע קינדער, א פיינע פאמיליע. מיט אזעלכע פיינע קינדער ווי איר שטעלט מיר פאר, מר. גאלד, וועל איך עס רעכע־נער פאר דער גרעסטער עהרע—האט דזשאנסאן געריהרט געזאגט מיט אויפריכטיגקייט.

—זייט אזוי פריינדליך, קומט ארויף, איך וואוין טאקע דא אין דעם הויז—האט מר. גאלד געבעטען—מיין פאמיליע וועט עס רעכענען פאר אן עהרע—האט מר. גאלד נאכגעזאגט די ווערטער, וואס דער יונגערמאן האט איצט געזאגט.

—אלרייט—האט דער יונגערמאן געזאגט און גענומען מערי'ן פארן הענטעל און איז נאכגעגאנגען מר. גאלד'ן, געהענדיג ארויף מיט די טונקעלע שמוציגע שטיגען, וואו עס איז נאך ביט געווען אויסגעקערט פון נעכטיגען שמוץ. פול שמוציגע פאפירען האבען זיך געוואלגערט אין די ווינקלען; די ווענט און פענסטער זיינען געווען דיק מיט שטויב

אין דעם גערוכטן קווארטאל פון דער איסט- סייד אין די שמאלע גאסען ווערען דאס געפייניגט, עס איז נאר א וואונדער, אז מען ערציהט דא קינדער און זיי וואקסען נים אוים קריפעלס.

— גאט באשיצט זיי! האט מיר גאלד ארויסגערעדט מיט אן ערענסטער פרומע מינע — לעבען מיט לויטער ניסים. אט אזוי וואקסען גראדע אוים אויף דער איסט-סייד שעהנע און געבילדעטע קינדער, די גרעסטע מענער פון נויארק האבען זיך ערצויגען אויף דער איסט-סייד. ווען איהר זאלט קענען מיינע עלטערע קינדער, וואלט איהר זיך איבערצייגט, האט מר. גאלד זיך פארגעשטעלט. איך האב א באי און א מיידעל, האבען זיי נישט געקענט אויסוואקסען בעסער אפילו אין פרעזידענטס הויז.

דאס פרעהט אונז צו הערען מר. גאלד, אז אין דער אונגינסטיגער אטמאספערעווערען ערצויגען גוטע קינדער— האט דער יונגער מאן זיך אנגערופען פריינדליך— עס איז ווירקליך צו באוואונדערען, ווי איך זעה, דעם שווערען קאמף וואס מען פיהרט דא אן פארן לעבען: דאס מוז קאסטען פיעל געלד און מיה צו די עלטערן.

יא, זיכער, האט מר. גאלד צוגעגעבען. דער איסט-סיידער איך ליידט שווער פון דער אונארדנונג און מאנגעל אן פלאץ פאר זיינע קינדער. זיי שפיעלען זיך צווישען די רעדער פון די אויטאמאבילס.

—עס וואלט מיך פרעהען, מר. גאלד, זעהר שטארק פרעהען, זיך צו באקענען מיט אייערע קינדער, א פיינע פאמיליע. מיט אזעלכע פיינע קינדער ווי איהר שטעלט מיר פאהר, מר. גאלד. איך וועל עס רעכנען פאר די גרעסטע עהרע— האט דזשאנסאן איוסגערופען מיט אויפרעכטיגקייט.

(אויפמערקזאם:—דיעזער פיידזש לעזט זיך נישט!)
(ביטע:— לעזט ווייטער.)

און שפינוועבס—דערפאר איז געוועז אין די האלס טונקעל, ווייל די שטויב האט ניט דורכגעלאזט די שיין פון טאג. קריכענדיג אויף די סקריפענדיגע הילצערנע שטיגען האט דער יונגערמאן דערפיהלט א שטעכענדיגען שמערץ אין פוס, פון דעם קלאפ וואס ער האט געקראגען פון דעם אטאמאביל רעטענדיג דאס קינד. ווען זיי זיינען אריין צו מר. גאלד'ן אין הויז אריין איז דער יונגערמאן געווארען פארוואונדערט, ווייל לויט דער שמוציגקייט פון האל איז ביי מר. גאלד'ן אין הויז געוועזן גאנץ ריין. דער דיל איז געוועזן מיט אויל-קלאט באדעקט און ריין געוואשען, אויף די פענסטער און אין די קלאזעטס ווייסע פאר־הענגלאך. איבעראל באדעקט מיט ווייסע טישטוכלאך, אלעס איז געוועזן אין בעסטען ארדנונג, עס האט זיך געפיהלט די גוטע ווירטשאפט פון דער ווירטען. דער יונגערמאן איז געשטאנען ביי דער טיר, אלס מערי איז ארויפגעפאלען אויף דער מוטער און איר אלץ דערצעהלט און אנגעוויזען:

—דער מר. האט מיך געסייפט פון אן אטאמאביל.

—וועה איז מיר, מערינין, קינד מיינס!—און זי האט געבאפט דאס מיידעלע און זי געקושט און געהאלדזט מיט טרערען-פולע אויגען.

דער יונגערמאן האט באטראכט דער מרס. גאלד און געקלערט מיט מיטלייד, ווי די ארימע מאמעס ליידען עס, און ער האט געטראכט, אז די מרס. גאלד איז נאך א גאנץ שעהנע פרוי. זי האט געטראגען א הויז-קליידעל, די האר פארקעמט גלאט אויף אונטען און צוזאמענגעדרייט אין א דיקען קנופ. זי איז געוועזן א ביסעל העכער פון מיטעלען וואוקס און האט אויסגעקוקט א פרוי פון א באלעבאטיש הויז מיט רעספעקט.

מר. גאלד איז צו איר צוגעקומען און האט געזאגט:

—רעג זיך ניט אויף, גיטעלע, דאנקען גאט, אונזער קינד איז גערעטעט. און דאס איז דער רעטער פון אונזער קינד—צייגענדיג אויפן יונגענמאן.

—א, ווי קענען מיר אייך אפדאנקען!—האט די פרוי אויסגע־רופען געריהרט, ווישענדיג די טרערען פון די אויגען. זי האט דערביי אויסגעשטרעקט די האנט צו דעם יונגענמאן—מיר האבען ניט קיין ווערטער אויסצודריקען וואס מיר פיהלען. פיהלט מיט א מאמע'ס הארץ, א געבראכען הארץ. לעצטען יאהר האבען מיר געהאט א גרויסען אונגליק. א באי זעקס יאהר אלט, די בייבי פון הויז, דער ליבלינג ביי

יעדען, מיר זיינען אלע שיעור ניט משוגע געווארען פאר שמערץ פון דעם גרויסען אונגליק. דאס קינד האט אפגעגעסען ברעקפעסט און איז ארונטער אין סטריט און אין א פאר מינוט ארום האט מען מיין בענעלע'ן ארויפגעבראכט — — א, גאט!—און זי האט זיך צעוויינט.

דער יונגערמאן איז קוים געשטאנען אויף זיינע פים פאר שמערץ און מיטלייד מיט דער ארימער אומגליקליכער מוטער.

—אט אזוי הערט זי ניט אויף צו קלאגען!—האט מר. נאלד זיך אנגערופען באטריבט—שוין א יאהר צייט און זי פארגעסט ניט א מינוט.

—ווי קען מען פארגעסען? ווען דער מאמען! מען פארלירט אזא בריליאנט אין איינציגע פאר מינוט. אט האב איך אים אנגעטאן שעהן, געגעבען עסען, דאס קינד איז געווען א פרעהלאכס, א געזונטס, דאס הארץ האט געקוואלען פאר נחת. און אט איז ער ארונטער צו געהן אין סטאר אריין צום פאטער, און אין א פאר מינוט שוין — — —

אויפן געוויין פון דער באצער'טער מוטער איז פלוצלונג אריינ־געלאפען מיט שרעק א בילד־שעהנע מיידעל און האט אויסגערופען:

—מאמא, פאפא, וואס האט פאסירט?!

—גאר ניט, גאר ניט! שרעק זיך ניט—האט מר. נאלד אויסגערופען און דער מיידעל בארוהיגט—אונזער מערי איז שיעור איבערגעפאהרען געווארען פון אן אטאמאביל—האט איר דער פאטער געגעבען צו ערקלערען—דער דזשענטעלמען האט זי גערעטעט.

דאס מיידעל האט אויפגעהויבען אירע גרויסע פארטרוימטע אויגען צום יונגענמאן און זיך באגעגענט מיט זיין בליק. זי האט פארוואונדערט געקוקט אויף דעם יונגענמאן און אויסגערופען:

—א, דענקס, מר.—און זי האט אים דערלאנגט איר ווייסע, צארטע געטאקטע האנט— מיט ווערטער איז שווער צו דאנקען פאר אזא זאך, אבער מיר וועלען עס אייביג געדענקען, מר. — — —זי האט געוואלט זיין נאמען אנרופען, אבער זי האט ניט געוואוסט, איז זי רויט געווא־רען דערפון וואס מען האט זי ניט פארגעשטעלט און זי רעדט צו אים.

—מיין נאמען איז אלעקסאנדער דזשאנסאן—האט ער איר ארויס־געהאלפען און זיך פארנייגט.

—זייער אנגענעהם, מר. דזשאנסאן!

ער האט באטראכט דאס מיידעל און איז געווען איבערראשט פון איר שעהנקייט. אזא זיסער חן אין א מענשען איז א זעלטענהייט—

האט ער געקלערט—אזא שעהנקייט קען מען נאר באשרייבען אין א ראמאן. ווען עמיצער דערצעהלט אים וואלט ער זיכער ניט געגלויבט, אז עס זיינען דא אזעלכע מלאכים אויף גאט'ס ערד. דאס איז דאך עפעס גאר ניט קיין ערדיש קינד! ער האט שוין געזעהן שעהנהייטען און עס איז אים די מינוט געקומען העלען ראגען אויפן געדאנק און זי געוואלט פארגלייכען, אבער יענער האט געפעלט דער רייץ, וואס ער זעהט אין דער יונגער אידישער מיידעל. און יענע איז אויסגעפוצט אין זייד און אטלאס, און די געהט אין א גאנץ איינפאך קליידעל, אבער דער צויבער איז אפענבאר. די באקען בליהען ווי רויזען, ווייסע פערעל־ציין, ליפען ווי קארעלען רויט, די הענט ווי געטאקט קוקען ארויס פון דינעם קליידעל, די הויך א ביסעל העכער פון מיטעל־וואוקס, אבער גראציעז און בויגזאם, רירעווידיג, פול מיט חן, און געטאקיזע פיסעלאך—ווי שלמה המלך האט געשילדערט זיין געליבטע שולמית.

ער האט זיך אין גאנצען פארגעסען וואו ער איז אין דער וועלט, אזוי האט ער זיך פאר א ווילע פארגעסען, אלס ער האט ווידער דערפיהלט א שמערץ אין פוס און ניט ווילענדיג א קרעכץ געטאן.

—וואס איז אייך, מר. דזשאנסאן?—האט מרס. גאלד געפרעגט.

—אט, גארניט! א ביסעל א דריק אין פוס האב איך געכאפט פון דעם אטאמאביל בשעת איך האב אייער מערי'ן אוועקגעכאפט—האט ער שמייכלענדיג געענטפערט.

—ווער איז מיר! הערסט, חיים! מר. דזשאנסאן האט דאך שיעור זיין לעבען פארלארען רעטענדיג אונזער קינד—האט זי פארבראכען מיט די הענט.

—וואס זשע שטעט איר? מיר האבען זיך פאררעדט און ער קען נעבאך אויפן פוס ניט שטעהן. זי האט געכאפט א שטול און אים אונטערגערוקט—אט זעצט זיך! דו הערסט, לילי, דער מר. האט זיין לעבען איינגעשטעלט צוליב אונזער מערי'ן—האט זי זיך געווענדעט צו דער שעהנער בלאנדער מיידעל מיט די גאלדענע לאקען ווי א קראנץ ארום איר ווייסען שטערען, וועלכע איז געשטאנען און געקוקט צו דעם גאסט און באוואונדערט זיין העלדישקייט.

—א, איר מוזט זייער ליידען, עס טוט אייך שטארק וועה דער פוס?—האט לילי געפרעגט מיט מיטגעפיהל.

—א ביסעל—האט דער יונגערמאן געענטפערט מיט א שמייכעל

—אָבער עס וועט איבערגעהן.

—ניין, דאָס איז קיין שפּאָס ניט—האָט מר. גאָלד זיך אָנגערופען—לאָזט נאָר אַ קוק טאָן. ער האָט פּאַוואָליע געהאָלפען אראָפּנעמען דעם שוך פון פוס. דער פוס איז געווען צעקראַצט בלוי אָבער קיין געפאַר.

—עס וועט ניט שאַטען מען זאָל צולייגען קאַלטע וואַסער—האָט זיך די בלאָנדע שעהנהייט אָנגערופען.

—אַנו, ברענג שוין אַ שיסעל קאַלטע וואַסער, ליליניו—האָט די מוטער באַפוילען.

—איך וועל ברענגען!—האָט די קליינע מערי אונטערגעכאַפּט, און איז געלאָפען ברענגען דאָס וואַסער. דער יונגערמאַן האָט געשמייכעלט פון דער קליינער אַכטיעהריגער קלוגער מיידעלע.

—און דו, לילי, גיב אַ האַנטוך!—האָט דער פאָטער באַפוילען.

באַלד זיינען געשטאַנען מרס. גאָלד מיט איר מאַן און קינדער און מען האָט געלעגט קאַלטע טיכער צום פאַרוואונדעטען פוס פון מר. דזשאַנסאָן.

דאָס איז געווען אונזער העלד מר. אַל. דזשאַנסאָן, וואָס איז געקומען שטודירען דאָס לעבען פון אידישען פאָלק אין ניו יאָרק. ער איז געווען צופרידען צו זעהן ווי פריינדליך יעדערער איז, און אַז ער האָט געראַטעוועט דאָס קינד איז וואָס? עס איז אמת, ער האָט געטאָן אַ גוטע זאַך צו די מענשען, ער האָט אָבער דערקענט, אַז די מענשען זיינען פון נאַטור גוטע מענשען און זיינען אוודאי צו יעדען אַזוי פריינדליך.

—וואו וואוינט איהר, מר. דזשאַנסאָן?—האָט מרס. גאָלד נייגעריג געפרעגט.

—אַט, ניט ווייט פון דאַנען, מיט איין בלאָק ווייטער.

—זעהסט, דאָס איז אַמעריקע—האָט מרס. גאָלד גערעדט—אַט וואוינען אַזעלכע טייערע מענשען אין שכנות און מען קען זיך ניט און מען ווייס זיך ניט.

—ביי וועמען וואוינט איר דאָרט? האָט איר דאָ עלטערען?

—ניין, איך וואוין ביי אַן אַלמנה, זייער אַ פיינע עהרליכע פרוי מיט אַ זון.

—אַ גוטער מענש קריגט פריינט איבעראַל—האָט מר. גאָלד זיך אָנגערופען— דער מר. איז ניט קיין היגער, ער איז פון באָסטאָן—האָט ער ערקלערט זיין ווייב.

—אזוי, פון באסטאן?

— — יעס.

—נו, ווי פיהלט איר איצט, מר. דזשאנסאן?—האט לילי געפרעגט קוקענדיג אויף אים מיט אירע גרויסע בלויע אויגען, אז זי האט אים דורכגענומען.

—עס געהט בעסער, מים גאלד—האט ער געענטפערט און זייערע אויגען האבען זיך ווידער באגעגענט.

ער האט דערפיהלט א ווארעמען ציטער אין זיין הארצען. ער האט ניט געקענט אפרייסען זיינע אויגען פון דער זיסער מיידעל. דאס איז א זעלטענער צויבער, א מלאך—האט ער זיך געטראכט—זאל דאס זיין, אז דער שיקזאל האט מיר פארבארייט נייע וועגען אין לעבען און מיך געפיהרט צוליב דעם אין דעם הויז אריין? ער האט זיך ארומגעקוקט און געזעהן, אז זיי וואוינען אין פיר צימערען ניט קיין גרויסע און ניט זייער קיין ליכטיגע. געווען איז עס דער דריטער פלאר, נאר הארט צו א סקאלע, וואס האט פארשטעלט די זון. די דירה איז געווען ארים אבער ריין און ציכטיג. זיי זיינען ניט רייך—האט ער געקלערט—נאר צו באזיצען אזא שאץ ווי דאס מיידעל איז איז שוין א גרויס עשרות—עס האט זיך אים זייער געוואלט ער זאל קענען עפעס העלפען דער ארימער אבער פיינער פאמיליע.

—ליליניו, גיב נאר א מאך א גלאז טיי פאר מר. דזשאנסאנען—האט די מאמע געזאגט— אדער ווארט, איך וועל אליין מאכען. און זי איז אוועק אין קיך און באלד געבראכט א גלאז טיי מיט לעמאן און געבעטען ער זאל טרינקען.

מר. דזשאנסאן האט זיך ניט אפגעזאגט און האט גערען געטרונקען די טיי, ווערענד ער האט פארפירט א געשפרעך מיט דער שעהנער לילי. ער איז געווען ערשטוינט ווי קלוג און לאגיש זי רעדט, ווי זי פארשטעהט און ווייס אלץ וואס ער פרעגט איר און פון וואס ער רעדט ווייסט זי אלעס. זיי האבען זיך גאנץ היימיש געפיהלט, גלייך ווי זיי וואלטען זיך שוין לאנג געקענט.

—איך וואלט וועלען איר זאלט קענען מיין ברודער, מר. דזאנסאן, ער וועט אייך זייער געפעלען, האף איך—האט זי שמייכלענדיג געזאגט —ער איז א קלוגער באי, אלע ליבען אים.

—זייער פייז, איך וועל זיין צופרידען זיך צו באקענען מיט אים.

וואָס טוט אייער ברודער?

—ער איז בייטאָג אין אַ באַנק־הויז און ביינאַכט לערענט ער.

—וואָס לערענט ער?

—ער וויל זיין אַ לאָיער.

—אַ לאָיער? נו, וועט ער ביינאַכט אויסלערנען די לאָו?

—ער אַרבעט שווער, ער שפּאָרט יעדע פּעני צו באַצאָהלען דעם קאָלעדזש.

—אַזוי?—האָט ער זיך געוואונדערט—הייסט עס, אַז מען וויל קען קיין זאַך ניט צוריקהאַלטען. דעם מענשענ׳ס שטרעבען איז דער שטאַרקסטער פאַקטאָר פון פּראָגרעס. ווילסטו נאָר עפּעס, שטרעבסטו צו עפּעס, מוזטו עס דערגרייכען! איז ניט היינט, איז מאָרגען! די הויפּט זאַך איז דער ווילען. „ווילען דאָ, אַלעס דאָ" זאָגט אַ שפּריכוואָרט. דעם מענשענ׳ס ווילען איז שטאַרקער פון אַלעס אין דער וועלט—האָט מר. דזשאָנסאָן געזאָגט מער צו זיך אַליין.

דאָס מיידעל האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע שעהנע אויגען און באַוואונדערט ווי קלוג און שעהן דער יונגערמאַן איז.

—ער קוקט אויס אַזוי אינטעליגענט, אַ זעלטענהייט! זיינע ווערטער זיינען ווי פּערעל, מען קען זיך פאַרליבען אין זיינע קלוגע רייד—האָט זי געקלערט און געפיהלט אַזוי אָנגענעהם מיט אים צו רעדען, אַז זי האָט פאַרגעסען ווי די צייט האַלט. זי האָט זיך דאַן אַ כאַפּ געטאַן און אויסגערופען:

—מיין גאָט, עס איז שוין האַלב עלף אַזייגער! און איך בין נאָך דאָ!

—אַ, איר דאַרפט געהן צו ביזנעס?

—יעס, עס טוט מיר לייד, אָבער איר ווייסט דאָך.

—יעס, יעס, שטערט זיך ניט געהט צו ביזנעס.

—איר וועט מיר ענטשולדיגען, מר דזשאָנסאָן, אָבער האָפענטליך וועלען מיר זיך נאָך זעהן.

—אַז איר וועט מיר נאָר ערלויבען, מיס גאָלד.

—אַ, מיט פאַרגעניגען, מר. דזשאָנסאָן, מיין ברודער וועט זיך פרעהען מיט אייך זיך צו באַקענען.

—מיינע קינדער זיינען אַלע מאָל צופרידען צו האָבען פיינע פריינט האָט מרס. גאָלד זיך אַריינגעמישט, וויל מר. גאָלד איז שוין ניט

געוועזן אין הויז, ער איז נאך פריהער צוריק אין סטאר אריין.

—מיינע קינדער האבען א גרויסע באקאנטשאפט, מיט דער פיינסטער געזעלשאפט פארברענגען זיי—האט זיך מרס. גאלד באריהמט. זיי באלאנגען צו פילע ארגאניזאציעס, וואו מען טוט גוטע ארבעט פאר פארשידענע וואוילטעטיגקייטען.

—דאס איז פיין—האט דער יונגערמאן געזאגט—מיט אזעלכע יונגעלייט וועט מיר זיין זייער אנגענעהם זיך צו באקענען. איך זוך אויך אזעלכע געזעלשאפטען צו קענען די לײדיגע צייט מיט אימיצען צו פארברענגען.

—נו, מיין הערי וועט אייך שוין אריינפירען איבעראל, אבי איר וועט נאר וועלען—האט מרס. גאלד געלאכט. אין דער צייט האט לילי זיך אנגעטאן דעם מאנטעל און היטעלע. זי האט זיך געוואלט געזעגענען מיט אים האט ער געזאגט, אז ער קען שוין געהן, ער פיהלט שוין בעסער אין זיין פוס. ער האט זיך געזעגענט מיט מרס. גאלד און מיט דער קליינער מערי'ן, מאכענדיג מיט איר עטלאכע וויצלאך, איר געווארענט ניט צו לויפען צו גיך און אז זי זעהט אן אטאמאביל זאל זי ליבער איבערווארטען און דאן אריבערגעהן א זיכערע.

מערי האט שמייכלענדיג פארשפראכען צו פאלגען זיין עצה און געבענדיג אים דאס קליינע הענטעל האט זי אים געבעטען ער זאל ניט פארגעסען צו קומען צו זיי שבת, עס וועט זיין לילי'ס געבורטס-טאג.

מרס. גאלד און לילי האבען זיך געפיהלט אין פארלעגענהייט, ווייל זיי האבען ניט געוואלט לאדען צו דער פארטי א מענשען, וואס איז ערשט באקאנט געווארען דאס ערשטע מאל. אויך דזשאנסאן איז געוועזן אין פארלעגענהייט און ניט געוואוסט וואס צו זאגען, נאר לילי איז אים געקומען צו הילף און האט אויסגערופען:

—יעס, מר. דזשאנסאן, מיר וועלען עס רעכענען פאר אן עהרע אז איר וועט אונז באעהרען צו קומען שבת, עס וועלען דא זיין אונזערע פריינט וועלען מיר אייך פארשטעלען און מיר וועלען אלע צוזאמען קענען א ביסעל פארברענגען.

—זייער אנגענעהם, דאנק אייך פאר דער עהרע—האט ער געענטפערט און זיך פארנייגט. ער האט זיך געזעגענט מיט מרס. גאלד און איז ארונטער די שטיגען באגלייטענדיג לילי'ן. אין גאס האבען זיי

זיך צעשיידט ווי אַלטע באַקאַנטע.

## עלפטער קאַפּיטעל
### (מרס. לעווין)

מרס. לעווין איז אַ פרוי ביי 45 יאָהר, אָבער זי קוקט אויס עלטער. זי איז אפילו ניט קיין מיאוסע און עס זיינען אין איר שפּורען פון אַמאָליגער שעהנקייט, אָבער זי איז אויסגעפּלאַגט, דערפאַר איז זי צו־פרי פאַרוועלקט געוואָרען. אירע געדיכטע שוואַרצע האָר זיינען גרוי, דאָס פּנים מיט באַהאַלטענע קנייטשען; נאָר איר קערפּער איז נאָך הויך און שלאַנק, זי האַלט זיך גראָד און אין איר ליגט נאָך אַ שטיקעל ווירדע פון אַמאָליגען שטאָלץ. באַטש מען דערקענט, אַז זי איז דורכגעגאַנגען גרויסע, שווערע שטורעמס פון לעבען. אין אַל־געמיין מאַכט זי דעם איינדרוק פון אַ פרוי פון דעם בעסערען קלאַס.

מרס. לעווין איז אַן אַלמנה שוין ביי צעהן יאָהר. זי איז געבליבען אָרים, עלענד, מיט אַ קינד, וועלכעס זי האָט געדאַרפט פאַרזאָרגען, ווי אַ געטרייע גוטע מאַמע, זי האָט זיך געפּלאַגט און געשיקט דעם איינציגען באָי אין סקול זיך לערנען און אַליין האָט זי געאַרבעט. זי איז אַ וואָרטס־פרוי ביי קינפעטאָרינס און קראַנקע, אָבער זי קריגט גוט באַצאָהלט, ווייל מען קען זי אַלס אַן אויסגעשטודירטע נוירס, וועלכע איז אַמאָל געווען אין אַ שפּיטאָל. איצט אָבער, וויפיל זי זאָל ניט פאַרדינען קלעקט איר ניט. איר באָי איז שוין איצט אַ גרויסער, אָבער איר גאַנצע מיה און שטרעבונג, אַז איר באָי זאָל אויסוואַקסען אַ פיינער מענש איז איר לײדער ניט געלונגען.

בעני לעווין, אָדער „בעני דהי קיד“ איז באַוואוסט געוואָרען אויף דער איסט־סייד אַלס אַ צעלאָזענער, שלעכטער באָי, זיך אַרומגע־טריבען מיט שלעכטע חברים, אָדער מיט איטאַליענער, וועלכע זיינען געווען זיינע חברים. עס האָט גאָר ניט געהאָלפען דער מוטער'ס ווײנען און בעטען און סטראַשען; אַז זי וועט אים אַליין אָוועקשיקען איבערן וואַסער, פאַר דעם האָט ער ניט מורא געהאַט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זיין מוטער איז צו־גוט זי זאָל עס קענען טאָן...

—אוי, גאָט! דאָס שטראָפט מיך גאָט פאַר מיינע זינד!... ווער ווייסט, ווען איך ערציה יענעם קינד, אפשר וואָלט ער ניט אַזוי שלעכט געווען ווי דער... ווייל יענער טאַטע איז געווען פון אַן אַנדער

כאראקטער, א גוטער, א ליבער—האט זי געקלערט—דער אונגליק איז אזוי גרויס געוועז וואס איך האב אים פארלארען, פארלארען אויף אייביג. איך האב זיך נאך געמוזט באהאלטען פאר מענשען מיט דער פרוכט פון מיין ליבע, מורא האבענדיג פאר די צינגער פון די מענשען, מען זאל ניט טייטלען מיט די פינגער, אז איך האב געהאט אן אונגעזעצליך קינד.

—און ווי שעהן דאס קינד איז געוועזן!—האט זי ווייטער געטראכט—אין גאנצען אין אים געראטען, ווי איין טראפען וואסער. וואס האט געקענט מיט אים פאסירען? אבער וואס האט זי זיך גראד איצט אן אים דערמאנט? עס איז שוין באלד אוועק פון דעמאלט א פיר און צוואנציג יאהר. אמת, זי האט פיל געבענקט, אבער אם ענדע האט זי פארגעסען. וואס קען מען העלפען? מען מוז פארגעסען. יענער מוז שוין לאנג ניט זיין צווישען די לעבעדיגע—האט זי נעזיפצט— ניט באשערט געווען צו זיין גליקלאך.

די לעצטע פאר וואכען האט מרס. לעווין זיך ווידער דערמאנט אין אלעם. א צופאל האט דערצו געבראכט און האט אויפגעוועקט אירע אלטע וואונדען.

מרס. לעווין האלט פיר רומס אויף דער איסט-סייד, אבער אזוי ווי זי איז א קליינע פאמיליע, בלויז זי מיט איר אכצעהן יאהריגען באי, האלט זי שטענדיג באָרדערס. זי פאררענט די רומס, זי זאל קענען באצאהלען דעם רענט, ווייל די לעצטע צייט האט זיך איר בן-יחיד נענומען צום לומפען און די אונגליקליכע מאמע ליידעט שרעקליך, אזוי ווי זי האט מורא ער זאל ניט געהן גנב'ענען, אז עס וועט אים פעהלען עפעס, ווייל ער געהט ארום ליידיג, גיט זי אים אלע מאל געלט, אבי ער זאל ניט געהן גנב'ענען. און דער באי, זעהענדיג, אז די מאמע גיט געלט, זויגט ער און זויגט ביי איר די לעצטע פעני, אז זי זאגט זיך אפ צו געבען, סטראשעט ער איר, אז זי וועט חרטה האבען... און דאס ווירקט. די ארימע מוטער ארבעט צום טויט און גיט אוים מורא, ווייל עס העלפט ניט קיין בעטען און קיין וויינען, ער גיט א פראל מיט דער טיר און אנטלויפט, שרייענדיג: דו וועסט חרטה האבען! זי לויפט אים נאך און גיט אים אוועק די לעצטע פעני. דערפאר האלט זי פרעמדע מענשען, דערפאר האלט זי באָרדערס, אז זי זאל קענען באצאהלען דעם רענט.

מרס. לעווין האָלט די רומס ריין און ציכטיג, אַז זי זאָל קענען האַלטען אַ בעסערען באָרדער. זי איז שטענדיג פאַר ארבעט. אָפט איז זי ניט אין דער היים, וואָס זי געהט אוועק צו פרעמדע הייזער אויף אַ וואָך, און צוויי, אָדער זי קומט אהיים שלאָפען און דאָס גיט איר גענוג צייט צו מאַכען ריין די רומס. די לעצטע צייט אָבער האָבען זיך די באָרדערס ארומגעזעהן, אַז עס פעהלט ביי זיי געלט. אַ טייל האָבען געשוויגען, ווייל זיי האָבען חושד געווען, אַז די מרס. טוט עס, אפשר פעהלט איר אוים געלט פאַר איר באַדערפעניש. אָבער אַנדערע האָבען ניט געוואָלט ליידען און איר ערקלערט זייער שאָדען, אַז זיי פעהלט געלט פון הויז. איר איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען, ווייל זי האָט פאַרשטאַנען ווער עס נעמט דאָס געלט... אַזוי האָט זי אָפט געמוזט אָפּגעבען געלט צו די באָרדערס. אָבער די לעצטע צייט האָבען אַלע באָרדערס ארויסגעמופט, ווייל עס איז ניט געווען אוויסצוהאַלטען. זיי זיינען געוואר געוואָרען, אַז דאָס גנב'עט ביי זיי בעני, דער מרס. באָי. זיי האָבען אים געוואָלט ארעסטירען, אָבער די אונגליקליכע מוטער האָט נאָך געפרופט צו ראַטעווען איר קינד'ס עהרע און געהאָפט: טאָמער, טאָמער... אָבער אומזיסט! אַזוי זיינען אירע רומס געבליבען שטעהן ליידיג, אָפּגעשטאַנען אַ שטיק צייט. זי האָט שוין ניט געוואָלט פאַררענטען צו קיינעם. צו וואָס זאָל זי ווידער זיך מאַכען צרות מיט סקאַנדאַלען? זאָלען בעסער די רומס שטעהן ליידיג, אָדער זי וועט זיך גאָר ערגעץ איבערקלייבען אין צוויי קליינע רומקעס, און זי האָט זיך וועגען דעם דורכגערעדט מיט איר זונדעל.

בעני האָט געלייייקענט שטיין און ביין און האָט געשוואָרען, אַז זי דאַרף ניט מופען, ער וועט שוין קיינעם ניט טשעפּען. זי האָט אים יאָ געגלויבט און ניט געגלויבט, און זיך געלאָזט צורעדען, און ווידער ארויסגעשטעלט אַ „טו-לעט“.

## צוועלפטער קאַפּיטעל

### (דער נייער באָרדער)

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מרס. לעווין געקראָגען אַ נייעם באָרדער, אָבער ווי איבערראשט איז זי געוואָרען, ווען זי האָט דעם נייעם באָרדער דערזעהן. אַזאַ שעהנער יונגערמאַן, אַן אינטעליגענטער, ער האָט זיך ניט געדונגען ווי אַנדערע. ער איז באַלד באַשטאַ-

נען צו צאָהלען די רענט, וואָס זי האָט געבעטען. די רום איז באַלד געפעלען געוואָרען. ער האָט איר באַלד באַצאָהלט פאַר אַ גאַנצען חודש. און וואָס פאַר אַ פריינדליכער ער איז! און צוגעלאָזען, ניט ווי אַנדערע. ער בלאָזט זיך ניט. אָפט האָט זי באַרדערס, וואָס מיינען אַז זי איז זייער דינסט. ווידער פון אַנדערע ווערט זי באַלעסטיגט מיינענדיג אַז זי איז אַן אָרימע אלמנה גיט זי זיך צו צו די רומס... און זי האָט ביטער צו ליידען. אָבער דער באָרדער איז אַן אויסנאָם. ער איז שטיל, סאָליד און פיין, גיט איר דעם גרעסטען רעספּעקט. אָבער די הויפּט זאַך איז וואָס דער יונגערמאַן האָט איר געבראַכט דערצו אַז עס זאָלען זיך ביי איר אויפוועקען אַלטע ערינערונגען, ווייל דער יונגערמאַן איז זייער ענליך צו איר אַמאָליגען פאַרלאָרענעם געליבטען. אַזאַ געוואַלדיגע ענליכקייט צווישען מענשען אַז עס איז אַ זעלטענהייט. און ווען זי ווייסט ניט אויף זיכער אַז דאָס קינד איז געשטאָרבען! אַזוי האָט דאָך איר געזאָגט דער דאָקטאָר מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער, ווען זי האָט זיך נאָכגעפרעגט, כאָטש זי האָט דאַרויף קיין רעכט געהאַט, ווייל זי האָט זיך פון דעם אָפּגעשריבען. אָבער אַ מאַמע'ס האַרץ! זי האָט געוואָלט וויסען וואָס מיט דעם קינד האָט פּאַסירט, האָט זי אויסגעפונען אַז ער עקזיסטירט ניט מער צווישען די לעבעדיגע. זי האָט געוויסענס-ביסע. זי דענקט, אַז דערפאַר האָט זי אַזאַ שטראָף. דורך די אַ זינד איז איר איצטיגער באַי אַזאַ שלעכטער. עס קען זיין, ווען זי גיט ניט אַוועק יענעם קינד צו פרעמדע וואָלט ער אפשר געלעבט און וואָלט פיללייכט געווען אַ גוט קינד.

זי האָט שווער אָפּגעזיפצט. דער נייער באַרדער האָט אירע וואונדען אָפּגעפרישט. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרביטערטע. גראָדע האָט זי קיין אַרבעט ניט געהאַט, איז זי אַלעמאָל געווען אין הויז און זי האָט אים טאָג-טעגליך געזעהן. און וואָס מער זי האָט אים געזעהן אַלץ מער האָט זי געזעהן דאָס בילד, דאָס לאַנג פאַרגעסען בילד פאַר זיך. דאָס בילד איז וואָס אַמאָל געוואָרען אַלץ נעהנטער און טייערער. און כאָטש זי האָט געוואָלט אים אויסמיידען און אים ניט זעהן, האָט עס איר פאַרט געצויגען אַ קוק צו טאָן אויף אים און אים זעהן. עס איז איר גוט געווען צו קוקען אויף אים, זי האָט געפיהלט אַ נויטווענדיגקייט אין דעם, אַ וואַרעמקייט ביים האַרצען, אָבער אַז זי איז אָפּגעטראָטען און אים ניט געזעהן האָט זי זיך אָפט צעוויינט

און גענומען בענקען אויף דאָס ניי נאָך איר פאַרלאָרענעם גליק...

—ווי גליקליך ס'מוזען זיין זיינע עלטערען—האָט זי אַרויסגערעדט צו זיך אַליין, אָפּזיפצענדיג שווער—ווען איך בין ווערט אַזאַ קינד צו האָבען... אָבער אַז עס איז ניטאָ קיין מזל איז כאָטש נעם און צעריים זיך. מיין בעני... וואָס פאַר אַ צרות בין איך שוין ניט אויסגעשטאַנען פון אים? און ווער ווייסט וואָס איך וועל זיך נאָך אָנליידען פון אים. ער זאָל כאָטש ניט טשעפּען דעם יונגענמאַן... איך שרעק זיך פאַר דעם ווי פאַרן טויט ער זאָל מיר ניט פאַרטרייבען דעם באָרדער. עס איז זעלטען צו טרעפען אַזאַ פיינעם באָרדער.

און מרס. לעווין איז גערעכט געווען, ווייל שוין מיט אַ וואָך שפּעטער האָט שוין דער יונגערמאַן דערזעהן, אַז עס פעהלט אים צעהן דאָלאַר, האָט ער געקלערט, אַז ער האָט עס געוויס ערגעץ פאַרלאָרען, אָבער אין אַ וואָך שפּעטער האָט אים ווידער געפעהלט צעהן דאָלער. דאָס איז אים אויפפאַלענד געווען, עפּעס ווי מען וואָלט ביי אים גע־נומען געהאָלט... ער האָט נאָך ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ זונ־דעל זיין מרס. האָט, דערפאַר האָט ער זיך געוואונדערט, וואָס קיין זאַך פעהלט אים ניט אויסער געלט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען אַ גנב נעמט ביי אים געלט, וואָלט ער אין גאַנצען צוגענומען, ער וואָלט זיך מיט אים ניט געטיילט. עס האָט אים אָבער געערגערט קלערענדיג, דאָס אויב מען וועט זיך מיט אים אַזוי כסדר טיילען, וועט ער מוזען אַנטלויפען צוריק אַהיים, ניט דורכפיהרענדיג זיין גרויסע מיסיאָן.

ער האָט שוין געהיט זיינע קעשענעס, געווען פאָרזיכטיג, טאָמער האָט ער פאַרט ערגעץ אַרויסגעשלעפּט און פאַרלאָרען, מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענש, עס קען זיך טרעפען, כאָטש עס האָט אים זעל־טען געטראָפען פריער, אָבער דאָ איז ער אין אַ פרעמדער שטאָט, און ער פאַרגעסט זיך, אָבער איצט וועט ער זיין פאָרזיכטיג. ער האָט געהיט זיינע פּאַקעטס און איז געווען פאָרזיכטיג, ווען ער האָט אַרויס־גענומען געלט פאַר עפּעס צו צאָהלען. אָבער צו זיין גרויס באַדוי־ערען האָט ער מיט אַ וואָך שפּעטער ווידער אויסגעפונען, אַז עס פעהלט ווידער צעהן דאָלער. דאָס איז ניט פּראָסט—האָט ער זיך געטרייסט מיט גרויס פאַרדרוס. דאָ האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מען נעמט ביי אים אַרויס. זיין פאַרדאַכט איז געפאַלען אויף דער מרס.. עס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסען, אַז אַ פרוי זאָל זיך ערנידעריגען.

אפשר איז זי אזוי ארים, אז עס פעהלט איר אוים אויף צו לעבען— האט ער געקלערט מיט באדויערען—וואלט זי בעסער געבעטען, וואלט ער איר געשטיצט מיט א פאר דאלער, ניט זי זאל אליין נעמען. דאס איז שענדליך! אויב מען וועט אזוי שטענדיג זיין א שותף צו זיין קעשענע, וועט ער מוזען פון דאנען אנטלויפען. און עס האט אים לייד געטאן צו דארפען פארלאזען די לאזשי. ער האט זיך אין דעם הויז געפיהלט גאנץ באקוועם. עס איז שטיל און ריין, קיינער שטערט אים ניט, ער קען זיצען א גאנצען טאג און שרייבען זיינע אויפפאר־סונגען, וואס ער שטודירט אין די גאסען צווישען אידען און קריסטען. אז ער קומט אהיים זיצט ער גאנצע לאנגע שטונדען און שרייבט, ער פארשרייבט באלד אלעס וואס ער הערט און וואס ער זעהט.

אבער וואס קומט ארויס, די צרה מיט'ן געלט איז א גרויסע צרה. עס האט אים געערגערט און ער האט געקוקט מיט חשד אויף דער ווירטין, כאטש זי איז אים שטארק געפעלען געווארען—מיט איר צו רעדען איז געווען א פארגעניגען. אזוי פיל ערפארונג, ווי די פרוי באזיצט, און וואס פאר אן עלענדקייט עס ליגט אין אירע אויגען— האט ער געקלערט—אפשר איז זי אזוי אומגליקליך, אז זי מוז עס טאן? —האט ער ווייטער געקלערט און באשלאסען, אז ער מוז עס אויס־פארשען. אפשר זאל ער מיט איר זיך דורכרעדען?

ער האט געוואוסט, אז מרס. לעווין האט א באי, אבער וואס פאר א באי ער איז האט ער ניט געוואוסט. ער האט אים זייער זעלטען געזעהן. ער האט ניט געוואוסט וואס ער טוט, צי ער ארבעט צי ניט. ער האט זיך ניט אינטערעסירט מיט דעם באי. וואס איז עס זיין געשעפט, אויב יענער מיידט אים אוים און וויל זיך מיט אים ניט באקענען, ניט באפריינדען, דארף מען ניט. דערפאר האט ער ניט געוואוסט וואס ער טוט, מיט וואס ער באשעפטיגט זיך, א דאגה אין אמעריקע, אוודאי ארבעט ער, עפעס מוז ער טאן, ער האט זיך ניט געקימערט.

אז ער האט געהאט שוין דעם דריטען שאדען ווי עס האט אים געפעהלט געלט, דריי מאל אין אזא קורצער צייט, האט עס אים ניט געלאזען איינשלאפען. ער איז געלעגען און האט געטראכט, וואס דאס קען זיין. ער פארשליסט זיין טראנק, אלעס איז דא, דער שלאס גאנץ. טראגט ער ביי זיך געלט פעהלט אויך. דאס מוז דאך זיין א

געניטע האַנט—האָט ער געקלערט און ניט געקענט איינשלאָפען.
—זאָל דאָס זיין, אַז די מרס. לעווין איז אַזוי געניט? איז עס דאָך טאַקע ניט שעהן, עקעלהאַפטיג! עס איז דאָך קיין אַנדערער ניטאָ דאָ אין הויז. דעם באַי זעהט ער זעלטען אין די אויגען. עס זעהט אויס, אַז ער קומט גאָר ניט אין הויז אַריין.

—און ווער ווייסט ביז וואָס דאָס קען אַזוי דערגעהן—האָט ער ווייטער געטראַכט—ווי קען מען דען לעבען אונטער אַזעלכע אומ־שטענדען? ער קען דאָך גאָר מיט קיין זאַך דאָ ניט זיין זיכער. וואָס טוט מען?

—אָבער עס קען דאָך פאַרט ניט זיין, אַז דאָס זאָל טאָן די פאַר־אומערטע און שטענדיג טרויעריגע מרס. לעווין—האָט ער צו זיך אַליין געטענה׳ט—עס גלויבט זיך קוים!

אַזוי ליגענדיג שפּעט אין דער נאַכט און טראַכטענדיג האָט ער דערהערט, ווי דער מרס. זונדעל איז אַהיים געקומען, און קענטיג אַז די מרס. איז נאָך ניט געשלאָפען, וואַרשיינליך האָט זי אים ער־וואַרטעט. ער האָט געהערט ווי די מוטער און דער זונדעל האָבען זיך געקריגט. זי האָט אים געמאַכט פאַרווירפע. זי האָט זיך געבעטען, ער האָט געהערט, ווי טרערען שטיקען איר קול:

—בעני, וואָס וועט זיין דער סוף מיט דיין אַרומשלעפּען זיך דורך די נעכט? וועלכער פיינער באַי געהט עס אַרום אַזוי שפּעט? עס איז שוין פיר דער זייגער. בעני, דו וועסט שוין קיין מענש ניט זיין! וואָס האָסטו צו מיר? פאַרוואָס געהסטו ניט אַרבעטען? וואו האָסטו שוין ווידער גענומען געלט? בעני, זאָג מיר! וואו האָסטו גענו־מען געלט צום לומפּען?

—מאַמע, שאַראַפּ! איך וויל ניט הערען! באַליידיג מיך ניט! איך בין ניט קיין לומפּ! זאָג מיר ניט דאָס וואָרט לומפּ! איך בין אַ פיינער באַי גלייך מיט אַלע אַמעריקאַנער באַיעס!—האָט ער אויס־געשריען.

—אַזוי פיין, ווי דיינע פריינט, מיט וועלכע דו שלעפּסט זיך אַרום! אָבער איך זאָג דיר, בעני, איך וואָרען דיר דאָס לעצטע מאָל, דו ביזט נאָך יונג, ערשט אכצעהן יאָהר, דו קענסט נאָך זיין אַ מענש, איך קען דיר שאַפען אַרבעט, מר. רובין האָט מיר צוגעזאָגט, ער וועט דיך אַריינגעמען אין זיין שאָפּ צו דער אַרבעט און דיך אויס־

לערנען צו זיין א קאטער, אדער וואס דו וועסט וועלען.

—א, א, א שעהנעם לייט וועט ער פון מיר מאכען, א בעל מלאכה! מוחל, מוחל! א דאנק פאר דער טובה! הערסט? ניט שלעכט, א קאטער זאל איך זיין! ניין, ניין, מאמע, דאס ניט! איך קען ניט זיין קיין קאטער און קיין שניידער, איך וויל זיין א ביזנעססמאן!

—א ביזנעססמאן?—האט די מוטער מיט וועה געפרעגט—ווי קענסטו זיין א ביזנעססמאן? דאס דארף מען דאך אויך קענען, און צו ביזנעס דארף מען געלט, א סך געלט, און דאס האבען מיר ניט.

—זאל דיר דיין פריינט לייען.

—וואס רעדסטו? געלט זאל ער מיר געבען? ווי קען ער מיר געבען געלט? ווי קען איך אים גאר בעטען געלט? אויף וואס זאל איך לייען געלט, אויף וואס ארויף?

—נו, זארג זיך ניט, איך וועל האבען געלט—האט דזשאנסאן געהערט די רויע, הייזעריגע שטימע, ווי ער האט דאס געזאגט—ניט געזארגט, איך וועל האבען געלט, א סך געלט! נאך א שטיקעל צייט קריג איך אריין געלט. דעמאלט הער איך אויף צו געהן מיט מיינע פריינט, איך קויף מיר א ביזנעס און די מאמע וועט זיין צוזאמען מיט מיר אין די ביזנעס. דו וועסט ניט דארפען מער געהן ארבעטען. אבער דערווייל דארף איך נאך האבען מיינע פריינט, איך קען זיי איצט ניט אפלאזען. דערפאר, מאמע, וועט דיר שפעטער גארניט פעהלען.

—אוי, בעני, בעני!—האט די מוטער זיך געבעטען—האב רחמנות אויף מיר און אויף זיך, וואס האסטו זיך אריינגעלאזט אין אזא לעבען? וואו וועסטו נעמען געלט? וואס האסטו זיך אריינגענומען אין קאפ אריין ביזנעס? דענקסטו ערגעץ צו גנב'ענען געלט? זאלסט וויסען זיין, בעני, אויב דו דענקסט עס צו טאן, און אויב דו וועסט עס טאן, וועסטו זעהן וואס עס וועט זיין.

—וואס וועט זיין?—האט בעני הייזעריג געלאכט—וועסט זיך נעמען דאס לעבען? דו שרעקסט מיך שטענדיג, אז דו נעמסט זיך דאס לעבען.

—און איך האב עס נאך ניט געטאן?—האט די מוטער ביטער געפרעגט—דו ביזט גערעכט. אז א מוטער ערציהט אזא זון, דארף זי זיך לאנג ניט פלאגען צו ליידען שאנד און שפאט. ווער ווייסט צו

וואָס דיך וועט נאָך טרייבען. אזא פיהרונג קען טרייבען ביז צום „עלעקטריק טשער”— — — —

—מאַמע, שווייג!—האָט בעני מיט כעס אויסגערופען, דען צו דעם אַלעם איז ער געווען א פייגלינג. הערענדיג דאָס וואָרט „עלעק־טריק טשער” איז אים אדורך א קעלט איבער זיין לייב און ער האָט זיך צעבייזערט אויף דער מוטער.

—אָבער הער מיך אויס, בעני, דאָס איז דאָס לעצטע מאָל! אויב דו טוסט עפּעס אַפּ א סקאַנדאַל וועל איך עס מער ניט ליידען.

—גענוג, גענוג, הער אויף! אַז ניט אַנטלויף איך פון הויז און דו וועסט מיך ניט זעהן א וואָך צייט.

—אָבער וואו האָסטו גענומען געלט מיט וואָס ארומצוגעהן מיט פריינד?—האָט דזשאַנסאָן געהערט דער מוטער'ס פאַרשטיקטען קול.

—ניט דיינע ביזנעס!—האָט זיך בעני געבייזערט.

—אונגליקליכע פרוי—האָט דזאַנסאָן באַדויערט רעד אונגליק־ליכער מוטער און שטאַרק רחמנות געהאַט אויף איר, וואָס זי ליידט פון דעם זינדעל אַזוי שרעקליך. אזא בחור זאָל ניט קענען ארבעטען און אויסהאַלטען זיין מוטער מיט עהרע און כבוד, ניט זי לאָזען אר־בעטען און ניט זי לאָזען ליידען. ער האָט געשפּירט, אַז בילד וועט דער בחור אין אַלעם פאַרגעסען, און עס האָט אים ארומגענומען אזא פאַרדרוס, אַז ער האָט געוואָלט אריינגעהן באַלד און גוט אויס־מוסר'ען דעם לומפּישען בחור.

—הער מיך אויס, בעני, דו זאָלסט ניט באַריהרען דעם נייעם באָרדער, ער איז זעהר א פיינער יונגערמאַן און איך וויל ניט, ער זאָל אויך אַנטלויפען. זאָלסט ניט מיינען, אַז איך וועל ווידער אויסקויפען דיינע פאַרברעכענס, ווי דו פלעגסט טאָן מיט יענע באָרדערס—זיי באַגנב'ע־נען און איך האָב געדאַרפט באַצאָהלען מיט מיין שווער פאַרהאָרע־וועטען פאַרדינסט. איך האָב זיך קיין שיך ניט געקויפט און פאַר דיר באַצאָהלט, אבי מען זאָל דיך ניט אַרעסטירען. איך האָב ניט געוואָלט האָבען קיין סקאַנדאַלען, ניט געוואָלט זעהן ווי מען וועט אַוועקשלע־פען מיין בעני'ן אין פּריזאָן. אָבער איצט האָב איך ניט אויף צו לעבען, דו ווייסט, די לעצטע צייט קען איך ניט ארבעטען, איך בין קראַנק, און טאָמער אַרעסטירט מען דיך פאַר דיינע שטיק, וועל

איך עס מער ניט איבערלעבען!—און זי האָט זיך הויך צעוויינט.

—צום טייוועל מיט די ווייבער! וואָס איז ווידער וויינען? וואָס?

—האָט דזשאַנסאָן געהערט בעני׳ס הייזעריגע שטימע, ווי ער האָט זיך געבייזערט אויף דער מוטער—וואָס איז מיט דיר די לעצטע צייט? וואָס? וואָס האָסטו אַזוי מורא מיט דיין באַרדער? יענער האָט געלט ווי שמוץ, געהט אַרום ליידיג און לעבט ווי אַ מיליאָנער. ווער ווייסט וואו ער נעמט דאָס געלט, אפשר איז ער אַזאַ צדיק ווי איך!—האָט דזשאַנסאָן געהערט, און עס האָט אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצען.

—מען דאַרף פון דאַנען אַנטלויפען—האָט ער געקלערט—איצט פאַרשטעה איך שוין אויף ריכטיג וואו מיין געלט איז... אַזאַ גנב קען דערשיסען אָדער אַזוי דאָס לעבען נעמען. דאָ איז מען ניט זיכער מיטן לעבען. געוויס האָט ער אויך אַזעלכע פריינט פון דער אונטערוועלט. און דזשאַנסאָן האָט אָפּגעמאַכט, אַז מאָרגען זאָל ער שוין זוכען ערגעץ אַן אַנדער קוואַרטיר. אַזוי קלערענדיג און טראַכטענדיג איז ער אַ מידער איינגעשלאָפען אַ שווערען שלאָף.

## דרייצענטער קאַפּיטעל

### (דער שרעקליכער חלום)

ווען אַל. דזשאַנסאָן איז מיט שווערער מיה איינגעשלאָפען, האָט ער געזעהן אַ שרעקליכען חלום. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז אין ניו יאָרק און שטעהט פאַר אַן אַלטען טענעמענט הויז, אויפן סטופּ, און ער קלייבט זיך ערגעץ צו געהן. האָט ער אָבער געזעהן, אַז עס איז שטאַרק פינסטער געוואָרען פון שווערע גרויסע וואָלקענס, און עס דונערט און בליצט, די מענשען פון די גאַסען אַנטלויפען, יע־דערער זוכט צו קומען אַהיים וואָס שנעלער, אַנדערע זוכען צו קריגען אַ באַשיצונג פון דעם קומענדיגען שטורעם. אפילו די סטריט קעץ אַנטלויפען אין די נאָרעס, אין די קעלערס, דערוויילע גיט עס יעדען בליץ און דונער גלייך ווי די וועלט וואָלט זיך געשפּאָלטען. פּלוצ־לונג איז אַ דונער אַריין אין דעם הויז, וואו ער איז געשטאַנען, און דאָס הויז האָט זיך אָנגעצונדען און זיך איינגעוויקעט אין פלאַמען. דאָ האָט ער דערזעהן, ווי אַ פרוי לויפט אַרויף די שטיגען און דאָס קליידעל ברענט

אויף איר, און זי שלעפט מיט זיך אַרויף מיט די שטיגען אַ יונגענמאַן פון וועלכען עס גיסט זיך בלוט פון זיינע שלייפען. די פרוי שרייט, געוואַלדעוועט מיט משונה'דיגע קולות און רופט נאָך הילף. אַז זי האָט דערזעהן דזשאַנסאָנ'ען האָט זי אויסגעשטרעקט איר האַנט צו אים ער זאָל איר רעטען. ער האָט זיך געוואָרפען צו קומען דער אונגליק־ליכער צו הילף. ער האָט אין דער פרוי דערקענט זיין מרס. לעווין, ביי וועמען ער וואוינט. ער האָט געכאַפּט, זי איינגעוויקעלט אין זיין ראָק און דערמיט פאַרשטיקט די פלאַמען פון איר קליידעל. ער האָט זי ארויסגענומען אין גאַס איר צו געבען רעטונג, ווערענד יענער יונ־גערמאַן, וואָס זי האָט מיט זיך געשלעפּט, איז געבליבען ליגען אויף די שטיגען אין דעם ברענענדיגען הויז. אָבער די אונגליקליכע מוטער האָט געשריען און געבעטען:

—רעטעט מיין זון! מיין קינד! מיין איינציגען זון פון פייער!

—ער איז אַ פאַרלוירענער, ליבע פרוי לעווין, מען קען אים ניט רעטען, דאָס גאַנצע הויז איז אין פלאַמען...

—מיין אונגליקליכער בעני!—האָט די מוטער געקלאָגט—איך האָב זיך ביי דיר געבעטען און דו האָסט מיר ניט געוואָלט פאָלגען, און איצט איז צו שפּעט! איך קען דיך ניט רעטען.

—אָבער ווער זענט איר, וואָס איר האָט איינגעשטעלט אייער לעבען און מיך געראַטעוועט פון די פלאַמען?

—איך בין דזשאַנסאָן, אייער באָרדער.

—מיין באָרדער?—האָט די אונגליקליכע געפרעגט און אים אָנגע־קוקט—יאָ, יאָ, אָבער וואַרט! דו קוקסט אויס ווי מיין געוועזענער גע־ליבטער, מיין מאַן, מיין געליבטער אַלבערט. יאָ, אפשר ביזטו עס טאַקע מיין געליבטער אַלבערט? וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזען מיט דיין קינד אונטער מיין הארץ און ביזט פאַרשוואונדען געוואָרען?

—ניין, ליבע פרוי, איך בין אייער באָרדער.

—ניין, דו ועסט מיך ניט נאַרען, דו ביזט אַלבערט, וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזען אַזא אונגליקליכע? האָב רחמנות קום צוריק! לאָז מיך ניט אַזוי אונגליקליך לעבען! דו ביזט בייז, וואָס איך האָב דיין קינד פאַר־קויפט? וואָס האָב איך געקענט טאָן? מיט אַזאַ פּיצעלע אויף די הענט? איך האָב געמיינט, אַז אַזוי וועט בעסער זיין. אַז דיין קינד וועט קריגען אַ רייכע היים. אָבער שפּעטער האָב איך שטאַרק חרטה געהאַט,

איך האב געבענקט, איך האב אים געוואלט צוריקקריגען, האט מען מיר געזאגט, אז דאס קינד לעבט ניט מער... גלויב מיר, ליבער אלבערט, איך האב גענוג געליטען, אז איך האב זיך דערוואוסט, אז עס איז פארלארען דיין לעצטער אנדענקען. אבער גאט ווייסט דעם אמת, אז איך האב זיך ניט געקענט העלפען. דערפאר האט מיר אבער גאט באצאהלט. איך האב חתונה געהאט מיט א מאן א שיכור, מיט וועלכען איך האב געהאט א זונדעל, וואס איז אויסגעוואקסען ווי זיין טאטע. און זעה זיין סוף! זעהסט? אט ברענט ער! ער ברענט! אוי, ראטעווע! ראטעווע!

—מיט שרעק האט זיך דזשאנסאן אויפגע:אפט פון דעם שרעק־ליכען שלאף. אז ער האט זיינע אויגען געעפענט, האט ער געזעהן ווי זיין מרס. שטעהט לעבען זיין בעט און פרעגט אים:

—וואס שרייט איר אזוי, מר. דזשאנסאן?

—גארניט, מרס. לעווין, א חלום, א שרעקליכער חלום.

—האט איר אזא נאטור צו שרייען פון שלאף? —האט ברס. לעווין מיט באדויערען געפרעגט.

—ניין, ליבע פרוי, שרעקט זיך ניט—האט ער זי בארוהיגט און מיט א שמייכעל זיך אויסגעדריקט—איך גלויב, עס איז אפשר דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען, אז מען זאל מיך דארפען וועקען פון שלאף—און ער איז געלעגען א מידער.

—דאס איז פון אנגעשטרענגטע נערווען—האט מרס. לעווין געזאגט מיט באדויערען—זעהט ווי אויסגעמאטערט איר זענט פון אנשטרענגען זיך.

—האב איך דען אזוי שטארק געשריען?

—א, איר האט געשריען און געברומט, אז איך האב דערהערט ביז אין קיך אריין. איך האב זיך פשוט דערשראקען.

—איר וועט מיך אנטשולדיגען, מרס. לעווין, עס איז ניט מיין שולד.

—ווער באשולדיגט דען אייך?—האט זי מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל געענטפערט.

—מיר זיינען ניט פאראנטווארטליך פאר זאכען, וואס ווערען געטאן געגען אונזער ווילען—האט ער געזאגט נאכדענקענדיג, ווערענד ער איז נאך געלעגען א מידער אין בעט.

—שטעהט בעסער אויף, וואשט זיך עס איז היינט שעהן. געהט

אַרוים אויף דער פרישער לופט, וועט איר אַפגעפרישט ווערען.

—וואו איז דאָ ביי אייך פרישע לופט צו שעפּען? איבעראַל איז אַזוי שמוציג און פאַרפּעסטעט אין די ענגע שמאָלע גאַסען מיט אַזאַ גרוי־סער באַפעלקערונג? איך וואונדער זיך ווי מען לעבט דאָ.

—אָ, מיינט ניט אַזוי, געהט נאָר אַרוים פון די שמאָלע געדיכטע גאַסען וועט איר זעהן, אַז ניו יאָרק האָט אויך שעהנע געגענטען, שעהנע גרויסע פּאַרקען, שעהנע גאַסען מיט הייזער, וואָס זיינען מיט ביימער און בלומען באַדעקט. דאָס לײדען נאָר די אָרימע, וואָס קענען זיך ניט פאַרגינען דאָרט צו וואוינען, ווייל עס קאָסט צו טייער. אָבער, שטעהט בעסער אויף. עס איז שוין ניין דער זייגער. עס איז ניט גוט צו ליגען אין בעט ווען מען שלאָפט ניט. איך וועל פאַר אייך דערוויילע מאַכען אַ גלאָז טיי.

—אַלרייט, אַ דאַנק, איך שטעה שוין אויף.

אַז דזשאַנסאָן איז אַריינגעקומען אין עס־צימער איז שוין געשטאַנען אַ הייסע גלאָז טיי אויפן טיש, און מרס. לעווין האָט געוואַרט ער זאָל טרינקען. דזשאַנסאָן האָט זיך אָוועקגעזעצט און מיט אַפּעטיט געטרונ־קען די טיי, אָבער מרס. לעווין האָט באַמערקט, ווי בלייך ער קוקט היינט אויס, האָט זי מיט מוטערליכער צערטליכקייט אים געפרעגט:

—איר פיהלט ניט גוט, מר. דזשאַנסאָן?

—ניין, איך בין אַלרייט, אַ דאַנק, מרס. לעווין פאַר אייער פריינד־שאַפט. איך בין נאָר אַ ביסעל נאָך אויפגערעגט פון דעם שווערען שלאָף. דאָס איז אַלעס.

—האָט איר זיך שפּעט געלעגט שלאָפען?

—גראָדע ניט שפּעט, אָבער עס מאַכט זיך, איך בין ניט געוואוינט, דאָ איז דאָס לעבען אַזוי שטורעמדיג. ביי אונז אין באָסטאָן לעבט זיך אַנדערש. דאָרט איז דאָס לעבען רוהיגער ווי דאָ. און עס וואונדערט מיך און עס איז אַ גרויסער שאָדה, וואָס די גרעסטע טייל פון דער באַ־פעלקערונג ליגט אין די ענגע שמוציגע גאַסען. איך גלויב, אַז דאָס איז זייער אייגענע שולד, ווייל די גרעסטע טייל פון די איינוואוינער זיי־נען אימיגראַנטען, און ווען זיי קומען אַרונטער פון דער שיף בלייבען זיי שטעקען אין דעם געדיכטען קעסעל־גרוב, ווי עס וואָלט זיי גע־דאַכט זיך, אַז דאָ איז די ענד פון דער וועלט. וואָלטען זיי געפאָהרען אַ ביסעל ווייטער, וואָלטען זיי ערשט געזעהן, אַז עס לויענט זיך ניט צו

בלייבען דאָ אין דעם ענגען קרייז. אַמעריקע איז גרויס און שעהן און באַקוועם, נאָר צו לעבען, וואו מען קען פיהלען אַז מען לעבט. און דאָ, אין ניו יאָרק, איבערהויפּט אין דער איסט־סייד, גלויב איך, ווערט מען געפּייניגט פון אַלעס. מען איז ניט זיכער מיטן לעבען אין דער געדיכ־טעניש פון די קאַרס און אויטאָמאָבילן, און דאַן די הויכע פלאַרס— מען דאַרף קריכען און אונטערררייסען זיך דאָס האַרץ—האָט ער גע־רעדט מיט געפיהל און האָט באַהויערט די מענשען.

מרס. לעווין איז געשטאַנען און האָט באַוואונדערט דעם יונגענמאַן מיט וואָס פאַר אַ וואַרעמע געפיהלען און מיט לייד ער רעדט וועגען די אָרימע, און זי האָט געפיהלט אַזאַ דאַנקבאַרקייט צו דעם פרעמדען יונגענמאַן, וואָס האָט אַ וואַרעם וואָרט פאַר די אונגליקליכע, און דערביי געלערט אַז גוט איז זיינע עלטערען, וואָס האָבען אַז איידעל קינד מיט אַזאַ וואַרעם האַרץ. אָבער צו דער זעלבער צייט האָט זי געוואָלט פאַרענטפערען די אָרימע, אַז עס איז ניט זייער שולד:

—יאָ, מיין פריינד, איר זענט גערעכט, אַז אויסער ניו יאָרק איז אַ שעהנע אַמעריקע, [illegible] ענדערן זיינען גרויזאַם צום אָרימאַן, די אָרימע עמיגראַנטען בלייבען דאָ אין ניו יאָרק דורך די פיל פאַב־ריקען, וואו מען קען באַלד זיך צושלאָגען צו אַ פּלאַץ צו פאַרדינען אויף אַ שטיקעל ברויט, ווערענד אין די אַנדערע שטעט אין אַמעריקע געהט עס ניט אַזוי לייכט. און דעפאַר וואָס קען טאָן אַן אָרימאַן? ער אַרבעט און איז צופרידען אַז ער האָט ברויט. אַז זיי אַרבעטען זיך אַ אַרבעט און איז צופרידען, אַז ער האָט ברויט. אַז זיי אַרבעטען זיך אַ ביסעל אַרויף, גרינען זיך אויס, ווערען זיי געוואָר, אַז עס איז דאָ אַ שוין. עס זיינען דאָפּילע עמיגראַנטען וואָס זיינען גאַנצע מיליאָנע־רען און לעבען ווי גאָט אין פראַנקרייך.

זיי האָבען נאָך לאַנג גערעדט, זייענדיג צופרידען איינער פון צווייטענס געזעלשאַפט. ער, דזשאַנסאָן, האָט באַוואונדערט, ווי קלוג מרס. לעווין איז און מיט וואָס פאַר אַ לאָגישען פאַרשטאַנד זי רעדט איבער אַלעם און פאַרשטעהט אַלעס. אָבער וואָס פאַר אַ צער עס ליגט אין אירע אויגען! נאָר וואָס איז דער וואונדער? —האָט ער זיך געטראַכט —אַז מען האָט אַזאַ זונדעל קען מען שוין פרעהליך ניט זיין. און ער האָט זיך דערמאָנט אין דער נעכטיגער סצענע צווישען דער מוטער מיטן זון. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט באַשלאָסען צו זוכען

אַז אַנדער צימער, ניט צו בלייבען דאָ לעבען צוליב בעני'לען, דער מרס. זינדעל. אָבער דאָ האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אין דעם שרעק־ליכען חלום, ווי די מרס. האָט אויסגעשטרעקט די האַנט ער זאָל איר העלפען.

—וואָס טוט מען איצט?—האָט ער געקלערט—ער האָט ניט קיין האַרץ איר אָנצוזאָגען דעם צער, זי איז אַזוי אויך אומגליקליך. ער האָט געהערט ווי זי האָט געזאָגט, אַז אויב דער נייער באָרדער וועט דורך אים, דורך בעני'ן, אַרויסציען זיך, וועט זי עס ניט אויסהאַלטען. און עס האָט אים פאַרקוועטשט ביים האַרצען אַ קוק געבענדיג אויף דער באַצער'טער פרוי...

—וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרטראַכט, מר. דזשאַנסאָן?—האָט מרס. לעווין געפרעגט עפּעס ווי פאַרווירט.

—אָט, טאַקע אַזוי, איך קלער אַרויסצוגעהן אַ ביסעל אויף דער לופט, אפשר וועט זיין פרעהליכער.

—געהט טאַקע, געהט אויף דער לופט! איר קוקט אויס אַזוי בלייך—האָט זי באַזאָרגט גערעדט מיט מוטערליכער צערטלידקייט, אַז ער האָט דערפיהלט אַ דאַנקבאַרקייט צו דער אונבאַקאַנטער פרוי. ער האָט דאַן געקלערט: ווי קען איך זי פאַרלאָזען? אפשר וועט זי טאַקע דאַרפען זיין הילף, ווי ער האָט געזעהן אין חלום—און ער האָט באַ־שלאָסען ווייטער צו בלייבען דאָ וואוינען, מעג עס זיין וואָס עס וויל זיך.

ער איז אַריין אין זיין צימער זיך אַנצוטאָן אַוועקצוגעהן און מרס. לעווין איז אַליין געבליבען אין הויז. גראַדע האָט זי היינט געוואָלט רייניגען דאָס הויז, איז זי געבליבען אין דער היים. קיין דרויסענדיגע אַרבעט האָט זי ניט געהאַט און אַז דזשאַנסאָן איז באַלד צוריק אַריין פאַרטיג צו געהן אין גאַס אַריין, האָט ער זיך געזעגענט מיט אַ פריינד־ליכען שמייכעל און איז אַרויס פון הויז.

ווען מרס. לעווין איז אַליין געבליבען האָט זי מיט אַ שווערען זיפץ אַרויסגערעדט: ס'אַראַ טייערער מענש דאָס איז!

דעם זעלבען טאָג מיט אַ פּאָר שטונדען שפּעטער איז דזשאַנסאָן צוריקגעקומען מיט אַ פאַרוואונדעטען פוס. דאָס איז געווען פון דעם עקסידענט, וואָס ער האָט געראַטעט מערי גאָלד, דאָס קליינע מיידעלע וואָס איז שיעור ניט איבערגעפאָהרען געוואָרען פון אַן אַטאָמאָביל און ער, דזשאַנסאָן, האָט איר געראַטעט. אָבער ראַטענדיג דאָס קינד

איז ער פאַרוואונדעט געוואָרען אין פוס. אַז מרס. לעווין האָט זיך דערוואוסט דערפון איז זי פאַרציטערט געוואָרען פאַר שרעק.

—גאָט איז מיט אייך, מרס. לעווין, שרעקט זיך ניט, ס'איז גאַרניט! נאָר אַ ביסעלע צעריטשט די פוס. דערפאַר אָבער האָב איך געראַטעוועט אַ יונג קינד און עס איז ווערט דער אָפּפער, וואָס איך האָב געבראַכט—אַ שטיקעל הויט פון מיין פוס—האָט ער געשפּאַסט—מיר וועט גאַרניט זיין האָב איך מורא.

—אָ, וואָס פאַר אַ מענש איר זענט, מר. דזשאָנסאָן—איך קען אייך ניט פאַרשטעהן. איר ליידט און איר שפּאַסט נאָך. געהט בעסער, לעגט זיך אוועק אויפ'ן בעט און לאָזט מיר זעהן די וואונד.

—זייער גערען, ליבע מרס. לעווין, איר וועט שוין זעהן, אַז עס איז ניטאָ איבער וואָס זיך צו שרעקען.

ער איז אריין אין זיין צימער און מרס. לעווין האָט פאַרזיכטיג אים געהאָלפען אַרונטערנעמען זיין שוך און באַקוקט די וואונד. זי האָט זיך באַרוהיגט, ווייל די וואונד איז ניט געווען קיין שטאַרקע אָבער זי האָט גיך צוגעלעגט קאַלטע וואַסער און זיך אויסגעדריקט:

—זאָרגט זיך ניט, איך בין נאָך אַ גוטע נוירס. איך האָב באַזאָרגט פיל מענשען אין אַ שפּיטאָל. עס איז געווען נאָך אַ רעוואָלוציע, זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען זייער פיל פאַרוואונדעטע מענשען, האָב איך געמוזט פאַרלאָזען די אָפּטיילונג פון די קינפּעטאַרינס און קומען העלפען די פאַרוואונדעטע. יאָ, עס איז ניט אַזוי פרעהליך צו באַנדאַ־זשירען אַ געזונטען מענש מיט אַ צעהאַקטען קאָפּ אָדער פוס, ווייל זיי קרעכצען מיט אַזוי פיל שמערץ, אַז עס רייסט ביים האַרצען.

אַזוי רעדענדיג האָט זי אַרומגעבונדען זיין פוס מיט אַ נאַסען האַנטוך און אים באַפוילען ער זאָל רוהיג ליגען.

—וואָס פאַר אַ ליבליכקייט עס ליגט אין איר צאַרטער באַריהרונג ווי אַ געטרייע מוטער? זאָל עס זיין, ווייל זי איז אַ נוירס?—האָט ער צו זיך אַליין גערעדט.

—וואָס פאַר אַ פּעקעל האָט איר עס דאָרט אַוועקגעלעגט? אפשר איז עס עפּעס וויכטיגס, דאַרף עס דאָ ניט ליגען, דאַרף מען עס באַהאַל־טען—האָט מרס. לעווין געזאָגט. ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע האָט זי ליב געהאַט, אַז אַלעס זאָל ליגען אויף אַן אָרט, אַלעס זאָל זיין אין אָרדנונג.

—יאָ, דאָס פּעקעלע, דאָס האָב איך געקויפט אַ פּרעזענט פאַר מיין בעסטען פריינד, אַן אַלטער דאָקטאָר. ער איז אַ ליבער מענש. איך האָב זיך דאָ ניט לאַנג דערוואוסט, אַז ער איז אַ איד. מאַך איך אים אַן איבעררּאַשונג אַ אידישע זאַך, וועלכע איך דענק וועט אים געווים פרעהען.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ אידישע זאַך?—האָט מרס. לעווין נייגע־ריג געפרעגט.

—אַנו, קוקט עס אַן וועט איר זעהן.

מרס. לעווין האָט צענומען דאָס פּעקעלע און האָט דערזעהן דעם טייער געשטיקטען פּרוכת אויף אַ פיינעם רויטען סאַמעט מיט גאָל־דענע אותיות.

—אַ, ווי שעהן!—האָט זי אויסגערופען—וואו האָט איר דאָס געקויפט?

—ביי אַ געוויסען מר. גאָלד אויף ריווינגטאָן סטרים.

—אַ ,ביי מר. גאָלד'ן? זי, זיין פרוי, איז מיינע אַ קוזינע.

—אייערע אַ קוזינע? פיינע מענשען די גאָלדס. די פרוי, די קינדער.

—פון וואַנען קענט איר דען די פאַמיליע?

—דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל גראַדע זייער קינד רעטען פון אַן אַטאָמאָביל. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער, ווי איך האָב דאָס געקויפט ביי מר. גאָלד'ן.

—אַזוי, זייער קינד? אוודאי די קליינע מערילע, וועה איז מיר! זיי האָבען ניט לאַנג געהאַט אַזאַ אונגליק מיט אַ קינד. דאָס איז גע־ווען אַזאַ בריליאַנט אַ באַיעלע. עס האָט ניט גענומען קיין האַלבע שעה, דאָס קינד איז געווען אין געשעפט און זיי האָבען זיך פאַרדרייט אין די ביזנעס און באַלד האָב מען דאָס קינד אַריינגעבראַכט צעהרג'עט.

—יאָ, ליידער, זיי האָבען עס מיר דערצעהלט.

—זענט איר געווען ביי זיי אויבען אין הויז?

—יאָ, דאָס קליינע קלוגע מיידעלע האָט מיך ניט אָפּגעלאָזען, בין איך אַרויפגעגאַנגען.

—טאַקע מיט דעם צעקלאַפּטען פוס?—האָט זי אים פאַרגעוואָרפען.

—איך האָב גאָר ניט געפיהלט קיין שמערצען. זיי האָבען מיר דאָרט אויך צוגעלעגט קאַלטע וואַסער.

—אַזוי? איז לילי געווען אין הויז?

—יאָ, זי איז ערשט אַוועק צו ביזנעס.

—אַ וואָס פאַר אַ טייערע קינדער זיי זיינען. די לילי איז אַ גאָלדענע מיידעל מיט אַלע מעלות. און אַ באַי איז דאָרט דאָ, עס איז זיי מקנא צו זיין!

—יאָ, עס זעהט אויס, אַז די מיידעל איז זייער אַ ליב קינד. זי איז שעהן ווי אַ מלאך!—האָט ער באַגייסטערט אויסגערופען.

מרס. לעווין איז געווען צופרידען. וואָס דזשאָנסאָן איז אַזוי באַגייסטערט פון דער פאַמיליע, איבערהויפּט פון דער שעהנער לילי׳ן, און זי האָט צופרידען געשמייכעלט.

—איר האָט זיי געזאָגט ביי וועמען איר וואוינט?

—איך געדענק ניט, מיר זיינען געווען אַזוי צעטומעלט, אַז איך געדענק ניט, צי איך האָב זיי געזאָגט מיין אַדרעס.

—נו, זיי וועלען זיך שוין אינטערעסירען אייך צו זעהן, זיי זיינען גאָלדענע מענשען די גאָלדס.

און מרס. לעווין האָט קיין טעות ניט געהאַט, דען שוין דעם זעלבען אָוועגט זיינען מר. און מרס. גאָלד געקומען געוואר ווערען ווי זייער קינד׳ס רעטער פיהלט. מר. דזשאָנסאָן האָט זיך דערפרעהט זיי צו זעהן, ווי ער וואָלט זיי שוין זייער לאַנג געקענט, האָט מיט זיי גערעדט ווי מיט אַלטע באַקאַנטע. מרס. גאָלד האָט אפילו אַ ביסעל אונטערגעהונקען אויף דער ענגלישער שפּראַך, אָבער זי האָט זיך דורכגערעדט אויף אַזוי פיל צו פאַרשטעהן.

—מייז מערי האָט געוואָלט מיטגעהן אייך זעהן, מר. דזשאָנסאָן, נאָר איך האָב איר ניט געלאָזט, זי שטעהט אויף פרי צו געהן אין סקול, דערפאַר מוז זי געהן פרי שלאָפען. אָבער זי פאַרגעסט אייך ניט אַ מינוט.

—זי איז אַ ליב קינד—האָט מר. דזשאָנסאָן געזאָגט—איך וואָלט איר וועלען זעהן.

—נו, איר וועט זי זעהן, מאָרגען וועט זי קומען, אפשר מיט לילי׳ן. זי וויל אויך זייער זעהן וואָס איר מאַכט—האָט זי געזאָגט ניט לאַנג טראַכטענדיג.

מר. דזשאָנסאָנ׳ס אויגען האָבען אויפגעשטראַלט.

—וואָס זשע מאַכען זיי, אייערע קינדער?

—אָלרייט! איר ווייסט דאָך אַמעריקע, ביזי. מען איז ביזי—

האָט זיך מר. גאָלד אָנגערופען—און מען איז צופרידען וואָס מען איז ביזי, ווייל אויב מען איז ניט ביזי איז נאָך ערגער. מיין באַי וויל אייך אַזוי גערען זעהן. איר וועט שוין זעהן אַ באַי, עס איז דאָ מיט וועמען צו רעדען—האָט זיך מר. גאָלד באַריהמט.

—נו, אויב ער וויל זיך באַמיהען זאָל ער אויך צוקומען—האָט דזשאָנסאָן געבעטען—איך וועל זיין גליקליך זיך צו באַקענען מיט אים. איך בין דאָ פרעמד, האָב נאָך ניט קיין פריינד, ווייניג באַקאַנטע.

—אַזוי? פון וואַנען זענט איר דען, מר. דזשאָנסאָן?

—איך בין פון באָסטאָן.

—וואָס זשע, איר זוכט אַ באַשעפטיגונג?—האָט מרס. גאָלד ניי־געריג געפרעגט.

—יאָ—האָט מר. דזשאָנסאָן קורץ געענטפערט.

—באַזיצט איר עפּעס אַ פאַך?—האָט מר. גאָלד זיך אָנגערופען.

—יאָ, איך בין אַ מעכאַניקער—האָט דזשאָנסאָן געענטפערט.

—אַזוי? אַ מעכאַניקער מאַכט אין אַמעריקע שעהן געלט.

—איך דענק אַזוי—האָט דזשאָנסאָן טאַמעוואַטע זיך אָנגערופען.

—איך האָב פיל באַקאַנטע, וועל איך זיי פרעגען, צי זיי האָבען פאַר אייך אַרבעט, מר. דזשאָנסאָן—האָט מר. גאָלד זיך אָנגערופען.

—איך דאַנק אייך זייער, אָבער איר דאַרפט זיך ניט באַמיהען, ווייל איך האָב שוין אַ פּלאַץ, מיין פאַטער'ס אַ פריינד האָט עס מיר פאַרשפּראָכען

—אַזוי? אָבער אויב איר וועט ניט זיין צופרידען, זאָלט איר מיר לאָזען וויסען, וועל איך פאַר אייך זעהן אַ פּלאַץ צו אַרבעטען.

—זייער שעהן, מר. גאָלד, איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער פריינדשאַפט.

—און איך וואָלט קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז איר זענט אַ פּראָסטער מעכאַניקער, מר. דזשאָנסאָן. איר קוקט אויס ווי אַן אַנדער סאָרט מענש—האָט מרס. גאָלד זיך אָנגערופען.

—מיין פרוי האַלט זיך פאַר אַ מענשען־קענערין—האָט מר. גאָלד געלאַכט—דאָס מאָל האָט זי פאַרלאָרען.

—זי האָט ניט אין גאַנצען פאַרלאָרען—האָט דזשאָנסאָן מיט אַ שמייכעל געזאָגט—איך בין טאַקע אַ מעכאַניקער, אָבער בלויז פאַר דער צייט זיך אַרויפצושלאָגען צו עפּעס בעסערס, ווייל איך האָב ניט זייער

ליב דעם פאך.

—א, זעהסט! איך בין טאקע ווידער א מבין אויף מענשען— האט מרס. גאלד אויסגערופען שטאלץ.

—מר. גאלד, איר האט זיך ניט גענארט אין מיין קוזינע—האט מרס. לעווין זיך ארייגעמישט מיט א שמייכעל.

—איך האב ניט קיין חרטה אויפן שידוך—האט מר. גאלד געזאגט —זי האט אפטע טענות צו מיר, אבער איך ניט.

—הלוואי זאלען מיינע מיידלאך קיין ערגערע מענער ניט קריגען— האט מרס. גאלד אויסגערופען—איך ווינש זיך נאר, אז מיר זאלען זיין געזונט און זיך עלטערען צוזאמען ביז הונדערט און צוואנציג יאהר.

—זאל אייך גאט העלפען!—האט דזשאנסאן א פרעהליכער זיי אנגעוואונשען.

—א דאנק אייך, מר. דזשאנסאן—האט מר. גאלד באגייסטערט אויסגערופען דריקענדיג זיין האנט, ווערענד זיינע אויגען האבען גע־שטראלט מיט ליבע, קוקענדיג צו זיין ווייב. א ווארעמער שטראל האט אויך ארויסגעקוקט פון אירע אויגען.

—וואס פאר א ליבע פאר־פאלק דאס זיינען—האט דזשאנסאן געפיהלפול געטראכט.

זיי האבען נאך א היבשע צייט פארבראכט, ווען זיי האבען זיך ווארעם צעזעגענט און אוועק אהיים.

## פערצענטער קאפיטעל

(דזשאנסאנ׳ס נייער פריינד)

אז אל. דזשאנסאן האט זיך באקענט מיט הערי גאלד איז ער צו אים צוגעקלעפט געווארען. מרס. לעווין האט זיך אויסגעדריקט, אז הערי איז זייער ענליך צו מר. דזשאנסאנ׳ען, ווי זיי וואלטען געווען ברידער. אזא שטארקע ענליכקייט צווישען זיי, אז ווען מען האט זיי געזעהן צוזאמען, האט מען געקענט מיינען, אז זיי זיינען אדער ברידער, אדער גאנץ נאהענטע קרובים.

ווי געזאגט האט אל. דזשאנסאן זייער ליב געקראגען דעם יונגען הערי גאלד. און געליבט האט ער אים פאר זיין חכמה און פיינקייט. זיי פלעגען זיך אפט טרעפען צוזאמען און פארברענגען.

אז דזשאנסאן האט נאר געקענט ארומגעהן אויף זיין פוס, פון וועלכען ער האט געהאט א היבש ביסעל צו ליידען, האט אים הערי

גלייך ארויפגענומען צו זיך אין הויז אריין. געווען איז עס פרייטאָג אָווענט. ווען אל. דזשאָנסאָן איז אריינגעקומען צו מר. גאָלד'ן אין הויז, האָט ער זיך פאַרוואונדערט. דאָס הויז האָט אויסגעקוקט באַזונדערס ריין און ציכטיג. דער טיש געדעקט מיט אַ ווייס־געפּרעסטען טישטוך, און אויפן טיש האָבען געברענט גרויסע ליכט אין אַ גרויסען זילבער־נעם לייכטער. אין אַן עק טיש זיינען געלעגען צוויי פרישע חלות, צוגע־דעקט מיט אַן אויסגענייט צודעקעל. אין מיטען טיש איז געשטאַנען אַ פלאַש וויין און אַ זילבערנער בעכער, שעהנע זילבערנע עסצייג מיט ווייסע קליינע טישטוכלאַך פאַר יעדען איינעם.

מרס. גאָלד איז געווען שעהן אָנגעטאָן, מיט אַ שעהנעם שירץ פון אויבען. זי האָט דזשאָנסאָנ'ען באַגעגענט מיט אַ ליבען שמייכעל. די קליינע מערי איז אים אַנטקעגען געלאָפען און מיט פרייד אויסגע־רופען:

—אָ, מר. דזשאָנסאָן, איך האָב אַזוי געהאַפּט אייך צו זעהן ביי אונז!

—האָסט נאָך מיר געבענקט, זיסע מערי?

—יאָ!—האָט זי גלייך און פשוט געענטפערט.

—אָ, מר. דזשאָנסאָן, מערי איז אין אייך פאַרליבט!—האָט מרס. גאָלד אויסגערופען און מיט נחת געקוקט אויף דער קליינער קלוגער מיידעלע, וועלכע איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ ווייס קליידעלע.

—אַ שאָד, זי איז נאָך אַזוי קליין!—האָט אל. מיט אַ שמייכעל געענטפערט.

—וואָס איז דער מער מיט לילי'ן? זי איז דאָ̈ אַ גרויסע—האָט מערי אריינגעזאָגט.

—לילי האָט דאָך אָבער מיך ניט ליב—האָט אל. געשפּאַסט, און מיט די אויגען געזוכט לילי'ן.

—זאָרגט ניט, לילי האָט אייך ליב, זי רעדט שטענדיג פון אייך.

—פּלוידער ניט, איך האָב ניט ליב, אַז אַ קליין מיידעלע רעדט אַ סך

—האָט די מוטער זיך אָנגערופען.

דאָרויף איז אָנגעקומען לילי. אַ פרעהליכע, אַ לוסטיגע האָט זי דזשאָנסאָנ'ען באַגריסט. דזשאָנסאָן האָט זיך אויך דערפרעהט ווען לילי איז אריינגעקומען, עפּעס איז דאָס הויז פול געוואָרען מיט פרייד און יובעל. אַלע ווינקעלאַך האָבען געטאַנצט.

—אַט אַזוי איז זי, אַז זי קומט נאָר אריין, ווערט פול מיט איר

דאָס הויז—האָט די מוטער אויסגערופען לאַבענדיג.

—איך האָב ליב פרעהליכע מענשען, וואָס דען? פאַר אירע יאָהרען איז נאָר צו זיין פרעהליך—האָט דזשאָנסאָן זיך אויסגעדריקט.

—אָבער וואָס שטעהען מיר אין מיטען צימער? לאָמיר זיך זעצען —האָט הערי גאָלד זיך אָנגערופען—קומט אַהער, פריינד דזשאָנסאָן, זעצט זיך דאָ ביז דער פּאַפּאַ וועט קומען

אין דער ווייל׳ע האָט זיך די טיר געעפענט און מר. גאָלד איז אריינ־געקומען מיט אַ פרעהליכען „גוט שבת!“. ער האָט באַגריסט מר. דזשאָנ־סאָנ׳ען און געפרעגט ווי ער פיהלט זיך און זיך באַלד גענומען זאָגען „שלום עליכם“. די איבעריגע אין הויז זיינען געבליבען שטעהן מיט דרך ארץ און זיך ניט געזעצט, וואַרטענדיג ביז ער וועט פאַרטיג ווערען. מר. גאָלד האָט אָבער אַ וואונק געגעבען, אַז דזשאָנסאָן זאָל זיך זעצען. הערי האָט געפאָלגט, צוגעפיהרט דזשאָנסאָנ׳ען צו אַ שטול און אים געהייסען זיך זעצען.

אַז מר. גאָלד איז פאַרטיג געווען מיטן זאָגען „שלום עליכם“ האָט ער אָנגעגאָסען דעם זילבערנעם בעכער מיט וויין און מיט אַ פרומען קלינגענדיגער שטימע קידוש געמאַכט. דאַן האָט ער צעשניטען די פריי־שע היימיש־געבאַקענע חלה און אַלע האָבען זיך געזעצט צום טיש. הערי איז מיט דזשאָנסאָנ׳ען געזעסען ביי איין זייט, ווערענד לילי מיט דער קליינער מערי׳ן זיינען געזעסען אַנטקעגען, און מר. און מרס. גאָלד אויבענאָן. מרס. גאָלד האָט דערלאַנגט גוטע געפילטע פיש.

—די פיש איז אויסגעצייכענט גוט, עס האָט מיר נאָך קיינמאָל אזוי גוט קיין פיש ניט געשמעקט—האָט דזשאָנסאָן זיך אויסגעדריקט.

—מיין פרוי קען גוט קאָכען און באַקען, איך קען ניט עסען די געקויפטע חלה—האָט מר. גאָלד געלויבט זיין פרוי און מיט אַ ליבליכען שמייכעל געקוקט אויף איר.

—נו, איך זאָג צו לילי׳ן זי זאָל זיך אויך לערנען קאָכען, לאַכט זי זיך אויס. זי זאָגט, אַז זי קען באַשטעהן, אַז אַנדערע זאָלען עס פאַר איר טאָן—האָט מרס. גאָלד זיך אָנגערופען—די היינטיגע וועלט איז קליגער, מען וויל זיך ניט פּלאָגען מיט קאָכען און באַקען.

—האָב ניט מורא, אַז זי וועט באַדאַרפען וועט זי שוין קאָכען—האָט מר. גאָלד זי פאַרטיידיגט.

—ניין, איך וועל ניט קאָכען—האָט לילי מיט אַ שמייכעל זיך

אָנגערופען.

—און אַז דו וועסט האָבען אַ מאַן וועסטו אויך ניט קאָכען?—האָט דער פאָטער געפרעגט.

—איך וועל אים שיקען אין רעסטאָראַנט עסען—האָט לילי קינדעריש געלאַכט, און ביים לאַכען האָבען אַרויסגעשיינט אירע פּערעלווייסע קליינע ציינדלאַך און צוויי חן־גריבעלאַך אין די ראָזע רונדע בעקלאַך האָבען זיך באַזונדערס אָפּגעצייכענט. אירע אויגען האָבען געשיינט ווי רובינען פון פרייד און גליק. מען האָט געקענט זעהן, אַז דאָס יונגע מיידעל איז פול מיט פרייד. זי האָט ביים גאַנצען עסען געלאַכט און געשטיפט. אַל. דזשאָנסאָן האָט זיך געפיהלט היימיש און זיין הארץ האָט געטאַנצט, און אַ ציטער פון פרייד האָט אים אַרומגענומען, אַז ער האָט פאַרגעסען וואו ער איז אין דער וועלט. אַלע זיינען צו אים אַזוי צוגעקלעפּט געוואָרען ווי אייגענע מענשען, ווי אַן אייגענע פאַמיליע. די עסענס האָבען אים זייער געשמעקט, ער האָט שוין לאַנג אַזא גוטען אָפּעטיט ניט געהאַט ווי ביים היינטיגען מאַלצייט, ביים שבת'דיגען טיש ביי די גאָלדס.

שפּעט אין אָווענט, אַז ער האָט זיך געזעגענט און באַדאַנקט פאַר דער פיינער אויפנאַמע, האָט לילי זיך אָנגערופען:

—מר. דזשאָנסאָן, פאַרגעסט ניט, מאָרגען זענט איר אויך אונזער גאַסט. מאָרגען איז מיין יום טוב.

—יאָ, יאָ, מר. דזשאָנסאָן, מאָרגען מאַכען מיר אַ געבורטס־טאָג יום טוב, עס איז אַכצעהן יאָהר אַז לילי איז געבאָרען געוואָרען—האָט דער אַלטער מר. גאָלד זיך אָנגערופען—ערשט איז זי געווען אַ קליין מיידעלע און היינט איז זי שוין מיין כלה מיידעל.

—הערי איז אפילו עלטער, אָבער אַ מיידעל האָט אַלע מאָל דעם פאָרצוג—האָט מרס. גאָלד צוגעלייגט.

—איך וועל אייך פאָרשטעלען מיינע פריינדינעס—האָט לילי געזאָגט.

—עפּעס שעהנע מיידלאַך?—האָט אַל. מיט שפּאַס געפרעגט.

—יאָ, מיינע פריינדינעס זיינען אַלע שעהנע מיידלאַך.

—זיכער ניט שעהנער פון אייך, מיס גאָלד.

—אָ, זי האָט פריינדינעס ווי געקליבענע פּערעל—האָט הערי פרעהלאַך אויסגערופען —אויף אונזער איסט־סייד זיינען דאָ זייער

שעהנע מיידלאַך און יונגעלייט.

—דאָס איז גוט, מיר וועלען שוין זעהן מאָרגען—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט.

ביים געזעגענען זיך האָט ער אָנגענומען לילי'ס צאַרטע, ווייסע האַנט, און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַזאַ שעהנע האַנט האָט ער נאָך ניט געזעהן. ווי פון ווייסען מאַרבעל פון אַ קינסטלער אויסגע־טאַקט האָט אויסגעזעהן איר שעהן הענטעלע. ער האָט אַ פּאָר מינוט געהאַלטען איר האַנט אין זיינער. דאָס יונגע מיידעל האָט דערפיהלט אַ הייסען שטראָם אַדורכגעהן דורך איר יונג אונבאַריהרט האַרץ פון זיין צאַרטער באַריהרונג, ווי עפּעס אוננאַטירליכעס וואָלט אָנגעריהרט אירע נערוועז. זי האָט אַ לייכטען ציטער געטאָן און איז שעמעווודיג־רויט געוואָרען, און ניט קענענדיג אויסהאַלטען זיין בליק האָט זי אירע אויגען אַרונטערגעלאָזען. אַט דעם מאָמענט האָט דזשאָנסאָן שפּעטער לאַנג ניט געקענט פאַרגעסען. זי האָט אין דער מינוט אויסגע־זעהן ווי אַ זיסער מלאך, געמאָלען מיט צאַרטע פאַרבען, פול מיט חן און רייץ. זי איז אים אין דער מינוט אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז עס איז אים שווער געווען צו שיידען זיך מיט איר.

אַז דזשאָנסאָן איז אַרונטער אין גאַס האָט אים אַ קיל ווינטעל אַרומגענומען און אָפּגעקילט זיינע צעוואָרעמטע נערוועז. עס איז שוין געווען נאָך צוועלף דער זייגער. ניו יאָרק האָט נאָך ניט גערוהט דעם ריכטיגען בייטאַכטיגען שלומער, ווי אין די קליינע געגענטען. עס האָט זיך נאָך היבש געקאָכט אין די גאַסען, כאָטש עס איז געווען קיל. אמת, עס האָט שוין ניט געקאָכט מיטן בייטאָגעדיגען לעבען, דאָס הוהאַ לעבען, דער „האַרי אַפּ“. ביינאַכט אין דער צייט זיינען נאָך געווען אָפען די רעסטאָראַנען, די קענדי סטאָרס, וועלכע זיינען געווען פול מיט יונגוואַרג טשעקי שפּילער, וואו זיי געפינען אַ ווינקעל און פאַרברענגען אין שפּילען קרעפּס. דאָס האָט דזשאָנסאָן זייער באַדויערט ווי די יונגע קינדער ווערען אַריינגעשלעפּט אַזוי צו ביסלאַך אין שלעכטע געוואוינהייטען. אויף די טראָטואַרען איז שוין ניט געווען אַזוי ענג ווי בייטאָג, אָבער עס האָט ניט געפעהלט קיין פאַרביי־געהער. דאָס זיינען געגאַנגען יונגע פאַרלאַך פון טעאַטער, פון „מואווינג פּיק־טשור“, און דאַן פון רעסטאָראַן צו כאַפּען אַ ביים, אַ קאַפּע מיט „קייק“, און צובייסען מיט אַ קוועטש, אַ קוש...

אַל. דזשאַנסאָן האָט עס באַאָבאַכטעט און געשמייכעלט, ווי די יוגענט זוכט זיך פּלאַץ פאַר איר אויסדרוק... ער איז אַזוי געגאַנגען ביז ער איז געקומען צום פּאַרק אויף דילענסי סטריט—כאָטש עס איז ניט קיין פּאַרק, ווייל עס זעהט זיך דאָרט זעלטען אַביימעל, דאָך זיינען דאָרט דאָ בענק זיך אָוועקצוזעצען זיך אָפּרוהען. ער האָט זיך מיישב געווען, אַז עס וואָלט ניט געשאַדט אַוועקצוזעצען זיך אַ ביסעל. ער האָט נאָך ניט קיין חשק געהאַט צו געהן שלאָפען, עפּעס איז אים געווען צו־גוט אויפן הארצען, און ער האָט נאָך געוואָלט בלייבען אויף דער לופט און דורכלעבען, דורכטראַכטען דאָס אַלעס, וואָס ער האָט היינט דורכ־געלעבט, בייגעוואוינט ביי דער פאַמיליע גאָלד.

וואָס פאַר אַ טייערע פאַמיליע דאָס איז!—האָט ער צו זיך אַרויס־גערעדט, און ער איז דאַנקבאַר געווען דעם שיקזאַל פאַר דעם, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז ער איז מיט זיי באַקאַנט געוואָרען.

—דער יונגער הערי גאָלד איז אַ טייערער בחור, איז שעהן, קלוג און גוט, אַ זעלטענער יונגערמאַן—האָט דזשאַנסאָן גערעדט צו זיך, און ער האָט דערפיהלט, אַז ער האָט אים ליב, אַז ער האָט אין אים גע־פונען אַ פריינד. אין דעם קאָכעדיגען ניו יאָרק, וואו ער איז אַ פרעמדער, איז פאַר אים אַ גוטע זאַך צו האָבען אַזאַ פריינד.

—און לילי? וואָס פאַר אַ זעלטענע מיידעל דאָס איז!—האָט ער ווייטער געטראַכט—דער נאָמען גאָלד פּאַסט זיך צו איר! זי איז טאַקע אַ בריליאַנט, שעהן ווי אַ זיסער מלאך. איר נאַאיווקייט און גוטסקייט קוקען אַרויס פון אירע שעהנע אויגען. און ער האָט דערפיהלט אַ זעל־טענעם פאַרגעניגען ביי דעם געדאַנק.

זיצענדיג אַליין אין דעם דילענסי סטריט פּאַרק האָט דזשאַנסאָן באַמערקט, אַז עס איז נאָך ניט געווען איבעריג שטיל, דען פון צייט צו צייט זיינען דורכגעפאָהרען קאַרס מיט דעם רעשטעל פאַרשפּעטיג־טע פּאַסאַזשירען פון די נאַכט־פאַרגעניגענס. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער פאַמיליע גאָלד און האָט אַרויסגערעדט:

—און מר. און מרס. גאָלד! אַ מוסטער פון גוטע עלטערען, כאָטש מר. גאָלד איז אַ פרומער און איז איינגעטונקען אין אַלע אַלטע אידישע טראַדיציעס, צווינגט ער ניט זיינע קינדער צו זיין אַזוי ווי ער. ער האָט ניט געזעהן, אַז הערי זאָל האָבען געטאָן די זעלבע זאַכען וואָס דער פאָטער. אפשר האָט ער עס ניט געטאָן צוליב מיר—האָט ער ווייטער

געקלערט—דער פּאַטער, כאָטש ער איז אַ וועלטליכער מענש, היט ער דאָך אָפּ זיינע אידישע מנהגים, אָבער די קינדער זיינען אַמעריקאַני־זירט און ווייסען אוודאי ווייניג פון דעם אַלעמען. דערפאַר זיינען זיי אָבער גוט און גאַסט־פריינדליך, אַז עס איז מיט זיי אַ מחיה צו פאַר־ברענגען.

ער האָט ווידער אַרויסגערופען דאָס בילד פון דער שעהנער לילי'ן אין זיין געדאַנק:

—וואָס פאַר אַ צאַרטע בלום דאָס איז! אַ ריינע אונבאַריהרטע ווייסע לילי... ריין און צאַרט, ווי ווייסער זייד, אָן אַ פלעק.. ער האָט ווידער דערמאָנט זיך אָן זיין כלה העלען ראַגען. יענע איז אויך שעהן, וואונדערליך שעהן, אפשר שעהנער פון לילי'ן, אָבער צו פאַרגלייכען די צוויי מיידלאַך איז אַ גרויסער קאָנטראַסט קענטיג. ווערענד לילי קוקט אויס ווי אַ הייליגער גוטער מלאך, איז העלען אין זיינע אויגען ווי אַ טייוועל, אַ דעמאָן, מיט איר שעהנקייט. העלען איז געבוירען צו טאָן שלעכטס. איר גאַנצער באַגער איז צו הערשען, צו געוועלטיגען, און וואָס מער קאַפּיטאַל צו שלאָגען, ווי איר פאָטער, דער פילפאַכער מיליאָנער מר. הענרי ראַגען.

דזשאָנסאָן האָט זיך מיט וועהטאָג דערמאָנט מיט וואָס פאַר אַ שווארצע פאַרבען זי האָט די אידען געמאָלען. ער איז דעמאָלט שיעור ניט שוואך געוואָרען אין זיין גלויבען איבער אַנדערע נאַציאָנען, אי־בערהויפּט איבער די אידען. מיט איר שעהנקייט האָט זי זיין האַרץ גענומען און ער האָט זיך ניט געקענט פון איר אַרויסדרעהען. ער האָט דעמאָלט געגלויבט, אַז מיט דער צייט און אונטער זיין איינפלוס וועט זי איר שלעכטע מיינונג ענדערען צום גוטען. און אויך איצט האָט ער געדענקט, אַז ער זאָל אָנווענדען זיין גאַנצען איינפלוס זי צו באַקערען צו ווערען מענשען־פריינדליך... ער איז געווען צופרידען, וואָס דער שיקזאַל פיהרט אים צוזאַמען מיט פיינע מענשען, אידען אַזעלכע ווי די גאָלדס, סיימאָנס און דר. סמיט.

—עס איז ווערט דער קאָמף, וואָס איך האָב אונטערגענומען—האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט—איך צווייפעל ניט אַז ,אידען זיינען אַ גוט פאָלק און עס איז צו האָפען, אַז איך וועל עס קענען איבערצייגען —האָט ער געטראַכט און האָט זיך ווידער דערמאָנט, ווי שעהן דער איד מר. גאָלד קוקט אויס פראַווענדיג זיינע טראַדיציאָנעלע מנהגים—

עפּעם די גוטסקייט שיינט ארויס פון זיינע גרויסע, שוואַרצע און טיפע אויגען. מיט וואָס פאַר אַשעהנקייט דאָס פאַמיליען־לעבען ווערט דאָרט דורכגעפיהרט, וואָס פאַר אַן אָפענע ליבע מר. גאָלד צייגט ארויס צו זיין פרוי און קינדער!

דזשאָנסאָן שמייכעלט ביי דעם געדאַנק, און ער דערמאָנט זיך ווי עס לייכטען אויף די אויגען ביי מר. גאָלד'ן ווען ער רעדט פון ליבע מיט זיין פרוי. עס זעהט אים אויס, אַז זיי ליבען זיך נאָך אַזוי שטאַרק ווי יונגע מענשען. און ווי דער מר. גאָלד ווערט רעספּעקטירט פון זיינע קינדער, וואָס פאַר אַ דרך ארץ זיי האָבען פאַר זייער פאָטער'ס פירונגען.

—פּאָפּאַ איז ניט קיין פאַנאַטיקער, ער איז אַ וועלטליכער מענש, נאָר האָט ליב זיין אידיש פאָלק מיט זיינע מנהגים—האָט אים הערי איינמאָל שטיל איינגערוימט—ער צווינגט אונז ניט מיר זאָלען אים נאָכטאָן. ער זאָגט, אַז מיר וועלען האָבען דעם אייגענעם ווילען און עס פיהלען אַפּצוהיטען זיינע פיהרונגען, וועט ער זיין צופרידען. אָבער דערוייל זיינען מיר ווייט פון דעם אַלעם.

—ווי אַנדערש מיינע עלטערען זיינען!—האָט ער געטראַכט—מיין מאַמע פאַרביטערט מיר דאָס לעבען מיט אירע פרומע שטיק. זי שלעפּט מיך שטענדיג צו געהן אין קירכע, כאָטש איך בין ווייט דערפון. ערשט נעכטען האָט ער ערהאַלטען אַ בריף פון זיינע עלטערען און זיין מאַמע פרעגט אים צי ער פאַרגעסט ניט צו געהן אין קירכע. זי בעט אים ער זאָל געהן כאָטש איינמאָל אַ וואָך.

—און דער פאָטער מיינער?—האָט דזשאָנסאָן ווייטער געטראַכט—ער איז אפילו ניט אַזוי פאַנאַטיש ווי די מוטער, איז ער אָבער גלאַט אַ קרענק—און עס האָט אים פאַרדראָסען, וואָס ער דאַרף אַזוי דענקען וועגען זיינע עלטערען—ער האָט שטענדיג אַ זייער שטרענגע דיסציפּלין ווי אַ מיליטער־מאַן און איז שטאָלץ אויף זיין ענגלישער יהוסדיגער אָפּשטאַמונג, און דענקט, אַז יעדערער דאַרף עס וויסען און רעספּעקטירען דעם אַמאָליגען אַדעלמאַן.

טראַכטענדיג אַזוי האָט ער געפיהלט ווי ער איז מקנא די קינדער הערי און לילי גאָלד מיט זייערע צערטליכע און גוטע עלטערען.

ער איז אַזוי געווען פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, אַז ער האָט פאַרגעסען וואו ער איז אין דער וועלט, און האָט ניט געוואוסט די שפּעטע שטונדע, ביז וואַנען אַ רויע שטימע האָט אויסגערופען:

—מר., וואס טוט איר דא אין פארק אזוי שפעט? דא טאר מען ניט שלאפען!

דזשאנסאן האט זיך אויפגעכאפט ווי פון א שלאף און האט פאר זיך דערזעהן א פאליסמאן, פון וועלכען דער פארבאטענער טראפען האט זיך שטארק געפיהלט ווי פון אן אפען פעסעל שנאפס. דזשאנסאן האט אויפהויבענדיג זיך געפרעגט:

—ווי שפעט איז עס דען?

—שוין צייט צו שלאפען! דריי אזייגער. צייט צו ליגען אין א בעט, ניט אויף א באנק.

—וואס טוט מען, אז מען האט ניט קיין היים,און קיין בעט?

—האט זיך דזשאנסאנ'ען פארגלוסט א שטיף צו טאן מיט דעם שיכור'ן גערעכטיגקייטס היטער.

—שלאפט מען אין פאליס-סטיישאן—האט דער פאליסמאן געענטפערט גראב.

—איז דער פאליס-סטיישאן א קווארטיר פאר ארימע, וואס האבען ניט וואו צו שלאפען?

—יא, דער פאליס-סטיישאן איז א פלאץ פאר נאכט-פייגעלאך און ארומשלעפער און אויך פאר שיכורע.

—אזוי, אזוי?—האט דזשאנסאן געזאגט און שיעור ניט ארויס געזאגט, אז דער גערעכטיגקייטס-היטער וואלט זיכער בעדארפט זיין דער ערשטער אין פאלס סטיישאן צו קריגען א פלאץ וואו זיך אויס־צו שלאפען, ווייל ער קען נעבאך ניט שטעהן אויף זיינע פיס...

—נו, וואס טראכסטו? קום!

—וואוהין זאל איך געהן?

—קום, איך וועל דיר שוין צייגען.

דזשאנסאן האט נאך א ביסעל געצעגערט, און עס האט זיך אים דאן פארוואלט אנקוקען א ניו יארקער פאליס-סטיישאן, וואו עס ווערען געהאלטען די חברה-לייט ,וואס זיינען שוין די נאכט איינגעקווארטירט געווארען, וואס דארפען קריגען א באשיצונגס־פלאץ אונטער דער אויפזיכט פון אט אזעלכע גערעכטיגקייטס־היטער. אנדערע ווידער, וואס זיינען ריכטיגע פארברעכער און דארפען קריגען זייער שטראף פאר פארשידענע פארברעכענס.

פארברעכער צ. ב. ש. ווי רויבער, גנבים מערדער אדער גרויסע

שווינדלער, וועלכע פּאַסירען אַזוי אָפט אין דעם גרויסען קעסעל־גרוב ניו יאָרק, וואָס ווערען דורכגעפיהרט אונטערן נאַכט־שאָטען — אַט אַזעל־כע פּאַרברעכער, האָט דזשאַנסאָן פאַרשטאַנען, וועט ער דאַרט ניט טרעפען, ווייל זיי גראַדע געלינגט עס זעלטען די פּאָליציי זאָל זיי קריגען, ווייל פּונקט ווען מען דאַרף די פּאָליציי איז זי ניטאָ.

— יאָ, בלויז אַזעלכע שרעקליכע פאַרברעכער ווי איך בין כאַפּען זיי — האָט דזשאַנסאָן איראָניש געטראַכט, געהענדיג ביי דער זייט פון שיכורן פּאָליסמאַן, וועלכער האָט אים געפיהרט צום סטיישאָן, איינ־צושפּאַרען אים פאַר איבערטרעטען דאָס געזעץ אַזוי שפּעט צו זיצען אין פּאַרק.

## פופצענטער קאַפּיטעל

קומענדיג אין פּאָליס־סטיישאָן אין דער שפּעטער שטונדע האָט ער דאָרט געטראָפען לעבעדיג און פרעהלאַך ווי אין מיטען טאָג.

אין אַ גרויסען צימער האָט מען אים געהייסען וואַרטען, און דער היטער פון בייניאַכט האָט אים אָנגעצייגט ער זאָל זיך זעצען צווישען די אַנדערע פּראַברעכער. דאָס זיינען געווען עטליכע פּאַרשוינען, וואָס זיינען פאַר זיכער אויך ניט לאַנג אַרעסטירט געוואָרען און אַהער גע־בראַכט געוואָרען פאַר פאַרשידענע פּאַרברעכענס און זיי וואַרטען עס דאָ אויף זייער משפּט...

דזשאַנסאָן האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט די פּאַרשוינען, די פּאַר־שידענאַרטיגע פּאַרברעכער, און האָט באַלד געזעהן, אַז גראַדע די, וואָס מען דאַרף, זיינען דאָ ניטאָ... עס זיינען געזעסען אַ פּאָר אַלטע שיכור'ע פרויען פון דעם ריכטיגען סאָרט... אָפּגעשלאָגענע הושענות פון דער בויערי גאַס... דער אָפּפאַל פון מענשליכער אַנשטענדיקייט צו וועלכען די דאָ זיינען אפשר געטריבען געוואָרען פון דער געזעלשאַפט אויס נויט און הונגער, וועלכע מען וואָלט אפשר געווען געקענט מיט אַ קליינינג־קייט דערהאַלטען ביי דער מאָראַל, ווען מען וואָלט זיי געווען באַמיט־ליידען און זיי געוועז העלפען. די געזעלשאַפט איז אָבער אַ מאָדנע באַ־שעפעניש, אַז זי זעהט זיך עמיצען טרינקען אין זומפּ, לאַכט זי זיך אויס, און יענער ווערט נאָך טיפער און טיפער אַריינגעשטופּט כדי ניט צו קענען אַרויס פון זומפּ... אַט אַזוי ווערען פילע אַריינגעשלעפּט ביז דעם טיפסטען אָפּגרונד, און שפּעטער ווערען זיי פאַרשטויסען, און די זעלבע,

וואס האבען געהאלפען יענע פאלען אין זומפ, ווערען דערנאכדעם די ריכטער און משפט'ען די אונגליקליכע זינדיגע מיט שפאט און די פארמשפט'ע ווערען פארשטויסען און פארשפיגען, כאטש זיי, די פיינע ריכטער, זיינען געווען די אורזאך פון זייער פאלען... די געזעלשאפט וויל מער פון זיי ניט וויסען, זיי ווערען גערופען דער אפפאל פון דער מאראל... ווער האט זיי געבראכט דערצו? — — — — —

אט דאס האט אל. דזשאנסאן דורכגעטראכט און דורכגעדענקט, קו־קענדיג אויף די צוויי פרויען. זיי האבען געהאט שפורען פון אמאליגער שעהנקייט, עס האט זיך געצייגט, אז די פרויען האבען אמאל געמוזט זיין זעהר שעהן. אבער איצט זיינען זיי געווען אלט און שמוציג, אין צעריסענע קליידלאך, צעדרייטע שיך און צעבראכענע היטעלאך, פון אונטער וועלכע עס זעהט זיך אפיר קורצע, שיטערע, האלב־בלאנדע צעשוויבערטע האר. די נעז ביי די פרויען זיינען געווען רויט־בלא פון פיל טרינקען, די באקען איינגעפאלען און געל, ווייט פון זויבערקייט, די הענט זיינען געווען לאנגע און דארע און אנשטאט דער אמאליגער ווייסקייט זיינען זיי געל ווי פארמעט און קוקען אוים ווי פארוויאנעטע גראז. זיי האבען געהאט לאנגע, שמוציגע נעגעל. די פרויען האבען גע־האלטען אין איין וואַרטשען אפגעריסענע אונפארשטענדליכע ווערטער. דזשאנסאן האט זיי באדויערט און געטראכט, אז ווען די פרויען וואלטען געהאט הילף אין צייט, ווען זיי האבען זיך גענויטיגט, וואלטען זיי היינט אפשר געקענט זיין אנשטענדיגעפרויען און גוטע מוטערס צו קינדער, און אזוי? וואס וועט זיין דער סוף פון אזעלכע אונגליקליכע באשעפע־נישען? זיי וועלען ערגעץ פאלען אין גאס, זיי וועלען אוועקגעשלעפט ווערען אויף א שטאטישען בית־עולם און פארווארפען ווערען, פאר־שארט ווערען אן א פריינדליכען בליק, אן א פריינדליכער טרער... דזשאנסאן האט מיט באדויערען א זיפץ געטאן, זיין גוט הארץ האט אים וועה געטאן פאר די אונגליקליכע. ער איז אפשר געווען דער איינ־ציגער, וואס האט זיי באדויערט...

אויף אן אנדער פלאץ זיינען געזעסען א פאר אלטע מענער. זיי האבען אויסגעקוקט ווי בעטלער, און זיי האבען גאנץ געשמאק געבראַ־פעט ווי ביי זיך אין בעט. ווייטער אין א זייט זיינען געזעסען עטלאכע יונגע טרעמפס, פארשיכור'טע, וועלכע זיינען געפונען געווארען שלאַ־פענדיג ערגעץ אונטער טרעפ אין א קארידאר.

מיטאַמאָלהאָט זיך געפּענט די טיר און אַ גראָבער פּאָליסמאַן מיט אַ רויט פליישיג פּנים האָט אַריינגעבראַכט צו פירען אַ נייעם אַרעסטאַנט. דאָסאיז געווען אַ קליין מאָגער מענשעלע מיט אַ קליין שיטער בערדעל. ער האָט אויסגעזעהן צעשראָקען ווי אַ האָז, אַרומקוקענדיג זיך פון אַלע זייטען. ס'איז געווען קענטיג, אַז דער מענשעל איז דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל, ווייל ער האָט כמעט אויסגעזעהן קאַמיש. ווען מען האָט אים געהייסען זיך זעצען האָט ער מורא געהאָט זיך אַרונטערצולאָזען אויף דער באַנק, קוקענדיג צו די פאַרשיכור'טע טרעמפּס. דזשאָנסאָנ'ען איז איבערגעלאָפען אַ שמייכעל איבערן פּנים, זעהענדיג די צעשראָקענע מינעס פון דעם אידעל.

דאָ האָט זיך געעפענט אַ זייטיגע טיר און אַ פּאָליציי־שעף איז אַריינגעקומען. עס איז שטיל געוואָרען. עס האָט אויסגעוויזען, אַז אַלע ערוואַרטען זייער משפּט. דער שעף איז צוגעגאַנגען צו אַ טיש און זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן דעם איינעם בענקעל, וואָס איז דאָרט געווען. ער האָט אויסגעקוקט צו זיין פאַרשלאָפען און געמאַכט אַ קרומע מינע, זעהענדיג עטלאַכע פאַרברעכער וואַרטענדיג אויף זיין אורטייל.

—קאָפּרול!—האָט דער שעף גערופען מיט אַ הייזעריגער שטימע צום פּאָליציימאַן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך צווישען די נאַכט־פאַרברעכער—ווער זיינען די ערשטע? פיהר זיי צו!

—הער, די צוויי פרויען האָט מען געטראָפען זיך אַרומשלעפּען איבער די גאַסען—און ער האָט אָנגעצייגט אויף די צוויי שיכור'ע פרויען.

דער שעף האָט אויף זיי געוואָרפען אַ שטרענגען בליק, קענטיג, אַז זיי זיינען דאָרט ניט קיין זעלטענע געסט, און ער האָט אויסגערופען:

—אַרונטער מיט זיי אין אַ צעל! זאָלען זיי זיך דאָרט אויסשלאָפען ביז מאָרגען!

—דאָ זיינען אַ פּאָר מענער, וואָס מען האָט געפונען שלאָפען אין אַ האָל אונטער די שטיגען.

—שיקט זיי אויך אַרונטער!

—אָט די דריי יונגע בחורים האָט מען געטראָפען שפּילען אין קאָרטען אין אַ פאַרדעכטיגען הויז, האָט מען די דריי אַרעסטירט און די אַנדערע זיינען פאַרשוואונדען.

—פאַרשוואונדען? אַלע מאָל די זעלבע מעשה פאַרשוואונדען!—

האט זיך דער שעף געבייזערט—נו, זאלען זיי אויך פארשפארט ווערען אין א צעל ביז צו א פארהער.

—אט דעם האט מען ערשט אריינגעבראכט, מען האט אים גע־טראפען אין גאס א שיכור'ען זינגען און מאכען א ליארעם אין דער שפע־טער שטונדע.

דאס איז געווען דער צעשראקענער אידעל. ער האט זיך אויפגע־שטעלט און ניט געוואוסט וואס צו טאן.

—קומט אהער, מר.—האט דער שעף גערופען, באטראכטענדיג דעם ארעסטירטען.

דער אידעל איז צוגעגאנגען און איז געבליבען שטעהן ניט ווייט פון טיש. דער שעף האט אויף אים געווארפען א שטרענגען בליק, באטראכט אים פון אויבען אראפ און געגעבען א קנייטש מיטן שטערען, דערזעהענ־דיג דעם פארברעכער...

—ווי קומט עס אזא מאן ווי איר, וואס זעהט אויס צו זיין א פרו־מער איד, זאל געהן אזוי שפעט ביינאכט און מאכען ליארעמס?

—אנטשולדיגט, שעף—האט דער אידעל געשטאמעלט—איך האב גאר ניט געמאכט קיין ליארעמס, איך האב נאר א ביסעל געזונגען—האט ער ווייטער זיך געוואלט פארענטפערען.

—דער קאפרול זאגט ניט קיין ליגען! ער זאגט, אז איר האט געזונ־גען איבער די גאסען. איר ווייסט וואס עס קומט דערפאר? אין אזא שפעטער שטונדע צו שטערען די רו פון דער שטאט?... אזא מאן ווי איר דארף ליגען אין בעט אין אזא שפעטער שטונדע—האט דער שעף געמוסר'ט דעם אידען.

—ענטשולדיגט, שעף, דאס איז א צופאל, דאס ערשטע מאל, אז איך האב זיך פארשפעטיגט ביי א פריינט צו א שמחה'לע. זיין פרוי האט געבארען א אינגעל, האט מען זיך א ביסעל פארשפעטיגט מיט פאר־ברענגען גאנץ אנשטענדיג, מיט עסען, מיט טרינקען.

—אהא, מען האט געטרונקען?—האט דער שעף אונטערגעכאפט.

—ניט חלילה געשיכור'ט, בלויז צו ביסלאך, ווי ביי א אידישער שמחה, דערפון איז מען געווארען פרעהלאך, און געהענדיג אהיים האט מען אונטערגעזונגען, ווייל אויפן הארצען איז געוועזען פרעהלאך, אבער ניט חלילה געליארעמט, דאס איז ניט מעשה איד.

—נו, און זינגען אין אזא שפעטער שטונדע אין גאס איז אויך ניט

ערלויבט, און דערפאַר קומט אַ שטראָף. נאָר צוערשט שלאָפט זיך די נאַכט דאָ איבער אין אַ צעל און מאָרגען וועט איר פאַרגעפירט ווערען פאַרן ריכטער—האָט דער שעף זיך געפּרובירט רייצען מיטן צעשראָקע־נעם אידען.

—אין אַ צעל שלאָפען?—האָט זיך דער איד דערשראָקען און זיך שיעור ניט צעוויינט—אַ, האָט רחמנות, מר. שעף, איך בין דאָך ניט קיין פאַרברעכער איך זאָל שלאָפען אין אַ צעל. מיין ווייב און די קינדער וועלען ניט וויסען וואָס עס האָט פּאַסירט מיט מיר. איר וועט זעהן, מר. שעף, זאָל נאָר אַוועקגעהן נאָך אַ שטונדע, וועלען זיי קומען צולוי־פען אַהער מעלדען מען זאָל מיך זוכען, זיי וועלען דענקען, אַז איך ליג שוין ערגעץ אין אַ מאַרג אַ דער'הרג'עטער.

—אַז דו ווייסט, אַז דיין ווייב און דיינע קינדער שרעקען זיך אַזוי, האָסטו ניט קיין רעכט אַזוי שפּעט אַוועקצובלייבען פון הויז.

—טאַקע אמת, מר שעף, אָבער איך שווער, אַז מער וועל איך ניט געהן אַזוי שפּעט, לאָזט מיך אַהיים געהן צו מיין ווייב און קינדער, איך בעט אייך.

—אָלרייט, באַצאָהל צוויי דאָלער.

—צוויי דאָלער? פאַרוואָס, מר. שעף? וואָס בין איך דען באַגאַנ־גען אַ פאַרברעכען?

—רעד ניט פיל! ווילסט ניט? אַרונטער שלאָפען! מען קען זיך מיט דיר ניט דרייען אַ קאָפּ!

דער אידעל האָט אָפּגעזיפצט, זיך גענומען זוכען אין די קעשע־נעס, און האָט אַרויסגעשלעפּט אַ ביסעל קליינגעלט, עס איז אָבער ניט געווען גענוג, ער האָט בלויז געהאַט איין דאָלער מיט צוואַנציג סענט.

—דאָס איז אַלעס וואָס איך האָב, אויף מיין עהרען־וואָרט.

—קאַפּרול, וואָס זאָל מען מיט אים טאָן?

—ווי איר פאַרשטעהט, שעף.

—נו, זאָל ער געהן, ער וועט מאָרגען ברענגען דאָס רעשטע געלט, נעם זיין אַדרעס.

—יאָ, יאָ, איך ברענג מאָרגען—האָט דער אידעל זיך געבעטען.

—נו, גוט, געה!

דער אידעל האָט זיך פאַרנייגט און איז שנעל אַוועקגעגאַנגען. אַט אַזוי האָט מען אָפּגעפערטיגט איינעם נאָכן אַנדערען פון די

נאכט-פארברעכער. די מערסטע האט מען איינגעשפארט אין די צעלען, איינפאך—ווייל זיי האבען ניט געהאט וואוהין צו געהן שלאפען, און א טייל האט מען געלאזען פאר א ווייטערדיגען פארהער, אדער משפט פארן ריכטער.

אל. דזשאנסאן האט באאבאכטעט און געזעהן, אז דערווייל האט מען נאך ניט איינעם געבראכט פון די ריכטיגע פארברעכער, ווארשיינ־ליך טויגען זיך יענע אוים אויף ארויסצודרייען זיך, אדער מען מאכט זיך ניט זעהענדיג און זיי געהען ארום פראנק און פריי.

אין דער צייט, וואס דזשאנסאן האט פארבראכט אין ניו יארק, האט ער זיך גענוג אנגעהערט און אנגעלעזען אין די צייטונגען וועגען די פיל גרויסע, געוואגטע פארברעכענס, רויבערייען און מארדען, און אלע מאל הערט מען, אז די פארברעכער זיינען פארשוואונדען געווארען, מען זוכט זיי און מען קען זיי ניט געפינען...

—את אזעלכע פארברעכער ווי איך, ווי דער אידעל, זיינען זיי פעהיג צו ארעסטירען און זיי איינשפארען אין א צעל—האט ער גע־טראכט—אבער יענע, וואס זיינען דער שרעק, דער אונגליק פאר דער מענשהייט, יענע זעהט מען ניט.. יענע באפט מען ניט...

זיינע געדאנקען זיינען איבערגעשלאגען געווארען ווען מען האט פלוצלונג אים א רוף געטאן צום פארהער. דזשאנסאנ'ען האט זיך זעהר געוואלט אפטאן א שפיצעל דעם גערעכטיגקייטס-היטער, האט ער זיך אבער דערמאנט אן דער מרס. לעווין , וועלכע איז צו אים גוט ווי א מוטער, וואס זינט די פאר וואכען, וואס ער וואוינט ביי איר, האט זי אים ארויסגעצייגט אזוי פיל צערטליכקייט ווי א געטרייע מוטער, ווען ער האט געליטען אויף זיין פוס. שטענדיג שטעהט זי און קוקט אויף אים אזוי מאדנע, אז אפט דוכט זיך אים, אז עס ציטערט א טרער אין אירע שעהנע און טרויעריגע אויגען.

—יא, זי האט אים געזאגט—האט ער זיך דערמאט—אז זי האט גע־האט א יונגענט פריינט, איז ער געווען עהנליך צו מיר. ארימע פרוי, ווי זי ליידט! און איצט, ווער ווייסט, זי מוז ניט שלאפען פאר שרעק, אז זי זעהט איך בין ניט געקומען שלאפען, זי קען דארט אויך דענקען, אז איך ליג שוין ערגעץ א טויטער, ווי דער איד האט געזאגט, דאס הארץ אירס וועט איר וועה טאן.

ער האט געפיהלט, אז ער קען איר ניט לאזען ליידען, זי איז אזא

גוטע און ליבע פרוי. ער ווייסט ניט פאַרוואָס, אָבער ער פיהלט אַזוי מאָדנע נאָהענט צו דער פרוי, צי איז עס אפשר אויס רחמנות, ווייל זי ליידט אַזוי פיל צוליב איר ביטערען שיקזאַל.

ער האָט מער ניט געקענט דענקען, ווייל ער איז גערופען געוואָרען צוצוגעהן גלייך צום שעף. ער איז צוגעגאַנגען און איז געבליבען שטעהן.

דער שעף האָט אים באַטראַכט מיט פאַרשענדיגען בליק און האָט אויסגערופען:

—אייער נאָמען, מר.?

—אַלעקסאַנדער דזשאַנסאָן—און ער האָט דערביי אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר פון בוזעם-קעשענע און עס דערלאַנגט דעם שעף. דאָס איז געווען אַ שריפט פון פּאָליציי-שעף פון באָסטאָן. ווען דער שעף האָט דעם פּאַפּיר דורכגעקוקט האָט ער אויסגערופען:

—ווי קומט עס, דר. דזשאַנסאָן, אַז מען זאָל אייך אין אַזאַ שפּעטער שטונדע טרעפען זיצען אין פּארק איינער אַליין?

—ווייל איך האָב ניט געפיהלט ווי צו שלאָפען, האָב איך זיך אוועקגעזעצט אַ ביסעל אויף דער לופט.

—ענטשולדיגט, דר., אין ניו יאָרק איז ניט אין באָסטאָן, דאָ מוז מען זיין פאָרזיכטיג, אין אַזאַ שפּעטער שטונדע איז די פּאָליציי חושד יעדען איינעם וואָס מען טרעפט, איר ווייסט וואָס עס טוט זיך אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי ניו יאָרק. עס קומען פאָר פאַרשידענע פּאַסירונ־גען, אָפט שרעקליכע, אין די נעכט.

—יעס, שעף, עס איז זעהר ריכטיג און עס איז גוט, וואָס מען איז אַזוי פאָרזיכטיג מיט די פאַרברעכער, אָבער איך האָב דאָ ניט געטראָ־פען אפילו איינעם פון יענע, וואָס מען זוכט... יענע זיינען צו־קלוג זיך אויסצוהיטען, יענע זיצען ניט אין פּארק צו וואַרטען מען זאָל זיי קו־מען אַרעסטירען.

—ליידער, ליידער!—האָט דער שעף צוגעגעבען אָנצופרידען—מיר טוען אַלעס מעגליכעס צו פאַרהיטען די געזעלשאַפט פון די אויס־וואורפען, אָבער מען קען זיך ניט העלפען, דאָס פּאָלק איז צו־גרויס און ניו יאָרק איז פול מיט פאַרברעכער.

—יאָ, מען מוז צוגעבען, אָבער עס וואָלט ניט געשאַדט מען זאָל בעסער זוכען די ריכטיגע פאַרברעכער און ניט זיך אָפּגעבען מיט אַזעלכע ווי איך אָדער נאָך אַזעלכע.

—מען קען ניט אויסרעכענען, דאָקטאָר, ווער עס איז אַ פאַרברע־כער, די פּאָליציי זעהט אין יעדען אַ פאַרברעכער, וואָס שלאָפט אין אַ פּאַרק, אָדער שלעפּט זיך אַרום שפּעט ביינאַכט—האָט דער שעף זיך אויסגעדריקט צו טרעפען דזשאַנסאָנ'ען פאַר זיין מוסר זאָגען—אָבער איר האָט דאָך געקענט זאָגען ווער און וואָס איר זענט, וואָלט איר דאָך פאַרשפּאָרט צו זיצען דאָ?

—עס מאַכט ניט אויס, שעף, עס איז אינטערעסאַנט בייצוואוואוינען אַזעלכע סצענעס.

—איך האָף, דאָקטאָר, איר האָט ניט געזעהן אַזעלכעס, וואָס איז ניט אָנגענעהם אָדער ניט פיין באהאנדעלט די בירגער.

—ניין, שעף, איך האָב געזעהן, אַז איר זענט אַ גערעכטער מאַן, איר באהאנדעלט מיט טאַקט אַלעמען גאַנץ פיין. עס איז נאָר פאַרדרים־ליך, וואָס מען ברענגט ניט די ריכטיגע פאַרברעכער... זיי ווערען אָפט פאַרזעהען און זיי טוען אַפּ שרעקליכע מעשים, ווערענד מען גיט אוועק צייט אויף אונוויכטיגע פּערזאָנען.

—וואָס קען מען זיך העלפען? מיר האָבען שוין פאַרטאָפּעלט אונזער סטעף און עס העלפט ניט. עס איז נאָך ניט גענוג.

—עס איז ניט וויכטיג, וואָס איר האָט אַ גרויסען סטעף, עס איז וויכטיג, אַז דער סטעף זאָל זיין אַ פעהיגער אַ געטרייער...

**—אין באָסטאָן איז אויך ניט בעסער, מען הערט דאָרט אויך גע־נוג פון געוואַלד־טהאַטען, פאַרברעכענס—האָט דער שעף געזאָגט.**

—נו, יאָ, עס איז אַ מין עפּידעמיע. דער געלט־גאָט בושעוועט שרעקליך איבער דער גאַנצער וועלט, מען דינט צו אים, מעג אַ מענש זיין דער גרעסטער פאַרברעכער, איז ער נאָר רייך און פאַרשטעהט זיך צו מאַסקירען, זעהט מען ניט זיינע פאַרברעכענס. ער ווערט אַ העלד פון טאָג, און מען רעדט פון אים, מ'פּויקט זיין נאָמען, זיינע פעהיג־קייטען און ער ווערט אַ געלט־גאָט. דערפאַר האָט זיך צעשפּילט די פאַנ־טאַזיע פון דער הייסבלוטיגער יוגענט צו שאַפען קאַפּיטאַל און ווערען פּאָפּולער. אין אַמעריקע ווערט דער געלט־מענש מער אָנגעזעהן ווי דער גרעסטער פילאָזאָף, און דאָס ליידער איז די ריכטיגע אורזאַך פון די מערסטע פאַרברעכענס. דאָס איז אַזאַ מין סאָרט קראַנקהייט, פּעסט, וואָס איז זעהר שווער אויסצוראָטען. סיידען עס זאָל געלינגען איבער־צואַנדערשען די גאַנצע געזעלשאַפט אונזערע אַזוי, אַז געלט זאָל

ניט זיין דער הויפּט אידעאַל אין לעבען.

—איר פאַנטאַזירט, דאָקטאָר, —האָט דער שעף געלאַכט—זינט די די וועלט איז באַשאַפען זיינען דאָ פאַרברעכער. די ערשטע מענשען, אדם׳ס קינדער, וואָס זיינען בלויז געוועזען צוויי, האָט שוין איין ברודער דער׳הרג׳עט דעם צווייטען, ווייל ער האָט ניט פאַרגינען אַז יענער זאָל האָבען מער פּריווילעגיע ביי גאָט. נו, ווי קענט איר זיך פאָרשטעלען אַז מיליאָנען מענשען זאָלען זיין גרעסערע צדיקים?

—לײדער, לײדער!—האָט דזשאָנסאָן באַדויערט—יאָ, עס וועט נאָך נעמען ניט איין דור צו מאַכען די מענשען פאַר מענשען... —האָט ער צוגעגעבען—עס וואָלט געוועזען אַ שעהנע וועלט, ווען עס הערשט מער יושר.

—ווען עס הערשט מער יושר וואָלט איך דאָך ניט געהאַט קיין אַרבעט—האָט דער פּאָליציי־שעף געלאַכט—און עס וואָלטען אַרומגעגאַנגען טויזענטער מענער לעדיג, ווייל מען וואָלט ניט באַדאַרפט קיין פּאָליציי, קיין ריכטער און קיין אַדוואָקאַטען. עס וואָלטען נאָר געוועזען מלאכים מיט מיילער, וואָס וואָלטען דאַרפען עסען און ניט געהאַט וואָס צו פאַרדינען, וואָלטען זיי אפשר איינעם דעם אַנדערען אויפגעגעסען און עס וואָלט געוועזען אויס מיטן וועלטעל...

—הייסט עס אַז לויט אייער מיינונג דאַרף און קען אַנדערש ניט זיין, ווי רויב און מאָרד, גזלה און אונמענשליכקייט... אַ, אַ, ניט קיין שלעכטער געשעפט—האָט דזשאָנסאָן אויסגערופען אַ געררייצטער זעהענדיג מיט וואָס פאַר אַ גלייכגילטיגקייט דער היטער פון געזעץ רעדט וועגען די אומרעכטען און מענשליכער אכזריות.

—רעגט זיך ניט אויף, מיין פריינד, איר זענט נאָך יונג צו האָבען די ערפאַרונג פון פינסטערע כוחות, וואָס הערשען לײדער אין דער מענשליכער געזעלשאַפט. אָט האָט ערשט די וואָך פּאַסירט אַ שרעקליכע טראַגעדיע. איין מאַן האָט דערשטאָכען אַ צווייטען אויף טויט צוליב אייפערזוכט, און דער מערדער איז ווי אַ פייגעלינג אַנטלאָפען און מען קען אים ניט געפינען. דאָ קען מען ניט חושד זיין אימיצען אין כאַבאַר. ס׳איז ניט מער—ניו יאָרק איז אַ קעסעל־גרוב פון טויזענטער און טויזענטער מענשען, עס איז גענוג פאַרן פאַרברעכער אוועקצוגעהן אין אַן אַנדער גאַס און זיך ענדערען זיין נאָמען און מען געפינט אים שוין ניט. געה, זיי קלוג, געפין אַ שפּילקע אין אַ וואָגען היי, ווי מען זאָגט אַ ווערטעל אין אייראָפּע.

—איך בין ניט איינשטימיג מיט אייך, שעף—האט דזשאנסאן געזאגט—איך דענק, אז א פארברעכען אדער ווי מען רופט עס א זינד, ווערט דעם פארברעכער ניט געשענקט, אויב ניט פון דער געזעלשאפט, ווערט ער פון דער נאטור באשטראפט. אזא זאך געהט ניט אוועק אונ־באשטראפט. א חוב מוז באצאהלט ווערען, איז ניט היינט, איז מארגען, פון גאט דרעהט מען זיך ניט ארויס, א זינדער קריגט שטראף.

—דארף דאך דער פארברעכער זיין א גלויביגער דאס צו גלויבען! דערווייל זיינען זיי ווייט פון גלויבען און לאכען זיך אוים פון אלעס, געהען ארום פראנק און פריי און טו זיי עפעס.

—איך מיין צו זאגען, אז איינער איז א פארברעכער טוט ער ניט איינמאל א פארברעכען, אלזא, איין מאל, צוויי מאל געלינגט עס אבער ווי געזאגט, דער סוף איז אז ער מוז אריינפאלען אין די הענט פון גע־רעכטיגקייט—האט דער שעף געוואלט בארוהיגען דעם יונגענמאן, זעהענדיג ווי אונצופרידען ער איז מיט דער ארדענונג...

—יא, ריכטיג—האט דזשאנסאן צעגעגעבען—נו, זייט מיר געזונט, שעף, איך ווינש אייך ערפאלג.

—געהט געזונט, איך דאנק אייך, דאקטאר, אפשר דארפט איר אמאל עפעס, לאזט וויסען, איך וועל אלעס טאן פאר אייך צוליב מיין קאלעגע אין באסטאן. גיט אים אפ א גרוס פון מיר.

—א דאנק אייך, שעף, איך וועל אים זעהן. זייט געזונט!

## זעכצענטער קאפיטעל

### (די בריף)

אל. דזשאנסאן האט זיך היינט א ביסעל פארשלאפען מער אויפן טאג ווי ער איז געוואוינט, ווייל ווען ער איז די נאכט אהיים געקומען איז שוין געווען ניט ווייט צו טאג. ער האט זיך באלד געלעגט אין בעט אריין, אבער די פילע איבערלעבונגען פון דעם טאג און פון דער נאכט האבען אים ניט געלאזען אזוי גיך איינשלאפען ביז א שטיק אויפן טאג.

מרס. לעווין איז געווארען אונרוהיג, ווען זי האט געזעהן, אז דזשאנסאן שלאפט אזוי שפעט, זי האט געוואוסט, אז דאס איז ניט זיין נאטור צו שלאפען שפעט, האט זי מורא געהאט, צי איז ער ניט קראנק. זי האט אים געוואלט איבערגעבען די בריף, וואס זיינען אנ־

געקומען פאַר אים מיט דער לעצטער פּאָסט נאָך פון נעכטען, אָבער זי האָט אים ניט געזעהן זינט נעכטען אין דער פרי.

מרס. לעווין האָט ווי אַן אייגענע מאַמע געציטערט, אַז ווער ווייסט וואָס מיט אים איז, וואָס ער שלאָפט אַזוי שפּעט.

—שוין באַלד צעלף דער זייגער—האָט זי אונרוהיג אַ קוק געטאָן אויפן זייגען און אַרויסגערעדט צווישען די ציין פאַר זיך.

ערשט אַרום האַלב נאָך צוועלף איז דזשאַנסאָן אַריינגעקומען אין קיך זיך וואַשען. ער האָט געטראָגען אַ וואַרעמען שלאָפראָק און אַנ־שטעק־שיך. מרס. לעווין איז אים באַזאָרגט אנטקעגען געקומען און געפרעגט:

—איר פיהלט עפּעס ניט גוט,מר. דזשאַנסאָן?

—ניין, חלילה, ווער זאָגט עס? איך בין אַלרייט.

—אַ דאַנק גאָט! איך בין געווען באַזאָרגט. איך ווייס, אַז ס'איז ניט אין אייער נאַטור צו שלאָפען אַזוי שפּעט.

—יאָ, ריכטיג, איך האָב זיך היינט פאַרשלאָפען.

—עס איז שוין נאָך צוועלף, אָט האָט איר דאָ אַ פּאַר בריף.

—איך דאַנק אייך, מרס. לעווין, פאַר אייער פריינדשאַפט, וואָס איר זאָרגט אַזוי פאַר מיר—האָט ער געזאָגט, צונעמענדיג די בריף און באַקוקענדיג פון וועמען זיי זיינען.

—איך ווייס ניט, מרס. לעווין, מיט וואָס איך קען אייך אָפּדאַנקען פאַר אייער מוטערליכער אויפמערקזאַמקייט צו מיר—האָט דזשאַנ־סאָן געזאָגט און געקוקט אויף איר מיט דאַנקבאַרקייט.

—נו, וואַשט זיך שוין, עס איז שוין צייט צו טרינקען אַ גלאָז מילך.

—גוט, גוט, אָט וואַש איך זיך—האָט ער געזאָגט און האָט אוועק־געלעגט די בריף און זיך גענומען וואַשען, ווערענד מרס. לעווין האָט זיך געפּאָרעט ביים אויווען און באַלד איז געשטאַנען אַ הייסע גלאָז מילך אויפן טיש.

—אפשר אַ זעמעל מיט פּוטער? עס איז שוין צייט צו עסען מיטאָג.

—אַ דאַנק אייך, מרס. לעווין, זאָל זיין אַ זעמעל אויך—האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל, זעהענדיג ווי זי איז באַשעפטיגט אַרום אים.

באַלד איז געשטאַנען אויפן טיש זעמעל און פּוטער, פאַרטיג

באשמירט.

דזשאנסאן האט זיך אוועקגעזעצט צום טיש טרינקען די מילך, אוןביים טרינקען האט ער נאך א מאל א קוק געטאן אויף די בריף. איין בריף איז געווען פון זיינע עלטערן, א צווייטער פון דר. סמיט און דער דריטער בריף איז געווען פון זיין כלה העלען ראגין.

ער האט גיך אויסגעטרונקען די מילך און א האלבען זעמעל געגעסען און איז שנעל אריין אין זיין צימער צו לייענען די בריף. ער האט צוערשט געעפענט דעם בריף פון זיינע עלטערן, וואס האט זיך געלייענט אזוי:

מיין ליבער, טייערער אלעקסאנדער,

וואס הערט זיך? וואס טוסטו? און ווי האלטסטו מיט דיין ארבעט? פארוואס שרייבסטו אזוי ווייניג? ווען קומסטו אהיים?

מיר האבען געקראגען א בריף פון דיין כלה, זי פארשפרעכט צו קומען צו אונז אויף א באזוך קריסטמעס. דו זאלסט עס אין זינען האבען און זיין דא און אונז העלפען, ווייל דו ווייסט דאך, מיר זיינען עלטערע מענשען און ווייסען ניט די היינטיגע מאדע.

איצט קענען מיר דיר לאזען וויסען, אז מען האט שוין גענענדיגט די מאלעריי אין די צימערען, טייערע מאלעריי! אין דיין לעזע-צימער און אין אויפנאם-צימער וועט מען אריינ־שטעלען אין גאנצען נייע מעבעל. מיר ווילען, אז דיין מיליא־נערסקע כלה זאל זיך מיט אונז ניט דארפען שעמען.

איצט, ליבער אלעקס, דענקען מיר איר צו געבען א מתנה און דאס קענען מיר ניט קויפען אן דיר. דערפאר זאלסטו וואס פריהער קומען און מיר וועלען זיך בעראטען וואס איר צו קויפען.

דיין מאמע, ליבער זון, וויינט, זי האט מורא דו זאלסט צווי־שען די אידען דארט ניט ווערען א איד. איך מאך שפאס פון איר און טרייסט זי, אז דיין קריסטליכע כלה וועט דיר ניט לאזען ווערען א איד, אז נאר א כלה האט די קראפט צו מאכען א מאן ענדערען זיין רעליגיע... אבער אזוי ווי דו האסט אזא שעהנע און רייכע כלה, וואס ביי אידען קענסטו עס קיינמאל ניט קריגען, מעג זי זיין רוהיג...

די מאַמע בעט דיך, דו זאָלסט געהן כאָטש איינמאָל אַ וואָך אין קירכע אַריין. זי איז מיט איר מיינונג אַז ווען דו הייראַטסט איר ברודער'ס טאָכטער, וואָלסטו געבליבען אַן עהרליכער קריסט. דער גייסטליכער, זאָגט זי, וואָלט דיך פרום געמאַכט, און איך זאָג איר, אַז אפילו קיין צען גייסטליכע קענען דיך שוין ניט מאַ־כען פרום. דאָס ערגערט איר שטאַרק און זי וויל פאָהרען זעהן מיט ווען דו פאַרברענגסט דאָרט.

מער קיין נייעס האָב איך דיר ניט וואָס צו שרייבען. בלייב געזונט. מיר גריסען דיך הערצליך. דיין פריינד דר. סמיט גריסט דיך הערצליך. ער בענקט נאָך דיר איך האָב מורא ער זאָל דיר ניט נאָכלויפען...

דיין טרייער פאָטער און מוטער

ד ה. דזשאָנסאָן.

—אָט האָסטו דיר—האָט דזשאָנסאָן איצט געטראַכט—זי האָט גאָר מורא איך זאָל ניט ווערען אַ איד! האָ, האָ, איך וואָלט גאַרניט מורא געהאַט, ווען איך קען עס זיין... ווען איך קען קריגען די שעהנע לילי גאָלד. איך וואָלט אוועקגעגעבען צען מיליאָנערשעס פאַר איר, פאַר דער איינער גאָלדענער מיידעל. אַ, ווי הויך זי שטעהט אין מיינע אויגען אַן די מיליאָנען! און אירע עלטערען? אמת'ע פרומע און עהר־ליכע מענשען! באַזיצען ניט קיין אַנגערויבטע מיליאָנען, מאַכען אַ שטילען עהרליכען לעבען... דאָרט צווינגט מען ניט די קינדער צו געהן אין סינאַגאָג, פונדעסטוועגען בין איך זיכער, אַז זייער גלויבען איז ביי זיי הייליג און טייער.

דזשאָנסאָן האָט דערביי אַ שטאַרקען זיפץ געטאָן. ער האָט מקנא געווען יענע קינדער, וואָס ווערען אַזוי שעהן ערצויגען, מען צווינגט זיי ניט צו קיין רעליגיע, קיין פאַנאַטיזם.

—איצט, לאָמיר זעהן, וואָס מיין כלה שרייבט—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט און האָט מיט אַ קאָלטקייט געעפענט איר בריף און געלייענט:

מיין פיל געליבטער אַלעקסאַנדער,

דיין ליבען בריף האָב איך ערהאַלטען, אַבער, ליבער אַלעק־סאַנדער, איך מוז דיר מאַכען אַ פאָרוואורף. אפנים דאָרט, אין דעם קעסעל־גרוב אין ניו יאָרק, האָט עס דיך געמאַכט אַזוי קאַלט. עס בלאָזט פון דיין בריף אַ ווינט אַזוי ווי פון נאָרד־פאָל.

אזוי געשעפטמעסיג ווי ניט צו אַ כלה... ביזטו עס דאָרט אזוי פאַרנומען, אַז דיין ליבע צו מיר איז אזוי שנעל אויסגעוועבט געוואָרען? איך באַדויער איצט וואָס איך האָב דיר ערלויבט צו מאַכען אַזאַ נאַרישע אונטערנעמונג, ווי צו פאָהרען אין אַזאַ פּלאַץ ווי דאָס ניו יאָרק... און איך וואָלט שוין וועלען, אַז דיין אונטערנעמונג זאָל זיך וואָס שנעלער ענדיגען.

איך שטעל זיך פאָר מיט וואָס פאַר אַ מענשען דו פאַר־ברענגסט דאָרט, זיכער ניט מיט דיין גלייכען. דו פאַרגעסט גאָר, אַז דאָס פּאַסט ניט פאַר מיין צוקונפטיגען מאַן, דעם דאָקטאָר, דעם איידעם פון דעם מיליאָנער הענרי ראָגין. איך פאָדער פון דיר עס אויפצוגעבען.

איך קען דיר מיטטיילען, אַז מיר האָבען אַ גרויסען גאַסט. דאָס איז דער קעניג פון די אויל־קוואַלען פון מעקסיקאַ, דער מיליאָנער מר. לאַפּאַלאַ. ער איז שוין צוויי וואָכען אין באָסטאָן. ער קומט כמעט יעדען טאָג צו אונז און מיר פאַרברענגען זעהר פיין. דו געדענקסט אים, ליבער אַלעקסאַנדער, פון באָל. ווען דו זעהסט אים איצט, וואָלסטו אים ניט דערקאָנט. ער איז אַ סך איידעלער געוואָרען, און האָט באַקומען אַ שעהנעם קאָפּ מיט בלאָנדע געדיכטע האָר. וואָס די מעדיצין קען אויפטאָן! מיט געלט קען מען אַלעס טאָן, פאַר געלט קען מען זיך אזוי פאַר־ענדערען. איך בין פּשוט פאַרוואונדערט געוואָרען, ווען איך האָב אים געזעהן. עס איז אַ פאַרגעניגען אויף אים צו קוקען און מיט אים צו פאַרברענגען. ער איז איצט אַן עכטער אריסטאָ־קראַט. ער האַלט אין איין זאָגען, אַז ער האָט נאָך ניט אויפגעגעבען די האָפנונג מיך צו קריגען. האָ, האָ, אַזאַ נאַר! ער דענקט אזוי, אַבער איך וואָלט דיך ניט אויסגעביטען אויף אים, ווען ער וואָלט אפילו געוועזן צוויי מאָל אַזוי רייך. נאָר דו ווייסט דאָך, איך בין אליין און איצט פאַנגט זיך אָן דער סעזאָן פון די טעאַטערס און בעלער און איך האָב ניט מיט וועמען צו געהן, איז ער אַ גוטע הילף פאַר מיר.

הערסט, ליבער אַלעקסאַנדער, מר. לאַפּאַלאַ זאָגט, אַז ער איז זיכער, אַז דו האָסט מיך ניט ליב. ער האָט עס געזעהן, זאָגט ער, אין יעדען וואָרט אין דיין בריף צו מיר. קען עס מעגליך זיין?

איך גלויב עס ניט. ער זאָגט, אַז ווען דו וואָלסט מיך געליבט, וואָלסטו מיך ניט פאַרלאָזען צוליב עפּעס אַ נאַרישען שטודיום, וועלכען דו וועסט סיי ווי ניט געברויכען. צייטענווייז דוכט זיך מיר אויך אַז ער איז אַ ביסעל גערעכט, ווייל ווען אַ חתן ליבט זיין כלה ריכטיג, וועט ער בעסער מיט איר פאַרברענגען, און ניט אַוועקפאָהרען אויף אַזאַ לאַנגער צייט. אפשר מיינסטו גאָר מיין טאַטענ'ס מיליאָנען, און ניט מיך, איז עס זעהר ניט פיין, ווייל פאַר געלט וויל איך קיין ליבע ניט קויפען...

איך האָב געשריבען צו דיינע עלטערען, אַז איך וועל זיי באַזוכען קריסטמעס, און זיי האָבען מיר געענטפערט, אַז זיי ער־וואַרטען מיך מיט פרייד. איך האָב מורא, אַז דו ער־וואַרטעסט מיך ניט. ווער ווייסט? אפשר האָסטו שוין אַן אַנדערע, וואָס וויל פאַרנעמען מיין פּלאַץ.

זיי געזונט, דיין דיר טרייע כלה,

העלען ראָגין

—האַ, האַ, וואָס פאַר אַ שטעכווערטלאַך!—האָט דזשאַנסאָן אַ טראַכט געטאָן—ווי שטאָלץ! זי דענקט, אַז אַן אַנדערע קען ניט זיין אַזוי גוט פאַר מיר ווי זי, די שעהנהייט, די מיליאָנערסקע העלען ראָגין! זי דענקט, זי מאַכט מיך גליקליך מיט אירע מיליאָנען, און איך פיהל ניט אַזאַ גליק אין דעם. פאַרקערט, איך שרעק זיך פאַר דער מיליאָנערקע מיט די מיליאָנען. עפּעס לאָזט זי מיר אַלע מאָל פיהלען אירע נעגעל. אמת, זי איז שעהן און רייך, אָבער דער כאַראַקטער אירער! און איצט דענקט זי מיך צו מאַכען אייפערזיכטיג מיט יענעם מיליאָנער, וואָס טראָגט אַוודאי אַ קינסטליכען פאַרוק... און רעדט איר איין, אַז זיין פּליכעוואַטער קאָפּ האָט געקראָגען די ברכה פון אַ שעהנעם קאָפּ האָר. ווער ווייסט, וועלכער פאַרוקען מאַכער האָט געקראָגען אַ גרויסע ברכה אין קעשענע אריין פאַר צופּאַסען אַזאַ שעהנעם פאַרוק, אַז מען זאָל ניט דערקענען. די מעדיצין האָט נאָך ניט ערפונדען צו מאַכען וואַקסען האָר אויף אַ פּליכעוואַטען, נאַקעטען קאָפּ. דאָס קען ער נאַרען אַ מיידעל, וואָס וויל זעהן אַ שעהנעם מאַן...—האָט דזשאַנסאָן געטראַכט.

ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס פאַר אַ שטאַרקען איינדרוק דאָס מיידעל האָט אויף אים געמאַכט, ווען ער האָט זיך מיט איר באַקאַנט. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער איז אין איר פאַרליבט. איצט האָט ער איינ־

גאנצען אנדערש געפיהלט וועגען איר.

—איך בין באגייסטערט געווארען פון א שעהנעם קערפער—האט ער מיט פארדרוס געטראכט—איך בין ניט בעסער פון אלע אנדערע מענער. און איצט, זינט איך האב זיך באקענט מיט דער שעהנער אידישער מיידעל לילי גאלד האט איר בילד פארטונקעלט יענעם בילד. לילי'ס בילד טרעט ניט אפ פון מיינע געדאנקען, אבער צו יענער בין איך פאר־לאבט און לילי'ן, ווי ארים זי איז, איז דאך א שווערע האפנונג צו קריגען איר...

—עס קען אבער זיין—האט דזשאנסאן ווייטער געטראכט—אז העלען וויל גאר איצט דעם מולטימיליאנער מר. לאפאלא. און זיי פאסען זיך טאקע בעסער איינס פארן צווייטען... ביידע רייך, ביידע לייכט־זיניג, ווערענד איך געגען זיי בין א קבצן, אן ארימאן. איך באדויער זי, וויל ווער ווייסט, צי זי וועט קענען שטימען מיט אים, ער איז וואר־שיינליך א צעלאזענער, ווי די מערסטע מיליאנערסקע יורשים זיינען, און זי וועט אפשר מיט אים ניט זיין גליקליך מיט אלע זייערע מיליאנען.

עס האט אים בלויז לייד געטאן פאר איר, אבער ער האט ניט געפיהלט קיין שום בענקשאפט אדער פארדרוס צו פארלירען דאס רייכע שעהנע מיידעל.

דא האט ער זיך דערמאנט, אז ער האט נאך א בריף פון א פריינט, וועלכער איז ביי אים טייער און געשעצט, און דאס איז דער בריף פון זיין פריינד דר. סמיט. ער האט געלעזען:

באסטאן —

מיין טייערער פריינד אלעקסאנדער,

דו האסט מיר געמאכט א וואונדערבארע איבערראשונג מיט דער אויסערגעוועהנליכער מתנה. ווי קומט עס צו דיר אזא אידעע? דאס האט אין מיר ערוועקט פארשידענע ערינערונגען פון מיין יוגענט, ווען איך בין געווען אין מיין אלטער היים. איך האב זיך דערמאנט אן מיין נאבעלער פאמיליע, ווי זיי האב־בען ליב געהאט די טראדיציאנעלע פיהרונגען. עס איז ווירקליך געווען שעהן. עס בענקט זיך נאך אזא שענער פארגאנגענהייט, עס פיהלט זיך אבער א באפרידיגונג, אז מען דערמאנט זיך, אז איך ווייס, אז מיינע עלטערען זיינען געווען אזעלכע, וואס די וועלט האט זיך מיט זיי גערעכענט און איך פיהל זיך שטאלץ דערמיט.

יאָ, מיין ליבער, דו האָסט אַ וואונדערבאַרע פּיהלונגס־קראַפט, דו האָסט מיך ניט געקענט מיט קיין זאַך מאַכען פּיהלען אַזוי גוט און דערפרעהען, ווי מיט דער מתנה, מיט דעם פּרוכת. איך האָב עס אויפגעהאַנגען אין מיין שלאָפצימער לעבען מיין בעט, און ווען איך האָב צייט געה איך אַהין אַריין און לעב דורך אַזעלכע שעהנע געדאַנקען. און צו יעדער צייט, וואָס עס וועט מיר נאָר מעגליך זיין, וועל איך דורכלעבען די יאָהרען פון מיין יוגענד, וועלכע זיינען גע־ווען פאַרבונדען מיט שעהנע חלומות און האָפנונגען... ליידער איז אין לעבען ניט ווי מיר ווילען און שטרעבען און האָפען, די השגחה האָט זיך אירע וועגען...

ליבער אַל., עס פרעהט מיך, וואָס דו האָסט געטראָפען אַזעלכע פיינע מענשען, מיט וועלכע דו פאַרברענגסט, ווי דו שרייבסט מיר פון דער פאַמיליע גאָלד. איך האָף אין קורצען צו זיין אין ניו יאָרק, אפשר נאָך די אַנדערע וואָך. עס ווילט זיך מיר אויף דער על־טער נעמען אַ ביסעל אורלויב, כאָטש אַ צוויי דריי וואָכען. איך וויל אויך זעהן נייע מענשען. און דאָס לעבען אין ניו יאָרק, ווי דו שרייבסט מיר, איז גאָר ניט אַזוי שלעכט, אַז מען קען טרעפען אַזאַ פיינע געזעלשאַפט. איך בין איבערצייגט, אַז אויב זיי געפעלען דיר און דו האָסט זיי אויסגעקליבען פאַר דיינע פריינד, זיינען זיי עס אוודאי ווערט צו זיין.

איך בין געוועזן ביי דיינע עלטערען. דיין מאַמע איז זעהר ניט צופרידען וואָס דו ביזט אַזוי לאַנג אין ניו יאָרק. דיין פאָטער אָבער איז מיט דיר שטאָלץ און זיי קרינען זיך אַרום צוליב דיר. זיי קלייבען זיך צו באַזוכען דיך אין ניו יאָרק.

פון מיר האָב איך ניט פיל צו שרייבען. איך פיהל זיך געזונט און טו מיין פליכט אַלס דאָקטאָר יעדען טאָג.

בלייב געזונד, מיט פילע הארציגע גרוסען פון דיין טרייען אַלטען פריינד,

א. מ. סמיט

—דאָס וואָס זיי ווילען מיר מאַכען אַן איבערראַשונג מיט אַ באַזוך דאָס ווילט זיך ניט—האָט ער געקלערט אַן אונצופרידענער.

און ער האָט זיך ווייטער דערמאָנט, ווי גליקליך ער איז געוועזן, ווען ער האָט די ערשטע צייט זיך פאַרליבט אין זיין כלה.

—איך בין געווען גליקליך—האָט ער געטראַכט—איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אמת'ע ליבע, אַז איך ליב איר ערענסט, זי איז אָבער ניט מיין אידעאַל, זי איז געגען מיינע פּלענער. איך וועל קיין צופרידענהייט ניט האָבען, ביז איך וועל ניט דורכפיהרען די אידעע, וואָס איך האָב אָנגעפאַנגען און וואָס איז ביי מיר דער העכסטער ציל אין מיין לעבען: צו איבערצייגען די אַנטיסעמיטען אַז מיין באַהויפּטונג איז אַ ריכטיגע.

ער איז נאָך געזעסען אַ לאַנגע צייט טראַכטענדיג אַזוי, ווי ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט, אַז ער איז געלאַדען צו לילי'ס געבורטס־טאָג יום־טוב. ער האָט צוזאַמענגעלעגט די בריף און זיך גענומען פאַר־טיג מאַכען צו געהן צו די גאָלדס.

## זיבעצענטער קאַפּיטעל

### (לילי'ס געבורטס־טאָג)

ביי מר. און מרס. גאָלד איז שבת־צו־נאַכטס דאָס הויז געווען באַלויכטען, אַלץ איז געווען אין דער בעסטער אָרדנונג, כּאָטש ווייט פון רייך. עס האָבען דאָרט געפעלט די זילבערנע געשירען מיט די גאָלדע־נע בעכער, מיט די אַלע טייערע זאַכען, וואָס דזשאַנסאָן פּלעגט זעהן ביים מיליאָנער ראָגין, עס האָט אָבער אין אַל'ס אויגען אויסגעזעהן אַז אַלץ איז שעהנער ווי אין שעהנסטען פּאַלאַץ. דער טיש באַדעקט מיט אַ קלאָרען זויבערען טישטוך, און אויף אים איז פול מיט אַלע גוטע זאַכען, היימישע געבעקסען, לעקעך, פלאָדען, שטרודעל און היימיש געפּרעגעלטע פּרוכטען און איינגעמאַכץ און אַנדערע גוטע זאַכען. אַ ביסעל שנאַפּס און וויין האָט אויך ניט געפעלט. אויף אַ רויטען שטרענגעל פון אַ זיידענעם באַנד זיינען געווען צוזאַמענגעבונדען אַכצען שטיקלאַך צוקער, אויסגעבונדען שעהן און גראַציעז. דאָס איז אַראָפּ־געהאַנגען פון גאַז־לאָמפּ איבערן טיש, צייגענדיג, אַז לילי ווערט אַכצען יאָהר אַלט.

אַלע פון דער פאַמיליע זיינען געווען אויסגעפּוצט אין זייערע שבת'דיגע קליידער. מר. און מרס. גאָלד האָבען געשיינט פון פריידע. הערי האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ מחותן. די קליינע מערי איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ ראָזען קליידעל. אירע לאָקען האָבען געגלאַנצט ווי גאָלד פון דער ליכט. דער שטערען אירער איז געווען אַרומגענומען מיט

א ראָזען זיידענעם באַנד מיט אַ שלייף אויף פאָרענט צום פּנים.

אַז אַל. דזשאַנסאָן איז אַריינגעקומען איז זי אים אַרויפגעשפּרונ־גען און אַרומגענומען זיין האַלז און מיט פרייד אויסגעשריען:

—העלאָו, מר. דזשאַנסאָן!

—העלאָו, זיסע מערי!—און ער האָט איר אַ קוש געטאָן. די מוטער האָט אָנגעשריען אויף דער קליינער מערי פאַר ניט זיין געלאַסען. מערי האָט דאָן אָנגעבלאָזען איר שעהן פּנים'ל און אַ פאַרכמורעטע איז זי אַוועק אין אַ זייט.

נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך געגריסט האָט דזשאַנסאָן זיך אָנגערו־פען צו מרס. גאָלד:

—אַי מרס. גאָלד, פאַרוואָס האָט איר זי באַליידיגט? זי האָט זיך מיט מיר באַגריסט ווי אַן אמת'ע פריינדין.

—ענטשולדיגט, מר. דזשאַנסאָן, איך האָב ניט ליב, אַז קינדער זיינען צו־פיל צעלאָזען. אַ קינד דאַרף ניט אַרויפשפּרינגען אויף יעדען איינעם. דאָס ציינגט צעלאָזענקייט.

מר. גאָלד האָט גוטמוטיג געשמייכלט און זיך אָנגערופען:

—זי וועט זיך באַלד איבערבעטען. אָבער ווי פיהלט איר, מר. דזשאַנסאָן?

—אַ דאַנק, מר. גאָלד, איך פיהל זיך אַלרייט. אָבער ווען איך דער־צעהל אייך וואָס איך האָב נעכטען געהאַט, ווען איך בין אַוועק פון אייך.

—וואָס איז געווען?—האָבען אַלע דערשראָקען געפרעגט—חלילה ווידער אַן אונגליקספאַל?

—ניין, איר זעהט דאָך, אַז איך בין געזונט און פריש.

—נו, אַ דאַנק גאָט!—האָט מרס. גאָלד געענטפערט גערירט ביז צו טרערען—אַבי איר זענט געזונט.

—יאָ, איך בין געזונט—האָט אַל. געשמייכעלט—איך בין אָבער נעכטען געווען אַרעסטירט.

—אַרעסטירט?—האָבען זיך אַלע געוואונדערט.

—ליידער יאָ—האָט ער ווידער שמייכלענדיג געענטפערט—איך האָב געהאַט די עהרע צו זיין אין אַ ניו יאָרקער פּאָליציי־הויז.

—פאַרוואָס?

—ווייל איך בין אַ פאַרברעכער—האָט ער געלאַכט און זיי דער־צעלט די גאַנצע געשיכטע, וואָס מיט אים האָט געהאַט פּאַסירט.

אלע האבען געלאכט פון זיין איינפאל.

דא איז לילי אריינגעקומען פון איר צימער. ווי א זיסער מלאך האט זי אויסגעזעהן, אין א העל-בלוי קליידעל, און העל און לויטער, ווי דער ריינער הימעל, האט געלויכטען איר זיסער פנים. אירע גרויסע בלויע אויגען האבען געלויכטען ווי צוויי שטערען. די גאלדנע האר האבען געבלישטשעט אנטקעגען דער ליכט.

אז דזשאנסאן האט איר דערזעהן איז ער שטיל געווארען און איז איר אנטקעגען געגאנגען איר צו באגריסען. ביידע זיינען פאר א מינוט געבליבען שטעהן און זיך אנגעקוקט, זייערע בליקען זיינען אריין ביז אין דער טיפעניש פון זייערע הערצער. לילי האט ארונטערגעלאזט אירע שעהנע אויגען, ווען זי האט דערפיהלט זייןווארעמען בליק. זי האט געפיהלט אז אנגענעמע אונרוהיגקייט באריהרענדיג זיין האנט מיטן צערטליכען האנט-דרוק, וואס איז דורכגעדרונגען ביידענס נשמות.

—איך ווינש אייך פיל גליק, מיס גאלד!

—איך דאנק אייך זעהר! איך דאנק אייך אויך פאר אייער האלטען ווארט און קומען אהער מיך באעהרען.

—איך געפין עס פאר דער גרעסטער עהרע וואס איר האט מיך איינגעלאדען, מיס גאלד.

—א, איר זענט ביי אונז דער בעסטער גאסט—האט לילי פרעהליך אויסגערופען און דערביי געשטראלט פון גליק.

—ווי שעהן איר זענט, לילי—האט דזשאנסאן ניט געקענט זיך צוריקהאלטען פון באגייסטערונג.

—א דאנק אייך פאר אייער קאמפלימענט, מר דזשאנסאן — האט זי געזאגט, רויטלענדיג זיך פון זיינע קאמפלימענטען, וואס האבען איר גוט געשמעקט, ווייל זי האט געפיהלט, אז זיין באגייסטערונג איז ניט קיין געקינצעלטע. און זי איז געווען אין הימעל פון פרייד. עס האט זיך ביי איר אנגעצויגען א סטרונע פון ערשטען ליבעס-ליד צו זינגען אין איר יונגען הארצען...

—מיס גאלד, איך האב אייך געבראכט א קליינע מתנה פאר אייער גרויסען טאג. דער אכצען יאהריגער געבורטס-טאג איז דער שעהנסטער פון יעדען מענשענ'ס לעבען. דער מענש הערט אויף צו זיין א קינד, איבערהויפט א פרוי! צו אכצען יאהר ווערט דער מענש זעלבסטשטענדיג אין געדאנקען און אין געפיהלען, קען שוין א ביסעל באגרייפען דאס

לעבען, און אין דער צייט שיינט יעדען דאָס לעבען אָנטקעגען מיט פיל האָפנונגען. עס געהען אויף שטראַלען פון אַ יונגער זון פון ערשטען זומער־טאָג. דער מענש פאַנגט אָן צו שטרעבען און קעמפען פאַר זיך אַליין. פיל מענשען האָבען שוין צו אַכצען יאָהר עפּעס אויפגעטאָן פאַר דער מענשליכער עקזיסטענץ. צו אַכצען יאָר איז דער מענש געגלי־כענט צו רובין־שטיינער. דער רובין־שטיין איז ניט צו־טייער און ניט צו־ביליג. דער רובין־שטיין האָט אַ זעהר שעהנעם קאָליר, דעם קאָליר פון יוגענד, פון אַ יונגער נשמה. דערפאַר האָב איך געבראַכט אַ רינגעלע מיט אַ רובין־שטיינדעל צום היינטיגען טאָג פון אייער אַכצענטען געבורטס־טאָג צום אָנדענקען פון אַ פריינד.

—ווער ווייסט ווי אונזערע וועגען וועלען זיך צעגעהן—האָט דזשאָנ־סאָן ווייטער מיטן זעלבען ערענסט גערעדט—און צי וועלען מיר זיך ווען עס איז באַגעגענען אין לעבען, וועט איר זיך דערמאָנען, אַז איר וועט אָנקוקען דאָס שטיינדעל, אָן דעם שעהנעם טאָג פון היינט און אויך אָן אַ גוטען פריינד.

ביי די ווערטער האָט דזשאָנסאָן איר איבערגעגעבען אַ קליין בלוי סאַמעט קעסטעלע, אין וועלכען עס האָט געבלישטשעט אַ שעהן רינגעלע מיט אַ טייער רובין־שטיינדעל.

לילי האָט עס אָנגעטאָן און פון באַגייסטערונג פון זיינע שעהנע ווערטער זיינען געשטאַנען טרערען אין אירע שעהנע אויגען. זי האָט ניט געקענט געפינען קיין ווערטער אים צו באַדאַנקען, נאָר מיט אַ האַר־ציגען האַנט־דרוק האָט זי אויסגעדריקט אַלע אירע געפיהלען און עמפּפינדונגען.

די עלטערען און הערי זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען און אויס־געהערט זיינע שעהנע פּאָעטישע געדאַנקען און ווערטער, פון וועלכע אַלע זיינען געוועזען גערירט. זיי זיינען ענציקט געוועזען פון דער שעהנער מתנה, און אַלע האָבען געדריקט זיין האַנט און האָבען אים באַדאַנקט.

באַלד זיינען זיך צוזאַמענגעקומען געסט, יונגעלייט און מיידלאַך. דזשאָנסאָן איז פאַר אַלעמען פאָרגעשטעלט געוואָרען ווי זייערער אַ פריינד. באַלד זיינען אַלע געוואָרען מיט אים היימיש, ווי מען וואָלט זיך שוין געקענט פון ווי לאַנג. אַזוי האָט מען פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ביי לילי'ס געבורטס-טאג האט זיך דזשאנסאן באקענט און באַ־פריינדעט מיט עטליכע פון הערי'ס און לילי'ס פריינד. זיי האבען אפ־געמאכט צווישען זיך, אז מארגען אווענט זאלען זיי זיך טרעפען אין קופער יוניאן צו א גרויסען מעמאריאל מיטינג און לעקציע, וועלכע די ציוניסטישע ארגאניזאציע האט אראנזשירט.

דעם אנדערען אויפדערנאכט איז דזשאנסאן געווען אין צייט אין קופער יוניאן. ער האט אבער זיינע נייע פריינט דארט ניט געטראפען און עס איז אים אויסגעקומען צו ווארטען. ער איז געבליבען שטעהן ניט ווייטפון אריינגאנג צו היטן, אז זיי וועלען אנקומען זאל ער זיי באלד דערזעהן. דערווייל האט ער צייט געהאט צו באאבאכטען די באַ־זוכער, וואס קומען דא היינט אהער, און ער האט זיך ניט געקענט אפ־וואונדערען פון די פילע מענשען, וואס זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אין א לאנגער שורה צוזאמענגעשלאסען און וואס א מינוט איז די שורה געווארען אלץ גרעסער און גרעסער. עס קומען מענשען פון פארשי־דענע זייטען און פארשידענע טיפען, עלטערע, און גאר אלטע מענער און פרויען, יונגעלייט און יונגע מיידלאך, זעהר שעהן געקליידט.

דזשאנסאן האט זיך געוואונדערט, ווי ענטוזיאסטיש דער איד איז, ווי מען שטופט זיך און מען דרענגט זיך און מען שטעהט שעה'ען לאנג אויף די פיס אום עפעס גוטעס צו הערען אדער צו זעהן. שפעטער איז ער געוואר געווארען, אז דא איז אלעס געווען פריי, אבער ווען עס וואלט געקאסט געלט, וואלט מען אזא עולם ניט געזעהן...

אז דזשאנסאנ'ס פריינד זיינען אנגעקומען איז ער גלייך צו זיי צוגעגאנגען און מען האט זיך פריינדליך באגריסט. דזשאנסאן האט געפרעגט:

—עס זעהט אויס, אז מיר וועלען ניט קענען אריינגעהן היינט, גיט א קוק אויף דער רייהע!

—ניט געזארגט, פריינד דזשאנסאן, ניט הערי גאלד וועט שטעהן אין דער שורה, איר וועט באלד זעהן, אז פאר מיר עפענען זיך אלע טירען—האט הערי מיט א שמייכעל געזאגט.

—איך האב מורא, ברודער, דאס מאל האסטו זיך צו־פרי באריהמט. זעה וויפיל מענשען עס שטעהען דא!

—נו, וועלען מיר באלד זעהן...

—זעהר שעהן—האָט דזשאַנסאַן אַ צופרידענער אויסגערופען— דאָס איז גוט, אַז דו האָסט אַזאַ באַקאַנטשאַפט מיט פריינדע, אַז מען זאָל אונז דאָ אַריינלאָזען.

—קומט, חברים, קומט, ס'איז שוין שפּעט, לאָמיר ניט פאַרלירען צייט צו דעבאַטירען, מיר וועלען באַלד זעהן וואָס עס וועט זיין.

און זיי זיינען אַוועק אין אַן אַנדער זייט אויף לינקס. דאָרט האָט הערי אָנגעקלאַפּט אַן דער טיר פון דעם האָל. באַלד האָט זיך דערהערט פון אינעווייניג:

—ווער איז דאָרט?

—איך, הערי גאָלד, עפען, חבר גאָלדשטיין!

—הערי?

—יאָ, הערי. איך האָב דאָ אַ פּאָר פון מיינע בעסטע פריינד.

—באַלד, באַלד, הערי!—האָט די שטים געענטפערט. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך די זייטיגע טיר געעפענט און אַריינגעלאָזען הערי'ן מיט זיינע פריינד.

אינעווייניג אין האָל איז שוין כמעט געווען באַזעצט, אפילו די פּלאַטפאָרם, מיט די פּראָמינענטסטע און חשוב'סטע אידען פון דער שטאָט ניו יאָרק. די בעאַמטע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און די רעדנער זיינען געזעסען אויסגעזעצט ווי אין אַ האַלבען קרייז. עס האָבען זיך אַרויסגעוויזען שעהנע רייך־געקליידטע דאַמען מיט פיל צירונג. די מענער אין פראַקס מיט שטייפע צילינדערס, ווייסע ברוסטען און ווייסע הענטשקעס.

הערי האָט פיל פון זיי געקענט און זיי באַגריסט. די אַנדערע פריינד הערי'ס זיינען אַוועק זוכען וואו צו זיצען, אַזוי האָבען זיי זיך צע־טיילט, נאָר דזשאַנסאַן מיט לילי'ן האָבען געקראָגען זייערע פּלעצער צוזאַמען.

—וואָס איז דאָס פאַר אַן אונטערנעמונג? — האָט דזשאַנסאַן געפרעגט ביי לילי'ן שטילערהייט.

—דאָס פייערט מען דעם יאָהר־צייט נאָך דאָקטאָר הערצעל—האָט לילי אים געענטפערט, און ס'איז איר ניט איינגעפאַלען, אַז ער ווייסט ניט ווער דער דאָקטאָר הערצעל איז געווען, ווייל ווער ווייסט עס ניט ווער דאָקטאָר הערצעל איז געווען פאַר אידען?

—וואָס איז ער געווען אַזוינס? מיט וואָס האָט ער דאָס פאַרדינט אַזאַ גרויסען כבוד, אַז מען זאָל אַזוי פייערען זיין יאָהר־צייט?

—איר האט ניט געהערט פון דאקטאר הערצעל?—האט זיך לילי שטארק געוואונדערט.

—יא, עפעס ווייס איך, נאר ניט פיל—האט דזשאנסאן פארשעמט געענטפערט און געטראכט, אז אזא גרויסער מענש, וואס מען גיט אפ אזא כבוד, און איך האב גאר ניט קיין באגריף פון די אידישע ריזען. ער האט אפילו די לעצטע צייט יא געלעזען די אידישע געשיכטע, פון משה'ן מיט די אנדערע שפעטערע גדולים, אבער דאס זיכער ניט גענוג. פון די לעצטערע אידישע גרויסע מענשען און פיהרער האט ער גאר ניט געוואוסט. און ער האט איצט געטראכט וועגען דעם. אבער דא זיינען זיינע געדאנקען איבערגעשלאגען געווארען. עס איז געווארען א רעש, א געפילדער. דער פארזיצער פון דעם אווענט איז אריינגעקומען פון א זייטיגער טיר און איז ארויף אויף דער פלאטפארם. אלע האבען אים באגריסט מיט הילכיגע אפלאדיסמענטען, אויף וואס ער האט געענטפערט מיט פארנייגען זיך צום פובליקום.

ער האט זיך אוועקגעשטעלט ביי א קליינעם שטענדער, צופרידען באקוקט דעם גרויסען עולם און אנגעפאנגען רעדען. אין עטלאכע קור־צע ווערטער האט ער פארגעשטעלט דעם ערשטען רעדנער.

דער רעדנער איז געווען אן אלטער מאן פון מיטעלען וואוקס, מיט א פעט בייכעל און א גרייז־גרויען קאפ. ער האט לאנגזאם אנגע־פאנגען צו רעדען, די שטימע זיינע האט זיך קוים געלאזט הערען, און דער עולם האט זיך אנגעשטרענגט צו כאפען זיינע ווערטער, אבער באלד איז ער געווארען ווארעמער, הייסער און זיין שטימע שטארקער, שארפער. ער האט גערעדט וועגען דער גרויסקייט פון דאקטאר טעאדאר הערצעל, וועגען זיינע גרויסע אויפטואונגען אלס דער ציון־פיהרער. ער האט דערצעהלט, אז קעמפענדיג פארן אידישען לאנד און פארן אידישען פאלק איז ער געפאלען ווי א העלד אויף דער באריקאדע.

דער אלטער רעדנער איז איצט ניט געווען צו דערקענען, ער האט אויסגעקוקט ווי ער אליין וואלט געווען דער העלד און וואלט געשטאנען אויף דער באריקאדע און געקעמפט מיטן שונא. זיינע אויגען האבען געבליצט און זיינע לאנגע ווייסע האר אויפן קאפ צעווארפען אין אלע זייטען. אלע האבען זיך צוגעהערט צו זיין יעדען ווארט, וואס האבען געצונדען די הערצער ביי די צוהערער.

דזשאנסאן איז געווען שטארק באגייסטערט, הערענדיג וואס פאר

אַ גרויסע גייסטיגע ריזען די אידען פאַרמאָגען. ער האָט זיך דערמאָנט אַן דעם גרויסען געלערענטען אַלבערט איינשטיין, און ער האָט גע־טראַכט, אַז געווים פאַרמאָגען די אידען נאָך פיל אַזעלכע גרויסע מענשען.

ווען דער רעדנער האָט געענדיגט האָט אויסגעבראָכען אַ געוואַל־דיגער אַפּלאַז.

איצט האָט דער פאָרזיצער פאַרגעשטעלט אַ חזן, וואָס האָט גע־דאַרפט מאַכען אַ „מלא“.

עס האָט ווידער אויסגעבראָכען אַ גרויסער אַפּלאַז, אָבער באַלד איז זעהר שטיל געוואָרען. אויפן פּלאַטפאָרם איז ארויפגעקומען אַ מאַן פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ ברייטער בלאָנדער באָרד, ראָזע באַקען און שוואַרצע, ווייכע און גוטע אויגען, וואָס האָבען געשמייכעלט צו זיינע פיל פאַרהערער אין זאַל.

—ווער איז דאָס דער מאַן?—האָט דזשאַנסאָן געפרעגט ביי לילי׳ן.

—דאָס איז אַ חזן, ער וועט פראָווען די צערעמאָניע פון היינטיגען יאָהר־צייט פון היינטיגען אָווענט. ער איז איינער פון די גרעסטע חזנים פון אַמעריקע אין דער איצטיגער צייט. צוליב אים איז עס געקו־מען אַזאַ גרויסער עולם. אַז מען דערהערט זיין נאָמען אָדער מען דערזעהט זיין נאָמען אַנאָנסירט, לויפט מען איבער אַלע בערג און טהאָלען צו הערען אים. דאָס פאָלק האָט אים זעהר ליב.

—אַזוי?—האָט דזשאַנסאָן זיך געוואונדערט און איז געווען אַ ביסעל ענטוישט, וואָס ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז מען געקומען צו עהרען דעם גרויסען פיהרער... ער האָט אָבער באַלד דערהערט די שטימע פון חזן און ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגען, צי אַ אידישער זינגער איז מער ווערט ביים לעבען, ווי אַ אידישער קעמפער נאָכן טויט...

—„אל מלא רחמים“—האָט זיך געלאָזט הערען מיט אַ זיסער, שטילער שטימע, צוערשט געלאַסען רוהיג אָבער וואָס אַמאָל העכער און שטאַרקער, ביז זי האָט זיך צעגאָסען איבערן גאַנצען זאַל ווי אַ ריינער, שטאַרקער קוואַל, וויינענדיג און האַרציג. דער עולם איז גע־שטאַנען מיט געבויגענע קעפּ, ביי פילע זיינען די אויגען געווען אָנ־געפילט מיט טרערען.

דזשאַנסאָן איז געווען שטאַרק באַגייסטערט, און דעמאָלט ערשט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער חזן איז אַזוי באַליבט פון עולם.

ווען דער חזן האָט געענדיגט האָט דער עולם זיך שטיל צוריק

אוועקגעזעצט און עס זיינען פארגעשטעלט געווארען נאך עטליכע רעד־נער, וועלכע האבען אויפגעקלערט די פארזאמעלטע איבער דער אידישער לאגע און די מעגליכקייטען פון א אידיש לאנד אין פאלעסטינע.

דזשאנסאן האט געשלונגען יעדעס ווארט, וואס איז ארויסגערעדט געווארען, ווייל ער איז שטארק געווען פאראינטערעסירט אין די זאכען.

געהענדיג אהיים פון קופער יוניאן האט זיך דזשאנסאן אויס־גערדיקט:

—עס וועט נאך קומען א צייט, ווען איך וועל דאס לאנד פאלעסטינע באזוכען.

—א, איך וואלט אויך וועלען פאהרען אהין!—האט הערי גאלד אויסגערופען—זאלען נאר די אומשטענדען זיך א ביסעל ענדערען.

—איך גרייט זיך צו פאהרען אין פאלעסטינע—האט איינער פון די חברים זיך אנגערופען.

—און איך פאהר אפ דעם נעקסטען מאנטאג—האט נאך איינער געזאגט.

—איך וואלט געוואלט פאהרען אהין נאר ניט צו בלייבען דארט, בלויז צו באקוקען דאס לאנד און צוריק קומען אהער, איך האב צו ליב אמעריקע עס איבערצולאזען—האט זיך אנגערופען לילי.

—און מיר ווילט זיך בלייבען אין פאלעסטינע, אין אונזער היי־ליגען לאנד—האט אן אנדערער געזאגט.

אזוי האבען זיי דעבאטירט דעם גאנצען וועג.

## אכצענטער קאפיטעל

### (לילי'ס ראמאן)

—לילי, איך האב געוואלט רעדען מיט דיר וועגען זעהר א וויכ־טיגער זאך—האט דוד העלער געזאגט צו לילי'ן געהענדיג אהיים פון דעם יאהר־צייט אווענט.

—וואס איז דאס אזוי וויכטיג?—האט לילי געזאגט גלייכגילטיג.

—איך וויל מיט דיר רעדען, אפשר וואלט געווען א פלאן מיר זאלען פאהרען קיין פאלעסטינע זיך דארט באזעצען?

—דאס ווענדט זיך ווי מען פיהלט, אויב דו פיהלסט, אז מען וועט קענענען דארט לעבען, א לעבען מאכען, איז זעהר שעהן—האט לילי גע־ענטפערט—אבער וואס האט עס צו טאן מיט מיר?...

—איך וויל רעדען מיט דיינע עלטערען, זיי זאָלען צושטימען, דו זאָלסט פאָהרען מיט מיר...

—ווי פאַלט דיר איין אַזוי צו דענקען, דוד?

—איך מיין, אַז איך האָב אורזאַכען אַזוי צו דענקען, און איך האָף.

—אַ גאַנץ נייע זאַך, איך האָב קיינמאָל פון דעם ניט געטראַכט.

—אפשר די לעצטע צייט ניט... איך ווייס אָבער, אַז אַמאָל האָסטו יאָ געדענקט וועגען מיר.

—אפשר האָסטו גע'חלומ'ט?

—ניין, לילי, איך חלום ניט, איך ליב דיך גאַנץ ערענסט און איך האָב געדענקט, אַז דו טראַכסט אויך פון מיר... און אַז מען ליבט זיך איז ניטאָ קיין אונטערשייד וואו מען זאָל וואוינען. איך האָב גענוג געלט צו מאַכען דאָרט אַ געשעפט און מיר קענען דאָרט גליקליך זיין. איך בין זיכער, אַז דיינע עלטערען וועלען ניט זיין דאַגעגען, ווען מיר זאָלען דאָ חתונה האָבען און דאַן אַוועקפאָהרען.

—ער וואָס ער האָט דאָ צוזאַמענגעשטעלט און איך האָב אפילו ניט קיין אַהנונג דערפון—האָט לילי געזאָגט—איך וואָלט עס קיינמאָל ניט געטאָן, איבערלאָזען מיינע עלטערען און מיינע פריינד.

—אַז מען האָט איין גוטען פריינד איז בעסער ווי אַלע פריינד.

—מוחל!

—ווילסטו ניט?

—אוודאי'ניט!

—אָט האָסטו דיר אַ פּאַטריאָטקע! לויפסט צו לעקציעס און מיטינגען און רעדט וועגען ציון, און אַז עס קומט צו באַווייזען, אַז זי מיינט עס ערענסט, איז אויס פּאַטריאָט.

—דו האָסט אַ טעות, העלער, איך בין טאַקע אַ פּאַטריאָטקע און וועל טאַקע ווייטער געהן צו לעקציעס און טאָן וואָס איך וועל נאָר קענען פאַר פּאַלעסטינע, עס קען זיין, אַז איך וועל אַמאָל פאָהרען, אָבער...

—אָבער?—האָט העלער געפרעגט פאַרשענדיג—איך פאַרשטעה, דו וועסט פאָהרען אָבער ניט מיט מיר.. האַ?

—אַז דו פאַרשטעהסט, וואָס פרעגסטו?

—נו, גוט, איצט ווייס איך, אַז איך דאַרף ניט האָפען, און איך

מעג שוין אוודאי פאהרען.

—געזונטערהייט!—האט לילי לאכענדיג געזאגט און האט זיך אוועקגעדרייט פון זיין זייט.

אל. דזשאנסאן האט עפעס אויפגעכאפט פון זייער דיסקוסיע, ווייל ער איז געגאנגען ניט ווייט פון זיי, אבער ניט פיל האט ער גע־הערט, ער האט פארשטאנען די טעמע, אז דאס ערקלערט זיך יענער אין ליבע צו לילי'ן. זיין הארץ האט א ציטער געטאן, ניט ווייסענדיג אליין פארוואס. ער האט זיך אליין אויסגעלאכט אין זיין געדאנק, דען ערש־טענס איז ער א חתן פאר אן אנדער מיידעל און צווייטענס איז ער ניט לילי'ס גלייכען, דאס האט ער פארשטאנען... אבער אפשאצענדיג לילי'ן אזוי הויך האט דזשאנסאן באטראכט העלער'ען, צי איז ער ווערט צו באזיצען אזא מיידעל ווי די טייערע לילי איז. ביים שיין פון גאס־ליכט האט ער באטראכט דעם יונגענמאן, ווייל ער האט אים נאך גוט ניט געקענט.

העלער איז געוועזן א הויכער דארער בחור מיט א בלאסען פנים, העל בלאנדע האר, געשארען נידעריג ביז צום קאפ, און בלאסע מלאווע אויגען. אין אלגעמיין האט ער געמאכט דעם איינדרוק, ווי ער וואלט זיך ניט פארגינען צו עסען, נאר זאמלען געלט... ווארשיינליך דענקט ער, אז מיט געלט וועט ער קענען דער שעהנער לילי'ן ארייננקריגען. אבער קיין אנדערע שאנסען ווי געלט האט ער ניט געהאט צו קענען אנ־ציהען א מיידעל, איבערהויפט דער שעהנער, פרעהליכער לילי'ן.

דזשאנסאן האט ניט געוואוסט, אז לילי'ס עלטערען קוקען אויף דעם ווי אויף א גלייכער זאך, ווי עס וואלט געווען א גליק פאר זיי, ווייל העלער שטאמט פון א שעהנער משפחה און פארדינט זעהר גוט, און איז ניט קיין שפילער אין קארטען און ניט קיין טרינקער, פיהרט זיך אויף פיין. זיי זיינען ניט רייך צו געבען לילי'ן געלט, און זיי האבען געוואוסט, אז אים, העלער'ן, וועט עס ניט ארען, דערפאר האבען זיי אים מקרב געווען און געווען צופרידען וואס ער קומט אריין צו זיי אין הויז אריין... אבער לילי האט געדענקט, אז אלעס איז בלויז א שפאס און אז העלער קומט עס צו איר ברודער הערי, ווייל זיי זיינען גוט באפריינדעט. אבער איצט, ווען העלער האט מיט איר גערעדט קלארע און אפענע דיבורים, האט זי אים געזאגט איר מיינונג, און זי איז געווען צופרידען, וואס זי האט אים אזוי אפגע'פטר'ט, ווייל צו וואס זאל ער

זיך ארומטראגגען מיט חלומות און האפנונגען וועגן זאכען, וואס קענען ניט זיין? צו וואס פאנטאזירען וועגען איר, אז זי וויל עם ניט.

—נו, איצט וועט עס שוין נעמען א סוף—האט לילי געטראכט—ער וועט מיך שוין מער ניט דרייען א קאפ מיט זיינע נארישקייטען און מיך ניט באלעסטיגען מיט זיינע וויזיטען.

זינט דזשאנסאן איז געווארען א פריינד פון די גאלדס האט העלער באמערקט, מיט וואס פאר א פרייד לילי באגעגענט אים, דזשאנסאנ׳ען, איבערהויפט זינט זי האט נעקראגען פון אים דאס פינגערעל. זי שפּי־געלט זיך אין דעם און עס איז ביי איר ווערט א גאנצען אוצר. אין דער אמת׳ען איז לילי שוין געווען פארליבט אין דזשאנסאנ׳ען ביז איבערן קאפּ, און ווען דזשאנסאן שלאגט איר פאר מיט אים חתונה האבען און פאהרען אין פּאלעסטינע, וואלט זי ניט געטראכט א מינוט און איינגע־וויליגט מיט אים צו שטעלען א חופה און אוועקפאהרען.

העלער איז ניט געווען אזא נאר דאס ניט צו באמערקען, און אים האט עס שטארק געקרענקט, דערפאר האט ער באשלאסען צו מאכען עס קורץ און שארף און צו רעדען מיט לילי׳ן אפען, אז ער וויל מיט איר חתונה האבען און פאהרען אין פּאלעסטינע.

אז העלער האט געקראגען פון לילי׳ן אזא פעסטען ענטפער „ניין", האט ער נאך פונדעסטוועגען זיין האפנונג ניט אויפגעגעבען. ער האט באשלאסען צו מאכען זיך ניט ווימענדיג און בלייבען אין זייער גע־זעלשאפט א גוטער פריינד און זוכען א מיטעל יענעם צו באגראבען... צוערשט וועט ער אויסגעפינען וואס פאר א פויגעל דאס איז, צי ער האט ניט ערגעץ א ווייב מיט קינדער, ווי עס טרעפט זיך אין אמעריקע...

—הא, הא, דאס וואלט געווען שעהן—האט ער צו זיך אליין גע־זאגט—לילי וואלט מיר זיכער דאנקבאר געווען דערפאר און וואלט אפשר... אבער מיט וואס פאר א מיטלען געפינט מען עפעס אויס וועגען אים.

העלער איז ארומגעגאנגען א צעטראגענער, א צעטומעלטער, ניט קענענדיג זיך געבען אן עצה. פארטרויען זיך אויף אימיצען האט ער מורא געהאט, איז ער ארומגעגאנגען און ניט געוואוסט וואס צו טאן...

# ניינצענטער קאפיטעל

## (דער מאדנער פאראיין)

—„לאמיר אלע, אין איינעם,
אין איינעם,
פריינד גאלד'ן משמח זיין!"

מיט דעם דאזיגען פאלקס-לידעל האט מען באגעגענט הערי'ן מיט זיינע פריינד, ווען זיי זיינען אריינגעקומען צו דעם „מאדנעם פאראיין". הערי און זיינע פריינד זיינען איבערראשט געווארען פון דעם פרעה־ליכען לעבען פון א גאנצען חברה חברים. מען האט די ניי־אריינגע־קומענע חברים ארויפגעפירט און זיי אוועקגעזעצט אויבען־אן ווי מחותנים פארן באדעקענס.

הערי גאלד האט דאן פארגעשטעלט זיין פריינד דזשאנסאן פאר די חברים און פארן פארזיצער פון אוונט.

דזשאנסאן האט נייגעריג באטראכט די פארזאמעלטע, וועלכע הערי האט אים פארגעשטעלט פאר אינטעליגענטע מענשען.

—דו זעהסט דעם אלטען דארט?—האט הערי געזאגט—ער איז א זשורנאליסט, א זעהר אינטערעסאנטער און באליבטער מענש. ווי אלט ער איז, איז ער נאך אלץ פול מיט הומאר און וויץ, זיינע גלייכווערטלאך אמוזירען יעדען איינעם, וואס קומט אין זיין געזעלשאפט. ער האט זעהר ליב דאס געזעלשאפטליכע לעבען, ער העלפט די פאראיינען און אנשטאלטען מיט זיין פעדער און אויך מיט זיין צונג, ווייל ער רעדט אפט פאר זיי, אגיטירט. איבערהויפט האט ער זייער פיל אויפגעטאן פאר דער ארגאניזירטער אידישער פרוי אין ניו יארק.

—ער מוז זיין זעהר אן אינטערעסאנטער מענש?

—יא, ער איז זעהר אינטערעסאנט, און אלע האבען אים ליב.

—ער פארדינט עס—האט דזשאנסאן געזאגט און באטרכט דעם אלטען זשורנאליסט. ער האט אויסגעקוקט אלט, אבער אנגענעם און ליב. זיינע ווייסע, געדיכט-געלאקטע האר זיינען געווען פארקאמט ארויף איבערן ברייטען טיפען שטערען. א א ברייט פול פנים מיט גרויסע אויגען, פון וועלכע עס האט ארויסגעקוקט א ווייכער מילדער בליק.

—און יענע פרוי דארט—האט הערי אים ווייטער געוויזען—די וואס זיצט לעבען אים, איז א אידישע שרייבערין, זי האט שוין ארויס־

געגעבען א בוך וועלכער איז זעהר פיין אויפגענומען געוואָרען פון די לעזער. אַלע ציינגען שטאַרק באַגייסטערט פון אירע קורצע ערצעה־לונגען, און זיי האָבען געקראָגען זעהר אַ גוטע קריטיק. זי גיט איצט ארויס נאָך אַ בוך, אַ גרעסער ווערק.

—זי איז נאָך גאַר אַ יונגע פרוי—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט, באַטראַכ־טענדיג די פרוי.

—אוודאי, זי איז נאָך גאַנץ יונג, אָבער זי אַרבעט שוין אַ יאָהר צוואַנציג מיט דער פעדער. איצט אַרבעט זי האַנט אין האַנט מיט דעם אַלטען שרייבער. ער פאַרגעטערט זי, ער האָט זיך אַמאָל אויסגע־דריקט, אַז מרס. וויינגאַרטען, דאָס איז איר נאָמען, איז אַן אונאויס־שעפּבאַרער קוואַל, ווען זי זאָל לעבען טויזענט יאָהר וואָלט זי אויך געהאַט צו שרייבען נאָר אָריגינעלע זאַכען...

—איך וואָלט זיך וועלען באַקענען מיט אַזעלכע מענשען—האָט דזשאָנסאָן זיך אָנגערופען—עס איז אינטערעסאַנט צו הערען וואָס אַזוינע מענשען האָבען צו זאָגען וועגען לעבען.

—איך וועל דיך שוין פאָרשטעלען פאַר זיי—האָט הערי געזאָגט.

הערי איז צוגעגאַנגען מיט דזשאָנסאָן'ען צו מר. לעבמאַן'ען און זייביידען באַקענט. דער אַלטער שרייבער האָט וואַרעם באַגריסט דזשאָנסאָן'ען און פריינדליך געדריקט זיין האַנט.

—און דאָס איז מרס. וויינגאַרטען—האָט הערי ווייטער פאָרגע־שטעלט זיין פריינד פאַר די מענשען.

מרס. וויינגאַרטען האָט אויך אויפגענומען דזשאָנסאָן'ען מיט אַ פריינדליכען שמייכעל און איהם וואַרעם געדריקט די האַנט.

—מר. דזשאָנסאָן, איר ווילט זיצען לעבען אונז? אָט איז אַ שטול.

—אָ, מיט פאַרגעניגען, מר. לעבמאַן—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט און האָט זיך דאַנקענדיג זייער אַוועקגעזעצט לעבען זיי.

—זענט איר אַ ניו יאָרקער, מר. דזשאָנסאָן?—האָט מר. לעבמאַן אַ פרעג געטאָן, באַטראַכטענדיג דעם יונגענמאַן.

—ניין, איך קום פון באָסטאָן.

—פון באָסטאָן? אָ, איך בין אַמאָל געווען אין באָסטאָן, אָבער שוין זעהר לאַנג, מיט אַ צוואַנציג יאָהר צוריק. באָסטאָן האָט זיך שוין געמוזט פיל ענדערען?

—נו, אוודאי, אַלעס ענדערט זיך.

—איר זענט דא באשעפטיגט?

—יא, באשעפטיגט—האט דזשאנסאן געענטפערט מיט א ניט זי־כערען טאן.

—ענטשולדיגט, מר. דזשאנסאן—האט דער אלטער קלוגער שר,יי־בער געפרעגט—איר וועט ניט נעמען פאר אומגוט ווען איך וועל אייך עפעס פרעגען?

—א,געוויס! געוויס! פרעגט, מר. לעבמאן, איך וועל אייך גערען ענטפערען, מיר איז אינטערעסאנט צו דיסקוטירען מיט אזא מענש ווי איר.

—דאס האט אבער ניט צו טאן מיט דיסקוטירען. איך וועל אייך זאגען, עס קען זיין, אז איך האב א טעות, ווייל אין אמעריקע קען מען קיינמאל ניט זיין זיכער מיט א נאמען, דא בייט מען די נעמען ווי מען בייט וועש, קיין טאטע קען זיך דא ניט פרעהען, אז זיין נאמען וועט פאראייביגט ווערען מיט זיינע קינדער... עס ווענדען זיך זעהר אפט פאמיליעס פון אייראפע צו דער רעדאקציע מען זאל זיי אפזוכען א ברודער, א שוועסטער און אפילו א זון אין לאנד דא, נאר געה זוך זיי, אז יענער נאמען פון אייראפע איז שוין לאנג אויף דער וועלט ניטא דא... וואס פרעמדער דער נאמען קלינגט, אלץ זיכערער זיינען זיי, אז זיי האבען זיך אמעריקאניזירט... און דארום קומט מיר אויך פאר, אז אייער נאמען קלינגט ווייט ניט אידיש, איך האף, אז איר וועט עס ניט אננעמען פאר א באליידיגונג, מר. דזשאנסאן!

—מר. לעבמאן, איך וויל אייך זאגען, אז איר זענט טאקע א שרייבער און א מאן מיט ערפארונג, ווייל איר זענט דער ערשטער ,וואס איז געקומען צו דער אידעע, און איך וועל אייך זאגען דעם אמת, אז איר זענט גערעכט, איך בין ניט קיין איד.

—איז עס ריכטיג?—האט מר. לעבמאן געזאגט—דעם אמת גע־זאגט וועט מען קיינמאל פון אייער אויסזעהן ניט דערקענען, אז איר זענט ניט קיין איד, ווייל מיט וואס קען מען דען בעי היינטיגער יוגענט אונטערשיידען? אלע גלייך געקליידט, אלע רעדען ענגליש, נאר אייער נאמען איז דורכאוים ענגליש.

—אמת,מר. לעבמאן, גראדע געפעהלט מיר דאס אידישע, אז איך וואלט געוואונשען צו זיין איינער פון אייך...

—אזוי? אינטערעסאנט צו הערען. ס'איז אפילו ניט זעלטען צו הערען

אזעלכע ווערטער פון קריסטען, עס איז אָבער זעלטען אוים רייגער ליבע און פארעהרונג צו אונזער פאָלק... אממערסטענס האט עס צו טאָן מיט דער ליבע צו אַ שעהן אידיש מיידעל...—האט מר. לעבמאַן געזאָגט און גוטמוטיג געשמייכעלט.

—דאָס גראָדע איז דאָ אין גאַנצען ניט דער פאַל, מר. לעבמאַן, איך האָב די רייגע איבערצייגונג, אַז די אידען זיינען אַ פאָלק מיט אַ רייגעם פאַמיליע־לעבען, וועלכעס געפעהלט מיר זעהר.

—אדאנק אייך, מר. דזשאנסאָן, פאַר אייער גוטער מיינונג וועגען אונזער פאָלק, איך וועל אייך אָבער זאָגען, יעדע נאציאָן האט זיך אירע גוטע און שלעכטע זייטען. אין יעדען פאָלק זיינען דאָ אוים־וואורפען און אידעאַליסטען.

—אָ, מר. לעבמאַן, איך האָב זיך באַגעגענט מיט אזעלכע אידען, וואָס מיין פאָלק פארמאָגט עס לײדער ניט. איך האָב אַ פריינד, אַן אַלטער דאָקטאָר, האָב איך אים אזוי ליב ווי אַ פאָטער. ער איז אַ זעל־טענער ארענטליכער מענש מיט אַ גאָלדען הארץ. מערקט זיך, שוין דריי און פערציג יאָהר ווי זיין פרוי איז געשטאָרבען און ער ליבט זי נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג און ער קען איר ניט פארגעסען. איך האָב מורא אַז אַ קריסט קען ניט אזוי הייליג ליבען.

—טאַקע אינטערעסאַנט, אָבער עס איז ניט קיין נייעס, אַז מענער בלייבען זיצען אַליין, ווען זיי פארלירען זייער ערשטע פרוי. עס איז אָבער נאָך װעניגער נייעס, אַז פרויען טוען עס...

—יאָ, עס קען זיין, איך האָב ניט אזוי פיל ערפאַרונג. איך וויל אייך פארטרויען אַ סוד, מר. לעבמאַן, אַ סוד, וואָס איך האָב נאָך פאַר קיינעם אין ניו יאָרק ניט אויפגעדעקט: איך בין געקומען אהער אין ניו יאָרק צו שטודירען דאָס אידישע פאָלק, זעהן צי מען קען טרעפען אַ סך אזעלכע ווי מיין פריינד דאָקטאָר סמיט.

—אינטערעסאַנט! נו, וואָס האט איר אויסגעפונען?—האט מר. לעבמאַן געפרעגט פאראינטערעסירט.

—וואָס איך האָב דערווייל אויסגעפונען איז איבער מיינע ער־וואַרטונגען.

—דאָס איז גוט!

—איך האָב זיך באַקענט מיט אַ פאַמיליע גאָלד, וועלכע זיינען זעהר פיינע מענשען. און איצט האָב איך ווידער געפונען אזעלכע, ווערליג

מיין פריינד האָט מיר פאַרגעשטעלט... אַ מאַן, מיט וועלכען דאָס איד־דישע פאָלק איז שטאָלץ, און וואַרשיינליך האָט איר עס פאַרדינט, מר. לעבמאַן, און מיר פאַרשאַפט עס דעם גרעסטען פאַרגעניגען אייך צו קענען....

—אַ דאַנק אייך, מר. דזשאָנסאָן, און מיר פרעהט עס זעהר צו קענען אַזאַ יונגענמאַן פון אַן אנדער נאַציאָן. ליידער האָבען מיר ניט פיל מיט אַזאַ מיינונג וועגען אידישען פאָלק, אַלע האַלטען אונז פאַר שטיף־קינדער, פאַר שונאים, ווערענד מיר זיינען די געטריישסטע בירגער פון אַ לאַנד, וואו מען לאָזט אונז לעבען. מיר גיבען אונזערע קרעפטען און אונזער בלוט פאַרן לאַנד, און אַז עס קומט צו אַ וויכ־טיגען ענין האַלט מען אונז פאַר ניט וועלקאָמענע געסט. דערפאַר איז עס איז ביי מיר אַזוי שטאַרק חשוב צו קענען אַזאַ פריינד פון אידען ווי איר. האָפענטליך וועט איר אויסוואַקסען צו אַזאַ שטופע, אַז אייער גוטע מיינונג און אייער וואָרט זאָלען זיך לאָזען הערען ווען עס וועט אַמאָל נויטיג זיין.

—אַ דאַנק אייך מר. לעבמאַן, איך קען אייך זאָגען, אַז איך טו עס שוין איצט. איך פיהר אַן אַ קאַמף אין קאָלעדזש מיט די אַנטיסע־מיטישע סטודענטען און פראָפעסאָרען וואָס זיינען געגען אידישע סטודענטען, און דאָס טאַקע האָט מיך געטריבען צו קומען אין ניו יאָרק זיך באַקענען מער מיטן אידישען לעבען.

—אַ, וואונדערבאַר! אינטערעסאַנט! הלוואי קען איך אייך עפּעס דערין אַרויסהעלפען, איך וואָלט עס געטאַן מיט מיין גאַנצען האַרצען!

—אַ דאַנק אייך, מר. לעבמאַן, איך וועל זעהן, איך ווייס נאָך ניט אין וואָס פאַר אַ וועג איר קענט מיר העלפען. איינס ווייס איך, אַז מיט דער עפענטליכקייט פון אַ צייטונג טאָר איך זיך ניט אָנפאַנגען צוליב מיינע שונאים. איך מוז מיין אַרבעט טאָן אַזוי שטיל און געמיטליך, אַז איך אַליין זאָל זיך איבערצייגען, אַז די אידען פאַרדינען זיך מען זאָל זיי ניט האַסען און איך וויל אויך זעהן די אורזאַך דערפון.

מר. לעבמאַן איז געוועזן אַזוי באַגייסטערט פון דעם יונגען אידען־פריינד, אַז ער האָט אים שיעור ניט אַרומגעכאַפּט קושען, ער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטען און נאָר וואַרעם און באַגייסטערט גע־דריקט זיין האַנט און האָט אויסגערופען:

—מר. דזשאָנסאָן, איר זענט ניט דער ערשטער אידען־פריינד,

אלע מאל שיקט אונז גאט צו גוטע פריינד און פארטיידיגער, אז ניט וואלטען מיר ניט עקזיסטירט. איך ווינש אייך דעם גרעסטען ערפאלג אין אייער נאבעלער אונטערנעמונג, זאל אייך גאט העלפען, אז אייערע שונאים, אדער בעסער געזאגט, אונזערע שונאים, זאלען באזיגט ווערען און האבען אזא סוף ווי זיי האבען זיך שטענדיג פארדינט...

—א דאנק אייך, מר. לעבמאן, איך ווינש עס אויך פון טיפען הארצען... איך וויל אייך אבער בעטען, אז דאס אלעס, וואס מיר האבען גערעדט, זאל בלייבען א סוד, ווייל איר זענט דער איינציגער מענש אין ניו יארק, וועמען איך האב פארטרויט מיין אונטערנעמונג.

—זעהר גוט, איך וועל עס פאלגען, אז איר פארלאנגט עס.

אין דער צייט, וואס לעבמאן און דזשאנסאן האבען גערעדט אונגעשטערט, ווייל זיי האבען זיך אוועקגעזעצט אין א זייט, איז דערוויל אנגעגאנגען די ארבעט פון דעם מיטינג פון דער ארגאניזאציע. פארשידענע רעדעס און דעבאטען זיינען דורכגעפיהרט געווארען.

ווען מען איז פארטיג געווארען האבען זיך לעבמאן או דזשאנסאן זעהר ווארעם צעזעגענט און זיך צוגעזאגט נאך א מאל זיך צו טרעפען.

## צוואנציגסטער קאפיטעל

דוד העלער איז ארומגעגאנגען ווי א צעמישטער, געזוכט און געטראכט וואס ער זאל טאן, ווי אזוי ער זאל קענען פאר'מיאוסן דזשאנסאנען אין לילי'ס אויגען.

דערוויל איז דזשאנסאן געווארען אן אפטער גאסט און אן אנגענומענער גאסט ביי די גאלדס אין הויז. העררי און לילי זיינען שטענדיג געווען אין דער געזעלשאפט מיט דזשאנסאנען. העררי האט גוט באמערקט, מיט וואס פאר אן אויגען לילי קוקט אויף זיין פריינד דזשאנסאן. ער האט ניט געהאט דעגעגען. העררי איז געווען גאנץ צופרידען און האט געקלערט, אז אל. דזשאסאן איז א גוטער בחור, אן אינטעליגענטער און קוקט אוים צו זיין ניט ארעם, כאטש ער ווייסט ניט וואס זיין באשעפטיגונג איז. העררי איז אבער ניט געווען זיכער צי דזשאנסאן דענקט אזוי וועגען לילי'ן, ווי לילי דענקט וועגען דזשאנסאן'ען. אמאל דוכט זיך אים, אז דזשאנסאן איז יא פאראינטערעסירט אין לילי'ן, אבער דזשאנסאן איז זעהר פארזיכטיג עם ארויסצוצייגען,

און ער באהאנדעלט ליליץ ווי אן אינטעליגענטער יונגערמאן דארף באהאנדלען א מיידעל מיט רעספעקט. אט דעפאר האט הערי גע־דענקט, אז זיין שוועסטער זאל ניט ענטוישט ווערען און איר הארץ זאל ניט געבראכען ווערען, אז טאמער מיינט דזשאנסאן גאר ניט און ער איז בלויז פריינדליך צו איר. האט הערי באשלאסען צו רעדען מיט ליליץ און זעהן ווי ווייט זי איז איינגעליבט אין זיין פריינד דזשאנ־סאנ׳ען. אפשר איז נאך צייט זי צו ווארענען צו זיין פארזיכטיג, ביז זי וועט זיין איבערצייגט, אז דזשאנסאן מיינט מיט איר ערענסט.

—הער אויס, שוועסטער—האט הערי געזאגט צו ליליץ—ווי געפעלט דיר מיין פריינד דזשאנסאן? איז ער ניט א פיינער יונגערמאן?

—נאך מער ווי פיין—האט לילי ניט פיל טראכטענדיג געענט־פערט באגייסטערט.

—איך זעה, שוועסטערל, דו ביזט באגייסטערט פון אים.

—נו וואס זשע איז? איז ער עס ניט ווערט? א סך צווישען אונזערע באקאנטע יונגעלייט האסטו אזעלכע ווי ער איז?

—אמת, איך האב אבער מורא, שוועסטער, אז דו ביזט שוין א ביסעל צו־פיל באגייסטערט—האט הערי געזאגט מיט א שמייכעל און געקוקט איר אין די אויגען אריין. לילי איז רויט געווארען און האט ארונטערגעלאזט די אויגען, ווי מען וואלט זי געכאפט ביי א גנבה...

—נו, דו דארפסט זיך ניט שעמען, איך וועל דיר אבער זאגען, דו דארפסט זיין פארזיכטיג. איך פארשטעה, אז דו ליבסט אל׳ן, אבער דו ווייסט ניט, צי ליבט ער דיך אויך, צי האט ער גאר אפשר ערגעץ א ווייב און קינדער, ווי עס טרעפט זיך אפט אין אמעריקע...—האט הערי זיך געוויצעלט מיט א שמייכעל, ווערענד לילי האט דערפיהלט א קעלט ארום אירע ביינער ביי דער באמערקונג. זי האט זיך אבער גע־שטארקט און אויסגערופען:

—ניט אויף דזשאנסאנ׳ען איז צו גלויבען, אז ער זאל זיין פעהיג איבערצולאזען א ווייב, ער איז צו פיין!

—יא, שוועסטער, דו האלטסט צו פיל פון אים, ווערענד מיר קענען אים נאך אזוי ווייניג. מיר ווייסען ניט ווער און וואס ער איז. ער האט זיך אנגעגעבען פאר א מעכאניקער און צום סוף געהט ער ארום לעדיג און לעבט זיך ווי א גראף. דאס איז פארדעכטיג...

—ע, וואס דיר קען איינפאלען! פארדעכטיג? ער קוקט אויס די

אַרענטליכקייט אַליין, מסתמא האָט ער ווער עס זאָל פאַר אים זאָרגען. אפשר האָט ער אָפּגעשפּאָרט געלט אויף צו לעבען אין אַ שלעכטער צייט. ווער קען וויסען? אפשר איז ער אַ רייך קינד, ווער ווייסט? וואָס ווייסען מיר דען פון העלער'ן? אין אַמעריקע באַטראַכט מען נאָר די פּערזאָן און ווייטער גאָר ניט.

—און איך האָב מורא, ווער ווייסט מיט וואָס דיין ראָמאַן וועט זיך ענדיגען. בעסער זיי פאָרזיכטיג, דו וועסט ניט פאַרשפּעטיגען צו ליבען.

—דו דענקסט איך בין אַזאַ קאַלטער לונג ווי דו?—האָט לילי מיט פאָרוואורף געענטפערט איר ברודער.

—גוט, איך וועל שוין גאָר ניט זאָגען, מיר וועלען זעהן דעם סוף.

—טאַ רעד זשע ניט!—האָט זי זיך געבייזערט.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט דער געשפּרעך צווישען שוועסטער און ברודער, וואָס האָט לילי'ן פאַרשאַפט אַ היבש ביסעל פאַרדרוס.

## איין און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

דוד העלער איז ארומגעגאַנגען ווי אַ משוגע'נער, ניט וויסענדיג קיין עצה ווי צו געווינען די ליבע פון דער שעהנער לילי'ן. מיט איינמאָל איז אים איינגעפאַלען אריבערצוגעהן צו דזשאַנסאַנס באַלעבאַסטע, אפשר וועט ער מיט געלט קענען עפּעס אויסגעפינען. ער האָט געוואוסט, אַז מרס. לעווין איז אַן אָרימע אלמנה, אפשר וועט זי זיך לאָזען אונטערקויפען. אפשר וועט ער עפּעס אויספאָרשען... ער האָט לאַנג ניט געטראַכט און איז אַוועק צו מרס. לעווין. קומענדיג דאָרט האָט ער איר ניט געטראָפען, ער האָט געטראָפען איר זונדעל בעני. העלער האָט געוואוסט, וואָס פאַר אַ תכשיט ער איז, ער האָט זיך פיל אָנגעהערט וועגען אים ביי דער פאַמיליע גאָלד... ווען דוד איז אַריינגעקומען און זיך נאָכגעפרעגט אויף דער מרס. לעווין האָט ער געקראָגען דעם קורצען ענטפער:

—מיין מוטער איז ניטאָ אין דער היים.

העלער איז געבליבען שטעהן אין פאַרלעגענהייט.

—וואָס האָט איר באַדאַרפט מיין מוטער? אפשר קען איך איר איבערגעבען?

—איך האָב געוואָלט דינגען אַ צימער.

—ניט געטראָפען. אַ צימער צו פאַרדינגען איז ביי אונזער שכן.

—ביי אייער שכן? נו, ווייל איך ניט. אייער מוטער קען איך, זי איז א זעהר פיינע פרוי און האלט דאס הויז ריין. יענע קען איך ניט. אפשר ציט זיך ארויס אייער קווארטיראנט?

—אונזער אריסטאקראטישער קווארטיראנט? דאס ווייס איך ניט.

—וואס פאר א סארט מענש איז אייער קווארטיראנט?—האט העלער געזאגט מיט א נאאיוועז פנים.

—וואס ווייס איך? איך האנדעל ניט מיט אים—איז געווען דער קורצער ענטפער.

—מען זאגט, ער איז אן אינטערעסאנטער מענש.

—עס קען זיין. מיין מאמע קוועלט פון אים—האט בעני געזאגט מיט אפענעם פארדרוס.

—ווי איך זעה, האט איר אים ווייניג ליב—האט העלער געזאגט מיט א פארשענדען בליק.

—אן אנגעבלאזענער אינטעליגענט—האט בעני ארויסגעפלאצט.

—יא, איך האב אויך אזוי געהערט.

—איך האב דאך געהערט, אז ער איז אייער פריינד.

—מיין פיינד ווילסטו זאגען, מיין שונא!

—הא, הא, אינטערעסאנט. פארוואס דיין שונא?

—דו ווייסט דען ניט? דיין מאמע איז דאך א קרובה צו די גאלדס, האט זי אוודאי גערעדט וועגען דעם.

—טייערע קרובים!

—איך מיין, אז זיי זיינען זעהר פיינע מענשען.

—יא, גוט פאר פרעמדע, אבער מיין מאמע האט פון זיי גאר ניט. אלץ וואס זיי קענען איז קומען צו מיין מאמען און איר זאגען, אז זי לערענט מיך ניט גוט. מר. גאלד מיינט, אז די מאמע האט מיך געדארפט ארויסטרייבען פון הויז—האט בעני גערעדט און פייער האט געשפריצט פון זיינע אויגען פאר כעס.

—אזוי?

—יא.

—איך וואלט זי ניט געלאזט אהין געהן.

—איך לאז זי טאקע ניט געהן, זי קומט צו זיי זעלטען, נאר זינט דער אריסטאקראטישער קווארטיראנט אונזערער וואוינט ביי אונז געהט זי אהין מער.

—דיין מאַמע העלפט פאַרשדכ'ענען לילי'ן מיט אַט דעם אַריס־טאָקראַט אייערען.

—עס קען זיין, איך ווייס ניט.

אַ ווייל'ע האָבען זיי ביידע געשוויגען. העלער האָט זיך פאַרטראַכט ווי אַזוי אַרויסצוקריגען עפּעס געוואויר ווערען וועגען דזשאַנסאַנ'ען.

—איך וויל מיט דיר עפּעס רעדען, בעני.

—וואָס אַזוינס?—האָט בעני געפרעגט און האָט געקוקט מיט אַ פרעגענדיגען בליק.

—איך וועל דיך גוט באַפרידיגען, בעני, דו זאָלסט מיר איבער־געבען דזשאַנסאַנ'ס אַ בריף פון זיין פאַמיליע.

—איך ווייס ניט, די מאַמע היט זיינע בריף ווי בריליאַנטען.

—אַז דו ווילסט וועלען, וועסטו קריגען. אַט האָסטו געלט—פינף דאָלער—און ער האָט בעני'ן דערלאַנגט פינף דאָלער.

ביי בעני'ן האָבען זיך געעפענט די אויגען ווי ביי אַ הונגעריגען וואָלף, ווען ער דערזעהט אַ שטיק פלייש. ער האָט גיך די פינף דאָלער אַריינגערוקט אין קעשענע און מיט אַ ביטרען וואונק פאַרזיכערט העלער'ן, אַז ער וועט אים שאַפען וואָס ער וויל...

—זעהר גוט, בעני, דו וועסט זעהן, איך וועל דיך גוט באַלוינען.

—וואַרט, איך הער דעם בריף־טרעגער רופען, אפשר האָט ער עפּעס געבראַכט פאַר אים—האָט בעני געזאָגט.

—וואו איז ער איצט?

—ער האָט געקראָגען אַ טעלעגראַם, איז ער אַוועקגעלאָפען.

—אַ טעלעגראַם? און בריף קריגט ער אָפט?

—יאָ, איך דענק אַזוי. וואַרט, איך וועל אַרונטערלויפען אַ קוק טאָן צי זיינען ניטאָ קיין בריף—האָט בעני געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען. העלער איז געבליבען אַליין. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון בענקעל און אַ טראַכט געטאָן: לאָמיר אַ קוק טאָן אין זיין צימער, אפשר וועל איך עפּעס טרעפען. ער איז שנעל אַריין אין דזשאַנסאַנ'ס צימער און אָן אויפגערעגטער דערזעהן אויפ'ן טישעל לעבען זיין בעט ליגען די טעלעגראַם. ער האָט פלינק אַ כאַפּ געטאָן די טעלעגראַם און זי באַהאַלטען און מיט אַ קלאַפּענדען האַרץ צוריק אַרויס פון צימער.

—ניין, ברודער, עס איז גאָר ניטאָ—האָט בעני געזאָגט אַריינקו־מענדיג—נאָר זאָרג ניט, איך וועל דיר שוין אַ בריף פאַרזאָרגען. דו

זאָלסט נאָר פאַרשטעהן, אַז אַזאַ אַרבעט איז איינגעשטעלט, די מאַמע היט זיינע בריף און טאָמער כאַפּט זי מיך, בין איך ניט זיכער מיט מיין לעבען, און דערפאַר מוז איך קריגען אַ גוטען פּרייז...

—אָ, דאָס פאַרשטעה איך, האָב קיין מורא ניט, איצט זיי געזונט!

און העלער איז שנעל אַוועק פון לעווינ׳ס הויז. ער איז אַריין אין אַ דערבייאיגען רעסטאָראַן, זיך געהייסען געבען אַ גלאָז קאַפּע און טרינקענדיג די קאַפּע האָט ער אַרויסגענומען די טעלעגראַם און גע־לייענט:

אַלעקסאַנדער דזשאָנסאָן,

דאָקטאָר סמיט איז אָנגעקומען אין ניו יאָרק, קוואַרטירט האָטעל פּענסילווייניע נומער 16. טו גלייך קומען.

העלער האָט זיך פאַרטראַכט און איבערגעלייענט די טעלעגראַם נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. דר. סמיט אין האָטעל פּענסילווייניע... ע, ע, ער מוז זיין עפּעס אַ פויגעל! ער איז זיכער ניט דאָס, וואָס ער שטעלט זיך פאָר. ער איז אַרומגערינגעלט מיט סודות. ווי געפינט מען אויס צו עפענען די אויגען פון דער נאַרישער מיידעל? ווער זאָל עס זיין דער דר. סמיט?

העלער האָט באַצאָהלט פאַר דער קאַפּע און איז אַרויס פון רעס־טאָראַן. אין גאַס האָט ער אַליין ניט געוואוסט וועלכען וועג צו נעמען, וואוהין ער זאָל געהן, אָבער צופעליג האָט ער באַגעגענט הערי גאָלד׳ן. צוערשט האָט ער זיך עפּעס ווי דערשראָקען, ווי הערי וואָלט געווען אַ דעטעקטיוו און אים היטען וואָס ער טוט, אָבער באַלד האָט ער צו זיך אַליין אַ לאַך געטאָן און פרעהליך באַגריסט הערי׳ן.

—וואָס עפּעס אין מיטען טאָג? דו אַרבעטסט ניט? האָט הערי אים געפרעגט.

—ניין—האָט ער קורץ געענטפערט—אָבער הער, הערי, וואָס איך האָב געהערט, דיין פריינד דזשאָנסאָן האָט אַ גרויסען גאַסט.

—אַ גאַסט?

—יאָ, עפּעס אַ דר. סמיט, ער שטעהט איין אין פּענסילווייניע האָ־טעל, דזשאָנסאָן איז איצט דאָרט צו אים אַוועק.

—צו זעהן דעם דאָקטאָר? פון וואַנען ווייסטו דאָס?

—איך זאָל ניט וויסען, וואָלט איך ניט געזאָגט.

—אַזוי? יאָ, דער דזשאָנסאָן איז עפּעס אַ מאָדנער מענש, עס איז

אים שווער צו פאַרשטעהן.

—ווער ווייסט וואס פאַר אַ פויגעל דאָס איז! אפשר איינער פון דער אונטערוועלט...

—דאָס גראָדע גלויב איך ניט, ער קוקט אויס צו אינטעליגענט.

—זיי זיינען קינסטלער זיך צו פאַרשטעלען. די חברה־לייט זיינען פעהיג אויף אַלעס. ער קען ווען עס איז פאַרפיהרען דיין שוועסטער און זי ערגעץ פאַרקויפען...

—ע, געה, דו רעסט פון שלאָף, דוד, שלאָג זיך ארויס פון קאָפּ אַזעלכע נארישקייטען.

—נו גוט, וועל איך מער גאָר ניט זאָגען—האָט ער בייז ארויסגערעדט און איז אוועק.

הערי האָט אים נאָכגעקוקט און אים באַדויערט...

## צוויי און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

אַל. דזשאָנסאָן האָט שוין פון לאַנג געהאַט דערצעהלט דעם אַלטען מר. גאָלד, אַז ער האָט אַן אַלטען זעהר גוטען פריינד מיטן נאָמען דר. סמיט. הערי אָבער האָט ניט געוואוסט דערפון. און אַז דר. סמיט איז געקומען אין ניו יאָרק איז מיט אַ טאָג שפּעטער דזשאָנסאָן געקומען צו די גאָלדס און זיי דערצעלהט, אַז זיין פריינד דר. סמיט איז געקומען קיין ניו יאָרק.

—איך האָב געשריבען מיין פריינד דר. סמיט וועגען מיינע נייע פריינד די גאָלדס—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט—איצט, אַז ער איז דאָ וויל ער זיך באַקענען מיט אייך. איך האָב אים געשריבען, אַז איר קומט פון בערלין, דייטשלאַנד, ער קומט אויך פון דאָרטען, וויל ער זיך באַקענען מיט לאַנדסלייט. איך האָף, אַז איר וועט אים ערלויבען.

—מיט דעם גרעסטען פאַרגעניגען!—האָבען מר. און מרס. גאָלד אַ זאָג געטאָן ענטוזיאַסטיש—מיר וועלען זיך פרעהען צו עמפּפאַנגען אייער פריינד דר. סמיט. אדרבה, ברענגט אים טאַקע, מיר ווילען זיך אויך זעהן מיט אַ לאַנדסמאַן.

און ביי די גאָלדס איז מען געוואָרען באַשעפטיגט מיטן ברענגען דאָס הויז אין אָרדנונג צוליב דעם גרויסען גאַסט דר. סמיט. אַלע האָבען זיך אויסגעפּוצט אין זייערע שבת'דיגע קליידער. מר. גאָלד אַליין האָט היינט פריהער פאַרמאַכט דעם געשעפט צוליב דעם גאַסט.

דר. סמיט איז זעהר פריינדליך באגעגנט געווארען. מרס. גאלד האט דערלאנגט צום טיש שנאפס מיט צובייסען און נאך גוטע זאכען און געבעטען מען זאל זי ניט פארשעמען און נעמען אין מויל אריין, צוגע־בענדיג, אז אלעס איז פריש און היימיש געמאכט.

נאך די ערשטע באגריסונגען, אז מען האט זיך געזעצט ארום טיש, האט דר. סמיט געזאגט:

—יא, מיין פריינד דזשאנסאן האט מיר געשריבען וועגען אייך, אז איר קומט פון דייטשלאנד?

—יא, דאקטאר, אבער דאס איז שוין גאנץ לאנג.

—ווי לאנג איז שוין, אז איר זענט פון דייטשלאנד, מר. גאלד?

—דרייסיג יאהר.

—דרייסיג יאהר? איך בין אויך פון דייטשלאנד איבער פינף און פערציג יאהר.

—זענט איר אויך א בערלינער, דאקטאר?

—יא, א בערלינער.

—איך בין אויך א בערלינער. איר האט אפשר געקענט מיין פא־מיליע, דאקטאר, אין דער היים האב איך געהייסען גאלדשמיט, נאר דא אין אמעריקע, איר ווייסט דאך, די קינדער קירצען די נעמען, ווי אלץ איז אויך שנעל, אזוי וויל מען אויך די נעמען „פארגיכען“... האט מען זיך פון גאלדשמיט געמאכט גאלד, שרייב איך זיך שוין אויך אונטער גאלד.

—גאלדשמיט?! מיין גאט! מיין נאמען איז דאך אויך גאלדשמיט! אפשר גאר די זעלבע גאלדשמיטס?...

—עס קען לייכט מעגליך זיין—האט מר. גאלד געענטפערט.

—ווי האט אייער פאטער געהייסען?

—מיין פאטער? ער האט געהייסען הערמאן גאלדשמיט. מיין זון הערי הייסט נאך אים.

—הערמאן גאלדשמיט!—האט דר. סמיט איבערגערעדט אז אויפ־גערעגטער—איז ער געווען דעם רב'ס זון פון בערלין?

—יא, דאקטאר, דער בערלינער רב לעאן גאלדשמיט איז געווען מיין זיידע.

—מיין גאט!—האט דר. סמיט אויסגערופען איבערראשט—דער בערלינער גרויסראבינער לעאן גאלדשמיט איז דאך געווען מיין פאטער!

און הערמאַן איז געווען מיין ברודער, מיין ליבליכער ברודער!

—זאָל דאָס מעגליך זיין?!—האָט מר. גאָלד געפרעגט און ניט געקענט זיך גלויבען—כמעט ווי אַ לעגענדע! אויב הערמאַן גאָלדשמיט דעם ראַבינער'ס זון איז מיין פאָטער איז דאָך קיין צווייפעל ניט, איך האָב נאָך זיין בילד, איך קען עס אייך צייגען. אויך דעם זיידענס בילד האָב איך. הערי, זיי אַזוי גוט און ברענג אַריין די בילדער פון מיין צימער!

אַלע זיינען געווען ערשטוינט פון דער ענטדעקונג. אויך העלער איז געווען דערביי.

באַלד איז הערי אַריינגעקומען מיט די בילדער.

—גאָט מיינער! יאָ, דאָס איז מיין פאָטער, מיין טייערער גרויסער פאָטער, דער רב פון בערלין!—האָט דר. סמיט אויסגערופען—און דאָס איז מיין ברודער הערמאַן!—און פאַר גרויס רעספּעקט איז ער אויפגעשטאַנען צו עהרע, ווי דער גרויסער אויבערראַביער וואָלט דאָ פאַר אים געשטאַנען אַ לעבעדיגער.

—און איר זענט מיין ברודער'ס זון?

מר. גאָלד האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדען פאַר איבערראַשונג, פון דער ענטדעקונג.

—מיין גאָט! וואָס עס קען פּאַסירען!—און דער אַלטער דאָקטאָר האָט אַרומגענומען מר. גאָלד'ן און מיט פריידענס־טרערען אים צוגעדריקט צו דער ברוסט און אויסגערופען:

—דאַנקען גאָט, איצט בין איך ניט עלענט! איך האָב געפונען מיין פאַמיליע און אויך אַזעלכע פיינע קינדער, ווי מיין גוטער אַל. האָט מיר טאַקע געשריבען.

אַלע זיינען צוגעפאַלען און זיך געקושט מיטן אַלטען דאָקטאָר, ווי אַן אמת'ע פאַמיליע.

אַל. דזשאַנסאָן איז געשטאַנען אַן איבערראַשטער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס אַלעס איז נאָר אַ חלום.

מר. גאָלד איז צוגעקומען צו דזשאַנסאָנ'ען און אויסגעשטרעקט זיין האַנט און האָט אויסגערופען:

—מר. דזשאַנסאָן, איך האָב ניט קיין ווערטער אייך צו באַדאַנקען, וואָס דורך אייך האָב איך געפונען מוין טייערען אַנקעל! שוין יאָהרען לאַנג ווי מיר האָבען אייך געזוכט, ליבער אַנקעל! איך האָב געוואוסט,

אז ערגעץ אין אמעריקע האב איך אן אנקעל, אבער שפעטער האב איך אויפגעגעבען די האפנונג אייך צו געפינען. און איצט בין איך אזוי גליקליך!

—דאס איז צוליב די אמעריקאנער פארקירצטע נעמען! ווען מיר זאלען געווען טראגען אונזערע ריכטיגע גאנצע נעמען וואלטען מיר זיך אפשר גיכער געפונען.

—אבער איר זעהט, אנקעל, אז עס איז באשערט מאכט זיך א צופאל... האט מר. דזשאנסאן גערארפט רעטען מיין קינד פון אן אטאמאביל, און אזוי ארום האט דער שיקזאל אונז צוזאמענגעפיהרט...

—א, ווי שעהן! הייסט עס, דר. סמיט איז אונזער אנקעל!—האט לילי א גליקליכע אויסגערופען.

—אוודאי!—האט מר. גאלד געזאגט.

—א, וואס פאר א פרייד דאס איז! צו קריגען אזוי אונערוואַרט אזא טייערען אנקעל!

—טייערע, שעהנע לילי, איך האב שוין פון דיר געהערט, אל. האט מיר געשריבען זעהר גוטעס וועגען דיר, אבער איך זעה, אז ער האט ניט איבערטריבען—און ער האט איר צוגעדריקט צו זיך און איר א הארציגען קוש געטאן אין באק.

—אזוי, האט ער אייך געשריבען, אנקעל?—האט לילי געפרעגט און געווארפען א פארשעמטען ליבען בליק צו אל'ן. וועלכער איז געשטאנען א פרעהליכער און געקוואלען פון דעם נחת, וואס ער האט דא צוגע־טיילט דער ליבער, גוטער פאמיליע גאלד, דאס דורך אים האבען זיי זיך דערקענט מיט זייער אנקעל, דעם ליבען אלטען דאקטאר.

—און אויף מיר, אנקעל, וואס האט ער געשריבען?—האט הערי געפרעגט מיט א שמייכעל.

—איך גלויב, אז נאר דעם אמת... איך קען מיין פריינד דזשאנ־סאן זינט זיין געבורט, זינט ער איז נאך א קינדערלע געווען. איך קען אים צו־גוט. ער האט ניט ליב צו איבערטרייבען אין זאכען, וואס זיינען ניט ריכטיג. מיין פריינד אל. האט די בעסטע מיינונג פון דער גאנ־צער פאמיליע גאלד.

—א דאנק דיר, פריינד דזשאנסאן—האט הערי אויסגערופען באגייסטערט און וואַרעם געדריקט אים די האנט.

—און איך דענק, אז איך האב גאר ניט איבערטריבען אין מיין

מיינונג, ווי איך האָב אייך קענען געלערענט, ביז איך צו אייער פאַמיליע צוגעקלעפּט געוואָרען מיט מיין גאַנצער נשמה. און איצט איז מיין העכסטער גליק מיט דעם, וואָס איך בין געווען דער שליח אייך צוזאַמענצופיהרען מיט מיין ליבען גוטען פריינד דר. סמיט.

—איך דאַנק אייך פון מיין זייט, מר. דזשאַנסאָן—האָט מרס. גאָלד געזאָגט און האָט ליבליך געקוקט צום יונגענמאַן; טראַכטענדיג, אַז לילי איז ניט קיין נאַר, וואָס זי שווערמט אַזוי פון איהם... און זי האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז מיט אַזאַ מאַן קען אַ פרוי אַפּלעבען אַ גליקליך לעבען. אין איהר הארצען האָט איצט שטאַרקער אויפגעפלאַמט די האָפנונג, אַז אפשר וועט ער זיך אין איהר פאַרליבען, איצט, אַז מען איז שוין אויך משפחה...

און דאָס מוטער־הארץ האָט געקלאַפּט מיט גליק און האָפנונג פאַר איהר קינד און פריידענס־טרערען האָבען זיך געוויזען אין איהרע אויגען. זי האָט זיך שנעל אויסגעדרייט און געגאַנגען מאַכען אַ גוטען מאַלצייט לכבוד דער גרויסער פּאַסירונג.

—איך זעהט, אַנקעל, זי איז די הויפּט מחותנת׳טע פון דער גאַנצער שמחה; דורך איהר האָבען מיר זיך באַקענט מיט דזשאַנסאָנ׳ען און דורך איהם האָבען מיר זיך מיט אייך געטראָפען—מיט די ווערטער האָט מר. גאָלד פאַרגעשטעלט די קליינע מערי, וועלכע האָט שעמעוודיג געקוקט מיט איהרע קלוגע אויגען צום אַלטען נייעם אַנקעל.

העלער איז געווען אַנוועזענד ביי דער גאַנצער שמחה וואָס די פאַמיליע גאָלד האָט איצט געהאַט, און דאָס האָט איהם שטאַרק געקרענקט, ווייל ער האָט געזעהן אין דעם אַ שריט נעהנטער פון דזשאַנסאָנ׳ען צו לילי׳ן. ער האָט ניט געקענט קוקען אויף דזשאַנסאָנ׳ען און האָט אַרויסגעוויזען אַן אָפענע שנאה. ער האָט באַמערקט, אַז לילי האַלט אין איין קוקען צו דזשאַנסאָנ׳ען און לאָזט פון איהם קיין אויג ניט אַראָפּ. דאָס האָט איהם געשטאָכען ביז אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז אַצינד פעהיג צו באַגעהן אַ מאָרד אַבי צו באַזייטיגען אַלע שטיינער, אַלע שוועריגקייטען אום צו קענען קריגען דאָס זיסע מיידעל... קיינער האָט עס אָבער ניט באַמערקט, ווייל אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיט זיך, מיט דער פרייד, און מען האָט געהאַט פיל צו רעדען, פיל צו דערצעהלען.

אַל. דזשאַנסאָן איז אויך די לעצטע צייט ניט געווען אַזוי גוט

אויפגעלעגט, ווי אין אנפאנג, ווען ער האט זיך באקענט מיט דער פאמיליע גאלד. ער האט די לעצטע צייט דעפיהלט, אז ער ליבט די שעהנע לילי, כאטש ער האט געוואוסט, אז ער איז צו איר זעהט ווייט... דען ערשטעטנס האט ער זיך צוגעבונדען צו אן אנדער מיידעל, מיט וועלכער ער איז פאר'קנס'ט, פארלאבט, צווייטענס איז ער פון אן אנ־דער רעליגיע. ער האט געזעהן, אז לילי'ס עלטערען זיינען רעליגיעזע מענשען, און דאס וואלט געמאכט די גרעסטע שוועריגקייטען פאר א פאראייניגונג צווישען אים מיט לילי'ן, ווען ער איז אפילו פריי... און דאס האט ער ניט פארגעסען און זיך ארומגעטראגען מיט א גע־דאנק, אז ער דארף וואס פריהער פון דאנען אנטלויפען, אום ניט צו־שטארק צו פארוואונדען דאס יונגע אונשולדיגע הארץ פון דער יונגער זיסער מיידעל. דערביי האט ער שטארק געליטען, ער האט גע־פיהלט, אז עס וועט אים זעהר פיל געזונט קאסטען זיך צו שיידען מיט איר...

ווען העלער וואלט דאס געוואוסט, וואלט ער געווען א גליקליכער, נאר דערווייל ווייסט עס קיינער ניט. און העלער עסט זיך זיין הארץ... דזשאנסאן האט עס פארשטאנען, אבער ער האט ניט געקענט אפען ארויסקומען און דערצעהלען אלעמען וועגען זיין לעבען. ער האט פון אלעם געוואלט מאכען א געהיימניש און אזוי ארום וועט אים זיין לייכטער צו שטודירען דאס אידישע פאלק, וועלכעס איז געווען זיין הויפט אויפגאבע.

—דעם היינטיגען טאג וועל איך פארשרייבען צווישען מיינע ערעינערונגען אלס איינע פון די גרעסטע פאסירונגען אין מיין לעבען —האט דר. סמיט געזאגט א באגייסטערטער ביים געזעגענען זיך גאנץ שפעט אין דער נאכט מיט זיין נייער געפונענער משפחה גאלד...

## דריי און צוואנציגסטער קאפיטעל

מיט א טאג שפעטער איז דזשאנסאן געזעסען מיט דר. סמיט אין האטעל פענסילוועניע אין אן עקסטרען צימער. זיי זיינען געווען פאר־טיפט אין א געשפרעך, רויכערענדיג ציגארען. אין דער אמת'ן האבען זיי ניט גערויכערט, נאר געהאלטען די ציגארען צווישען די פינגער. דזשאנסאן איז געזעסען פארלעגט א פוס איבער א פוס און נערוועז אפגעשאקעלט די אש פון זיין ציגאר. ער האט אלע מאל געוואלט נעמען

דעם ציגאַר אין מויל און האָט אַלץ געהאַלטען איין רעדען. זיין אויס־דרוק איז געווען אַן ערענסטער. דאָ האָט ער זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען און אַנגעהויבען אַרומצוגעהן איבערן צימער.

—יאָ,ליבער פריינד, דאָס מענשליכע לעבען, דאָס איז די איינציגע זאַך, וואָס לויענט זיך צו פאָרשען—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט—אין פאַר־גלייך מיט דעם האָט קיין זאַך קיין ווערט ניט. צו באַטראַכטען די האַר־טע לאָגיק פון דער ליידענשאַפט און דאָס פילפאַרביגע באַוועגטע לעבען פון דעם פאַרשטאַנד, צו באַטראַכטען וואו זיי טרעפען זיך און וואו זיי שיידען זיך, אין וועלכע פּונקטען זיי קומען אין צוזאַמענהאַנג און צו־זאַמענשטויס—דאָס איז אַ וואונדערליכער גענוס! וואָס איז דער אונ־טערשייד וואָס דאָס קאָסט? פאַר אַזאַ פאַרגעניגען קען מען קיינמאָל ניט צופיל באַצאָהלען... די שמערצען וועקען אויף אונזער זין פאַר שעהנ־קייט און אירע וואונדען זיינען פאַר אונז ווי רובינען...

—דו, ליבער אַל., דו ביזט נאָך ניט גענוג באַקאַנט מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון לעבען—האָט דר. סמיט זיך פּלוצלונג אָנגערופען—זעל און קערפּער, קערפּער און זעל — ווי געהיימניספול זיי זיינען! עס ליגט אין דער זעל עפּעס פון דער נאַטור פון דער חיה, און דער קערפּער האָט זיינע מאָמענטען, פון גייסטיגע ווערטען. די חושים קענען זיך לייטערען און דער גייסט קען דערנידעריגט ווערען. ווער קען זאָגען וואו עס ענדיגט זיך דער אימפּולס פון פלייש און וואו עס הויבט זיך אָן דער אימפּולס פון דער זעל? ווי פלאַך עס זיינען די ווירקליכע ערקלע־רונגען פון די פּסיכאָלאָגען און דאָך ווי שווער עס איז פאָנאַנדערצוקלויבען אין דעם.

—יאָ, ליבער דאָקטאָר, די ליבע איז איינע פון די שווערסטע פּראָב־לעמען פאַר דער נייער געזעלשאַפט—האָט אַל. גערעדט פאַרטראַכט.

—אַ, אַ, דוכט זיך, ניט פיל יונגעלייט דענקען אַזוי שווער—האָט דר. סמיט זיך אָנגערופען מיט אַ שמייכעל—מיר פאַרשטעהען בכלל ניט דעם באַגריף ליבע. איינער מיינט, ליבע הייסט אַרומנעמען, צערטלען, קושען דעם אָביעקט, אויף וועמען ליבע איז געווידמעט, אַ צווייטער רופט ליבע דעם פיזיאָלאָגישען מאָמענט, ביי אַ דריטען איז בכלל הוילע אַבסטראַקציעס...

—ניין, ליבער דאָקטאָר, מיין באַגריף וועגען ליבע איז גאָר אַן אַנ־דערער. ליבע הייסט אָפּפערווילינקייט, ליבע הייסט אַ טייל פון אונז,

—ליידען, קאַמף, ליבע — דאָס איז אַ צווילינג פון גוף און נשמה, עס קען ניט ליבען די נשמה, ווען עס ליבט ניט דער גוף. ליבע איז דער עסענס, דער זאַפט פון דער מענשהייט, מיר דאַרפען קענען צוגעהן צו דעם פּראָבלעם גאַנץ נאַקעט, ווי נאַקעט די ליבע איז, מיר דאַרפען זיך באַפרייען פון דעם בירגערלאַכען שמוץ און שימעל, וואָס מען האָט גאַנצע דורות אין אונז געזייט. אַמאָל האָט מען געלערענט אונזערע שוועסטער, אָדער יונגע טעכטער, אַז מיט דעם וואָס מען האָט איר חתונה געמאַכט, דעם מוז זי ליבען, אויב אפילו עס איז געגען איר ווילען. אַזאַ ליבע קען מען ביי פרייע מענשען אָנרופען מער פאַר־ברעכעריש ווי צוזאַמען לעבען. אין אַנדערע ווערטער קען מען עס רופען: פּראָסטיטוציע. און אויב אַ מיידעל מיט אַ ברויזענדער בלוט האָט געליבט פאַר דער חתונה אַ מענשען, וואָס איז איר געווען צום האַרצען, איז זי געווען אַן אַרויסגעשטופּטע פון דער געזעלשאַפט. דער היינטיגער פרייער מענש קוקט אויף דעם גאַנץ אַנדערש, און אויב ער קוקט נאָך ניט וועט ער קוקען. די ליבע — דאָס איז דאָס פיינסטע און שעהנסטע אין אונזער לעבען.

—דו, ליבער אַל, דו ביזט נאָך ניט גענוג באַקאַנט מיט דער פּסי־כאָלאָגיע פון מענשען. ווי איך פאַרשטעה, האָט נאָך די לילי ניט גע־ליבט קיין יונגענמאַן, און דו ביזט ביי איר דער ערשטער, וואָס האָט דערוואַרעמט איר יונג האַרץ פאַר דעם ליבעס־פייער. אַ יונג קינד, אַז זי ליבט, איז די ליבע מיטן גאַנצען האַרץ, מיט דער גאַנצער נשמה. טאָמער ווערט אַזאַ קינד ענטוישט, קען עס אויף איר זעקר שלעכט ווירקען. אַ שאָד אַזאַ זיסע בלום, ווי דו אַליין האָסט אין אַ בריף זיך אויסגעדריקט.

—וואָס פאַר אַ ביטערען מזל איך האָב עס!—האָט דזשאַסאָן שטיל און אומעטיג אַרויסגערעדט—צו וואָס האָב איך זיך געדאַרפט פאַר־ליבען אין דעם מיליאָנער'ס טאָכטער? ווען איך וואָלט ניט געווען פאַרלאָבט צו איר, וואָלט עס אין גאַנצען געווען עפּעס אַנדערש... איך וויל ניט מאַכען קיין לייטישע ריידערייען, און מיינע עלטערען— ביי זיי איז מיין פאַרלאָבונג גאָר אַ גאַנצער גליק.

—ניט נאָר די פאַרלאָבונג דיינע איז דאָ דער שטער, ליבער אַל.— האָט דר סמיט ערענסט געזאָגט—דו פאַרגעסט, אַז צווישען אייך איז פאַרהאַן נאָך אַ גרעסערע, נאָך אַ שטאַרקערע שטערונג, דאָס איז די

רעליגיע. די רעליגיע צעטיילט אייך מיט א שטארקער וואנט. דו ביזט א קריסט און לילי איז א אידיש מיידעל.

—איך גלויב, אז דאס וואלט אונז ניט געקענט שטערען אונזער גליק!—האט אל. געזאגט פארטראכט.

—ניין, מיין ליבער, לײדער וואלט עס געווען די גרעסטע שטערונג, איך גלויב, אז איר פאטער איז צו־רעליגיעז צו ערלויבען אזא פאר־איינינונג. יא, איך בין כמעט זיכער אין דעם.

—עס מאכען זיך זעהר אפט אזעלכע פאראייניגונגען צווישען אידען און קריסטען—האט דזשאנסאן שטיל געזאגט—מען מוז ניט דורכ־פיהרען א רעליגיעזע צערעמאניע. עס איז גענוג, אז מען פאראייניגט זיך אין געריכט.

—לײדער איז אזא פאראייניגונג ניט גליקליך, און איך בין זיכער, אז מר. גאלד וואלט עס ניט וועלען—האט דר. סמיט געזאגט.

—וואס זשע איז צו טאן?—האט אל. ארויסגערעדט א פארצווייפעלטער און א בלייכער.

—דו זיי נאר רוהיג, מיין גוטער אינגעל—האט דר. סמיט אים אויסגערעדט און אים ארומגענומען—מיר קענען ניט וויסען וואס די צייט קען ברענגען. דערוויילע, דענק איך, דארפסטו זיך האלטען פון דער מיידעל פון דער ווייטען.

—איצט, מיין ליבער פריינד, זאגט מיר דעם אמת, וואלט איר, ווי א פריינד מיינער, אויך געווען געגען אזא מין פאראייני־גונג, ווען עס וואלט האלטען דערביי? איצט איז דאך לילי נעהנטער צו אייך ווי איך מיט מיין פריינדשאפט.

—איך קען דיר, ליבער אל., איצט ניט זאגען אויף דער מינוט, ווי איך וואלט געהאנדעלט, עס איז אבער בעסער, אז יעדע זאך נעמט זיינם גלייכען...

—נו, איז דאך העלען זיכער ניט מיין גלייכען. לילי וואלט פאר מיר געווען פיל גלייכער, דאס פיהל איך, איך פיהל עס טיף אין מיין הארצען, אין מיין נשמה...

—העלען וועט דיך אבער ניט אפלאזען.

—זי קען מיך ניט צווינגען

דא האט א קלינג אין טעלעפאן איבערגעשלאגען זייער געשפרעך.

—ווער קען עס זיין? מיר קען דא קיינער ניט.

—איר וועט עס באלד אויסגעפינען.

דר. סמיט האט גענומען דעם טעלעפאן אין האנט און געפרעגט ווער עס רופט אים.

—העלאו, דאקטאר סמיט?—האט געפרעגט די שטימע אין טעלעפאן.

—יא, דאקטאר סמיט, ווער רעדט עס?

—איך, לילי גאלד.

—לילי גאלד? דו?

—יא, אנקעל, איך לילי. קען איך אייך זעהן, אנקעל?

—ווען ווילסטו מיך זעהן, לילי?

—אט, אפילו באלד. איך דארף אייך זעהר נויטיג זעהן.

—נו, קום אריבער אין א שטונדע ארום, איך וועל אויף דיר ווארטען.

—א דאנק אייך, גוטער אנקעל, אויף ווידערזעהן.

—אויף ווידערזעהן.

אוועקשטעלענדיג דעם טעלעפאן האט דר. סמיט זיך אנגערופען צו דזשאנסאנ'ען:

—האסט געהערט ווער עס האט גערופען? דאס איז דאך געווען לילי.

—יא, איך האב געהערט.

—וואס קען דאס זיין, וואס זי וויל מיך זעהן? עפעס האט איר קול געציטערט ווי צום וויינען, איך בין שוין נייגעריג צו הערען וואס זי האט צו זאגען.

—אוי, ווער ווייסט וואס עס האט פאסירט!—האט אל. אויסגע־רופען מיט שרעק.

—ביזט א קינד! וואס האט געקענט פאסירען? ווען עס איז חלילה אן אונגליק, וואלט מען מיך גערופען אהיים צו זיי אין הויז אריין, נאר ווארשיינליך וויל זי זיך מיט מיר דורכרעדען אויף וועגען דער זעלבער זאך, וואס מיר האבען איצט גערעדט... זי וויל זיך אוודאי נאכפרעגען אויף דיר, ווי זי זעהט, אז מיר זיינען אזוי באפריינדעט. וואס דען האט א מיידעל אין זינען?—האט דער אלטער דאקטאר גוטמוטהיג געשמייכעלט.

—וואס וועט איר איר זאגען, ליבער דאקטאר?

—איך ווייס טאקע ניט וואס צו זאגען... איר דערצעהלען דעם אמת אז דו ביזט ניט קיין איד, האב איך ניט דאס הארץ, געבען איר גוטע האפנונגען, גוטע אויסזיכטען, איז ניט קיין פלאן. זאג דו וואס איך

זאָל איר זאָגען.

—וואָס קען איך אייך זאָגען, ליבער פריינד? —האָט אַל. אַ באַט־ריבטער געפרעגט—איר פאַרשטעהט בעסער. אפשר איר זאָגען דעם אמת, דעם ריינעם אמת?...

—דאָס האָב איך ניט קיין הארץ צו טאָן, צו שטערען אירע שעהנע אירע ליכטיגע חלומות.

—מען וועט אָבער מוזען, פריהער אָדער שפּעטער—האָט אַל. גע־זאָגט מיט פאַרצווייפלונג, און האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער. דער אַלטער דאָקטאָר האָט אים נאָכגעקוקט און אים שטאַרק באַ־דויערט, האָבענדיג מיטלייד מיט דעם אונשולדיגען יונגענמאַן. ווי פיל ליידען, ווי פיל נשמה־פּיין דער מענש האָט שוין איבערגעלעבט, זינט ער קען אים פון זיין פריהסטער יוגענט! כמעט זינט ער איז גע־באָרען געוואָרען. און ביי אידישע עלטערען... אָבער וואָסערע עלטערען זיינען דאָס געווען? אַ אידישע מאַמע זאָל האָבען דאָס הארץ זיך צו ענטזאָגען פון איר אייגען קינד... ווער ווייסט וואָס עס האָט איר דערצו געטריבען. עס איז ביי דר. סמיט'ן ניט געווען קיין צווייפעל, אז אַל. איז ניט קיין געזעצליך קינד. הייסט, וואָס קען ער טאָן? ווי קען ער דער־לאָזען, אז זיין ברודער'ס אייניקעל זאָל זיך פאַראייניגען מיט אַ קריסט?... מיט אַ ניט־געזעצליך קינד, וואָס שטאַמט אפּ ווער ווייסט פון וואָס פאַר אַ פאַמיליע... עס איז שרעקליך.

—אַלזאָ, דאָקאָר, איך מוז געהן, זי קומט באַלד ארויף און איך וויל ניט זי זאָל מיך דאָ טרעפען

—נו, גוט, גוט, וועלען מיר זיך נאָך היינט זעהן?

—יאָ, דאָקאָר, אויף ווידערזעהן!—האָט ער אויף גיך דערלאַנגט דעם דאָקטאָר זיין האַנט און איז ארויס.

דר. סמיט האָט אים ווידער נאָכגעקוקט און ארויסגעלאָזט אַ לאַנגען זיפץ, ווען יענער איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר.

—אַ שאָד, אַזאַ גוטער וואוילער יונגערמאַן! ער קען זיין דער שטאָלץ פון אַ פאַמיליע—האָט דער דאָקטאָר גערעדט צו זיך. און ווידער האָט זיין געוויסען גערעדט צו אים. ער איז געזעסען ווי אויף הייסע קוילען. און ער האָט זיך אויפגעהויבען און אַנגעהויבען ארומצוגעהן, טראַכ־טענדיג, אז דזשאַנסאָנ'ס גליק ליגט אין זיינע הענט... ווען ער זאָל אים אויסזאָגען, אז ער, אַל., שטאַמט פון אידען, וואָלט ער אוודאי געווען

גליקליך, אָדער אפשר — — — נאָך אומגליקליכער... אַזוי דענקט ער, אַז ער איז אַ קריסט, אָבער ער מיינט, אַז ער איז אַ געזעצליך עהרליך קינד, איז כאַטש מיט אים די איינציגע צרה, וואָס ער קען זיך ניט פאַראייניגען מיט דער ליבער לילי'ן. אָבער אַז ער זאָל געוואויר ווערען אַז ער איז אַ אידיש קענד, אַ פאַרשטויסען קינד פון אומאַראַלישע עלטערען, וועט ער די שאַנדע געוויס ניט איבערלעבען... הייסט עס, אַז עס איז בעסער, איך זאָל דעם סוד מיטנעמען מיט זיך אין קבר אריין...

אַזוי איז דר. סמיט געזעסען און געטראַכט, ווען אַ קלאַפּ אין טיר האָט אים איבערגעשלאָגען זיינע געדאַנקען.

די טיר האָט זיך געעפענט און לילי איז אַריינגעקומען.

—אַ, לילי,—האָט דער אַלטער מיט אַ ליבליכען שמייכעל זי אויפגענומען—וואָס פאַר אַ גאַסט! נו, קום זעץ זיך, טייערע.

—אַ דאַנק, ליבער אָנקעל.

—וואָס עפּעס פאַר אַ וויכטיגע זאַכען האָבען דיך געבראַכט צו מיר, לילי?

—זעהר אַ וויכטיגע פראַגע, אָנקעל טייערער—האָט לילי געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטען קול, ווי זי וואָלט געהאַלטען ביים צוויינען זיך.

—וואָס האָט פּאַסירט, לילי, וואָס דו ביזט אַזוי אויפגערעגט?

—אַ ליבער אָנקעל, איך בין אַזוי אומגליקליך!—האָט לילי געזאָגט און האָט זיך צוויינט.

—שאַ, שאַ, קינד, לאָז מיך הערען!—און ער האָט איר צערטליך און פאַטערליך אַרומגענומען—בארוהיג זיך, נו, וואָס האָט פּאַסירט?

—אָט, זעהט, ליבער אָנקעל—האָט לילי געזאָגט און זי האָט אַרויסגענומען אַ בריף פון קעשענע און אים דערלאַנגט.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ בריף, קינד?

—אַל'ס אַ בריף.

—ווי קומט צו דיר אַל'ס אַ בריף?

—עס איז ניט די פראַגע ווי דער בריף קומט צו מיר, עס איז די פראַגע וואָס מען שרייבט אין בריף.

—וואָס שרייבט מען דען?

—פון וועמען איז דער בריף?

—נאָט, לייענט וועט איר זעהן.

דער אַלטער האָט גענומען דעם בריף און אָנגעהויבען לייענען

מיין טייערער זון אַלעקסאַנדער,

איך האָב נאָר וואָס ערהאַלטען אַ בריף פון דיין כלה, און זי באַקלאַגט זיך, אַז זי האָט ערהאַלטען אַן ניט־אונטערגע־שריבענעם בריף פון אַ פרעמדער פּערזאָן, וואָס שרייבט צו איר, אַז דו געהסט דאָרט אַרום מיט אַ אידיש מיידעל. דו קענסט ערוואַרטען דיין כלה אין ניו יאָרק יעדען טאָג, און אויב עס איז אמת, וועט זי דיר דאָרט מאַכען, מיין זון, אַ שעהנעם סקאַנדאַל, אַט ווי די מיליאַנערסקע טעכטערלאַך קענען. דאָס וועט דיר זיכער שאַדען ברענגען פאַר דיין קאַר־יערע. דאָס וואָלט בכלל זעהר פיין געפּאַסט פאַר דיר, דער זון פון געאַכטעטען מר. דזשאַנסאָן.

מיין טייערער, זון, ווי קומט עס, וואָס דו האָסט זיך אַזוי פאַרגעסען ווער דו ביזט? אַז דיינע עלטערען זיינען פרומע קריסטען און זיי וועלען דיר קיינמאָל ניט ערלויבען צו פאַר־אייניגען זיך מיט אַ אידישער מיידעל. איך גלויב אויך ניט, אַז יענע מיידעל זאָל זיך וועלען שמד'ען צוליב דיר, און אויב אפילו יאָ, איז ווי קענסטו מאַכען אַזאַ נאַרישען שריט און אויס־בייטען אַ מיליאָנערישער שעהנהייט פאַר עפּעס אַ פּראָסטער אידישער מיידעל? און דענקסטו טאַקע, אַז מיר וועלען עס דערלאָזען? העלען ליבט דיך און זי וועט זיך פון דיר ניט אָפּ־זאָגען, דיך לאָזען פריי פאַר אַן אַנדערע, איבערהויפּט ווען די אַנדערע דאָרט איז עפּעס אַן אָרעם אידיש מיידעל. עס וועט דיר אַזוי לייכט ניט אָנקומען צו ווערען אַ פאַררעטער...

דערפאַר, ליבער זון, פאָדערט פון דיר דיין מאַמע, אַז דו זאָלסט גלייך אויפגעבען דיינע נאַרישקייטען מיטן שטודירען די אידען און קום גלייך אַהיים. דיין כלה וועלען מיר זאָגען, אַז דאָס האָבען אויסגעטראַכט שונאים. מיר וועלען אויך זעהן, אַז דיין חתונה זאָל באַשטימט ווערען אויף אַ קורצער צייט. דו טאָרסט אַזאַ גליק ניט אַרויסלאָזען פון האַנט.

פון מיר דיין טרייע מוטער,

בערטהאַ דזשאַנסאָן

—נו, אַנקעל, איר זעהט? איך בין געקומען אייך פרעגען צי דאָס איז אמת, אָדער האָבען עס געטאָען עפּעס שונאים זיינע?

דר. סמיט איז געבליבען זיצען א באטריבטער און געקוקט מיט באדויערען אויף דער יונגער שעהנער לילי'ן.

—בארוהיג זיך, ליבע לילי—האט ער ענדליך ארויסגערעדט און אנגענומען אירע הענט—דו ביזט דאך א קלוגע מיידעל. וואס קען איך דיר זאגען, מיין קינד? עס טוט מיר לייד דיר צו זאגען, אז דאס איז אמת... יא, מיין קינד, דאס איז אמת, ער איז א קריסט און איז פאר־לאבט צו א מיליאנער'ס א מיידעל... אבער עס לויענט ניט צו קרענקען זיך איבער אזא נארישקייט, אזא שעהנע בלום ווי דו קען אלעמאל טרע־פען א גליקליכען זיווג.

—ניט דאס, אנקעל—האט לילי קוים געקענט ארויסרעדען פאר שרעק, דערהערענדיג, אז דאס איז אמת. זי איז געזעסן א בלייכע און א קעלט האט אדורכגענומען אירע ביינער. זי האט א ציטער געטאן, ווי א פראסט וואלט זי ארומגענומען...

—בארוהיג זיך, קינד, דו פארשטעהסט דאך, אז צווישען יונגע מענ־שען געהט פארשידענעם דורך, אבער מען דארף זיך קענען באהערשען...

—יא, יא, ליבער אנקעל—האט זי שטיל ארויסגערעדט און זי האט געפרואווט שמייכלען פון וועלכען עס האט זיך געגלוסט וויינען...

—איך האב ניט מורא, אז איך וועל בלייבען זיצען, נאר דא איז עפעס אן אנדערע זאך—און זי האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ.

—איך פארשטעה, איך פארשטעה, דו ליבסט אים... יא, איך האב עס באלד געוואוסט—האט דר. סמיט שטיל גערעדט—און איך האב ערווארטעט א צוזאמענברוך. איך האב אל'ן געפרעגט, ווי ער האט דאס געקענט דערלאזען אבער ער אליין ליידט אויך, ער ליבט דיך אויך, ער האט ניט געקענט העלפען. אז מען דערזעהט אזא שעהנע לילי מוז מען זיך פארליבען... איך בין אן אלטער מאן און אויך איך האב שוין באלד זיך פארליבט אין דיר—האט ער גוטמוטיג געשמייכעלט—עס איז ניט זיין שולד, ער איז א גוטער, עהרליכער יונגערמאן, ער האט עס ניט געמיינט. דו דארפסט אים ניט באשולדיגען, איר מוזט זיך בארוהיגען,ביידע, עס וועט אוועקגעהן א שטיקעל צייט, וועט זיך אלעס פארהיילען.

—דענקט איר, ליבער אנקעל, אז אזא וואונד איז מעגליך צו פארהיילען?...

—יא, מיין קינד, אז מען וויל נאר און אז מען מוז...

—א, ניין, ליבער אנקעל, איך וועל אז אל'ן ניט קענען לעבען.

פאַרגעסען אים אוודאי ניט—האָט זי פאַרצווייפעלט געערדט שטיל.

—דו מוזט עס אַבער!—האָט דער אַלטער אַנקעל כמעט ווי באַפויר־לען—עס איז קיין אַנדער וועג ניטאָ. דו מוזט זיך זוכען אַ אַנדער בחור און אין גאַנצען פאַרגעסען אַל'ן.

לילי איז געזעסען אַ דערשלאָגענע און מיט טרערען אין די אויגען ארויפגעקוקט צו איר אַנקעל ווי צו אַ געבעט...

—נו, נו, גענוג, דו מוזט זיך פאַסען... זאָג בעסער, וואו האָסטו גענומען דעם בריף?

—איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַנקעל, איך ווייס אַליין ניט ווי עס קומט צו מיר. איך האָב דעם בריף געפונען אין מיין צימער, ווי אַזוי עס קומט צו מיר אין צימער פאַרשטעה איך טאַקע ניט. איך קען עס ניט ערקלערען, ווייל מר. דזשאָנסאָן איז נאָך אין מיין צימער ניט געווען.

דר. סמיט האָט באַקוקט'די דאַטע פון פּאָסט און האָט אויסגערופען:

—דער בריף איז ערשט היינט אָנגעקומען און איך בין זיכער, אַז אַל האָט נאָך דעם בריף ניט געזעהן, ער וואָלט מיר געווען דערצעהלט וועגען דעם.

—איך פאַרשטעה עס ניט, אַנקעל. קענט איר באַגרייפען וואָס דאָס איז?

—דאָ מוז אימיצער זיין פאַראינטערעסירט אין אייער ראָמאַן, ווייסטו ניט פון אַזאַ פּערזאָן?

—איך ווייס ניט, עס קען זיין... אַבער איך גלויב עס מיר ניט, אַז יענער זאָל פעהיג זיין צו טאָן אַזאַ זאַך, ווי צו קריגען אַ פרעמדען בריף און מיר עס אונטערוואַרפען.

—זעהסטו דאָך, אַז יענער איז יאָ פעהיג, ווייל דער בריף האָט קיין פּיס ניט געהאַט ער זאָל צו דיר אַליין קומען אין דיין צימער אריין און זיך אַוועקלעגען ביי דיין בעט.

—יאָ, טאַקע אַ רעטעניש. אַבער וואו האָט ער געקענט קריגען דעם בריף? אַוואו? ווי אַזוי?

—דאָס איז קיין פראַגע ניט, אַז מען וויל עפּעס דורכפיהרען ווערט מען אַ גנב, אַ באַטריגער, אַבי דורכצופיהרען אַ זאַך דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען ליבע... וואַרשיינליך האָט ער אַ וויכטיגע אור־זאַך...דער שכל איז דאָס מחייב.

לילי איז געשטאַנען מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען און ניט גע־

ענטפערט. זי האט ניט געהאט וואס צו ענטפערען.

דר. סמיט האט זי באדויערט און האט געטראכט, אז דא מוז זיין נאך עפעס א מאן פארבונדען, קלערענדיג, אז די יוגענד איז אזוי קאפריזנע...

—נו, לילי, ווארף אוועק די אלע נארישקייטען, עס וועט זיך פאר־היילען, קום בעסער מיט מיר אריין, וועלען מיר טרינקען קאפע. לאמיר זיך א ביסעל צעשטרייען, מארגען וועלען מיר מאכען א רייזע ארום ניו יארק.

—וועט רזשאנסאן אויך פאהרען?—האט לילי געפרעגט.

—יא, אוודאי וועט ער פאהרען—האט דער דאקטאר געענטפערט.

—נו, וועל איך ניט פאהרען.

—און איך זאג גראדע פארקערט, אז איר וועט זיך טרעפען און זעהן, אז איר זענט ניט קיין גלייכע פאר, וועט איר אריינגעמען אין געדאנק, אז איר זענט בלויז גוטע באקאנטע אויף א ווייל, און איר מוזט זיך שיידען, ווייל אייערע וועגען צעגעהען זיך יעדער אין אן אנ־דער ריכטונג, וועט איר גרינגער זיך פאסען און בארוהיגען.

—דענקט איר אזוי, אנקעל?

—יא, איך דענק אזוי, איר דארפט זיך ניט שיידען ווי שונאים, ווייל אירביידע זענט ניט שולדיג , וואס איר האט זיך פארליבט איינער אין צווייטען, איר הארפט נאר וויסען, אז אייער ליבע האט קיין צוועק ניט, וועט איר זיך צוביסלאך בארוהיגען און פארגעסען...

זיי זיינען ביידע אריין אין קאפע־צימער און דר. סמיט האט גע־הייסען דערלאנגען צוויי טעפלאך קאפע. לילי איז געזעסען שטיל און פארטראכטערהייט געטרונקען די קאפע מיט טיפען צער אין איר הארצען...

## פיר און צוואנציגסטער קאפיטעל

דר. סמיט האט לילי'ן שטארק באדויערט און איר שטארק מיט־געפיהלט, קלערענדיג דערביי, אז אין זיינע הענט ליגט דער גרויסער סוד פון רזשאנסאנ'ס אפשטאמונג. עס איז א שרעקליכער סוד... עס האט אים שטארק לייד געטאען, עס איז א גרויסער שאד, וואס אזא טאלאנטפולער און פעהיגער יונגערמאן איז אוועק פון אידישער פאלק זיך ערצויגען אין א פרעמדער אמונה, אין א פרעמדער אטמאספערע,

ווייט פון זיין פאלק, צו וועלכען די נאטור, דער אינסטינקט ציהט איהם, רייסט אים מיט א געוואלטיגער קראפט. און דר. סמיט האט איין הארצען טיף באוואונדערט, ווי דער אידישער אינסטינקט, דאס בלוט זיינס, אל׳ס, וויל זיך פאר קיין פאל ניט לאזען פארשלינגען פון יענעם פאלק, צו וועלכען ער איז פארקויפט געווארען, אוועקגעשענקט גע־ווארען... ווער ווייסט דורך וועלכער שרעקליכער טראגעדיע... און ער, ער האט געדארפט זיין דער העלפער... אזוי איז ער געזעסען און גע־טראכט טרינקענדיג די קאפע און דער געדאנק האט אים געפלאגט...

איצט, ווען ער בארעכענט זיך, זעהט ער איין דעם גרויסען און שרעקלאכען פארברעכען, וואס ער איז באגאנגען געגען דעם אונשול־דינען, הילפלאזען שעפעלע. צו וואס האט ער געלאזט א אידיש קינד איבערגעבען אין קריסטליכע הענט? ער דערמאנט זיך איצט, אז ער געלייענט אין די צייטונגען, ווי אן אונגליקליכע מוטער וויל אוועק־געבען איהר קינד צו א פרעמדער פאמיליע, וויל זיך אפשרייבען דער־פון, ווייל עס קומט איהר אויס זי זאל זיך נעמען דאס לעבען מיט דעם קינד צוזאמען, ווייל זי איז געבונדען און קען ניט געהן ניט פארדינען זיך אויף א לעבען מיטן קינד אויף די הענט.

—צו וואס האב איך געטאן אזא זאך?—האט ער איצט גערעדט צו זיך אליין מיט פארדרוס—איך האב דאך געקענט העלפען דער אונ־גליקליכער מוטער און ארייננעבען איהר קינד אין א אידישען אנשטאלט.

אין דער דאזיגער צייט, וואס די אונגליקליכע מוטער האט זיך געווענדעט צו די צייטונגען מיט איהר בקשה, האט זיך מר. דזשאנסאן, דער איצטיגער כלומרש׳טער טאטע אל׳ס, געפונען אין א פארלעגענ־הייט. ער האט זיך געוואלט שיידען מיט זיין פרוי צוליב דעם, וואס זי האט ניט געהאט קיין קינדער. ער האט ניט געוואלט, אז זיין גוטער נאמען פון אן ענגלישער אדעליגער פאמיליע זאל פארלארען געהן, און זיין גרויס פארמעגען זאל האבען א יורש. דארום האט ער געוואלט צווינגען זיין פרוי זי זאל זיך מיט אים גוט־ווילינ שיידען.

מרס. דזשאנסאן האט איהר מאן געליבט און ניט געוואלט זיך שיידען מיט אים. זי וואלט ליבער באגעהן זעלבסטמארד איידער זיך שיידען מיט אים. מר. דזשאנסאן האט געוואלט געבען זיין פרוי א סך געלט, זי זאל קענען לעבען אלע אירע יאהרען גוט און אן זארגען, אבער זי האט עס ניט געוואלט. דערפאר איז אזא פארצווייפעלטע ארומ־

געלאָפען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען מען זאָל איר העלפען זי זאָל האָבען אַ קינד. דעמאָלט איז זי אויך געקומען צו דר. סמיט׳ן, און ווען ער האָט איר אונטערזוכט, האָט ער איר באַלד אָפענהאַרציג געזאָגט, אַז זי מוז פאַרגעסען האָבען אַ קינד. די פרוי האָט זיך דאַן צעוויינט און זיך געריסען די האָר פון קאָפּ, און זי האָט פאַרזיכערט דעם דאָקטאָר, אַז אויב זי קען ניט האָבען קיין קינד, וועט זי זיך נעמען דאָס לעבען. און זי האָט אים דערצעהלט די גאַנצע טראַגעדיע פון איר לעבען, ווי אַזוי דער מאַן אירער האָט באַשלאָסען איר צו גט׳ן דערפאַר, און זי קען זיך בשום אופן ניט שיידען מיט אים, ווייל זי האָט אים צו שטאַרק ליב.

דער אמת איז געווען, אַז ביי דער פרוי איז געווען מער עקשנות ווי ליבע, זי האָט זיך ניט געוואָלט שיידען מיט איר מאַן צוליב זיין פאַמיליע, וועלכע האָט אויף דעם אַרויסגעקוקט, ווייל מען האָט איר שטאַרק פיינט געהאַט. זי האָט עס געוואוסט און האָט ניט געוואָלט דערלאָזען אַז זיי זאָלען דערלעבען אויף איר אַ נקמה... זי איז פעהיג געווען אויף דאָס ערגסטע, אַבי אירע שונאים זאָלען ניט דערלעבען אַן איר אַ נקמה.

אַז זי האָט דערהערט, אַז עס פאַר איר ניטאָ קיין הילף צו האָבען אַ קינד, האָט זי אַנגעהויבען טענה׳ן מיטן דאָקטאָר, ער זאָל איר געבען אַן עצה, וואָהום עס וועט איר אויסקומען צו נעמען זיך דאָס לעבען.

דר. סמיט האָט אויף איר שטאַרק רחמנות געהאַט און זיך פאַרטראַכט, אַז עס זיינען דאָ טויזענטער אומגליקליכע קינדער, וואָס האָבען ניט קיין היים און דאָ שטעהט אַ פרוי, אַן אונגליקליכע פרוי, און קלאָגט, וואָס זי האָט ניט קיין קינד אוועקצוגעבען אַ גליקליכע היים.

און דעמאָלט איז עס אים איינגעפאַלען אַ פּלאַן, אַז אפשר זאָל די פרוי נעמען אַ היימלאָז קינד און אים געבען אַ היים? דער געדאַנק איז אים געפעלען געוואָרען און ער האָט עס איר פאָרגעלעגט:

—דאָס איז די איינציגע עצה, ליבע פרוי. אַנדערש קען מען אייך ניט העלפען, מיר קענען די נאַטור ניט איבערמאַכען. איר זענט ניט די איינציגע, טויזענטער פרויען זיינען ניט פעהיג צו האָבען קינדער, אָבער עס איז ניט שלעכט, אַז מען ערציהט אַ פרעמד קינד פאַר אַן אייגענס. מען לעבט זיך אַזוי איין מיטן געדאַנק, אַז איר וועט זיך אַליין וואונדערען ווי איר וועט מיינען מיטן גאַנצען האַרצען, אַז דאָס קינד איז אייערס, פון אייער פלייש און בלוט, מען געוואוינט זיך צו.

—אבער מיין מאן? מיין מאנ'ס פאמיליע?—האט די פרוי אים אנ־געקוקט מיט בעטענדע אויגען—ווי וועלען זיי צולאזען, אז א פרעמד קינד זאל זיין דער יורש פון אלע שווערע געלטער, וואס זייער זיידע האט איבערגעלאזט? ניין, דאקטאר, דאס טויג ניט, גיט אן אנדער עצה, די עצה טויג ניט.

—איך האב ניט קיין אנדער עצה ווי צו קויפען אן ארעם קינד און עס גליקליך מאכען און אליין אויך גליקליך זיין.

—ניין, ניין, דאקטאר, דאס טויג ניט, ניין, מיין מאן וויל אן אייגען קינד, אן אייגען קינד.

דר. סמיט איז געזעסען א ווײלע און געטראכט און דערנאך האט ער פלוצלונג א זאג געטאן צו דער מרס. דזשאנסאן:

—עס טוט מיר זעהר לייד, מרס. דזשאנסאן, אבער איר פארשטעהט דאך אליין, אז מיר קענען זיך ניט העלפען.

—אפשר וואלט געווען א פלאן, אז מיר זאלען אלעמען אפנארען?

—האט זיך מרס. דזשאנסאן פלוצלונג א כאפ געטאן פאר א נייעם פלאן.

—וואס מיינט איר?—האט דר. סמיט איר אנגעקוקט.

—איך מיין—האט מרס. דזשאנסאן געזאגט מיט א ציטערענ־דיגער שטימע—קען מען דען ניט מאכען אזוי, אז אלע זאלען דענקען, אז איך האב געהאט דאס קינד, ווערענד איך זאל קריגען א פרעמד קינד.

—איך ווייס?—האט דר. סמיט געזאגט און אין זיך געטראכט, וואס פאר א ביטערע פרוי דאס איז...

—דענקט איר, דאקטאר, אז דאס איז שווער דורכצופיהרען?

—גרינג איז עס ניט, עס קען נאך ארויסקומען דער גרעסטער סקאנדאל דערביי...

—אז מען איז פארזיכטיג, קען גאר ניט פאסירען.

אין אנפאנג האט דר. סמיט זיך דערפון אפגעווארפען, זי געשיקט צו אן אנדער דאקטאר, ער זאל איר ארויסהעלפען אין איר פלאן, אבער די פרוי האט זיך ניט געוואלט אפטשעפען, ער מוז איר העלפען. זי האט אים פארשפראכען א גרויסען פרייז דערפאר, נאר ער האט זיך ניט געיאגט נאך אזעלכע געלטער. איבערטראכטענדיג דעם גאנ־צען ענין האט אבער איינגעזעהן, אז אפשר וואלט דער פלאן פארט געקענט דורכגעפיהרט ווערען און דורך דעם וואלטען געהאלפען געווארען צוויי מענטשען, די דאזיגע פרוי און אויך אן ארעם קינד.

דערפאר האט ער זיך געלאזט איינרעדען און אונטערגענומען זיך צו העלפען איר דורכפיהרען איר פלאן.

זיי האבען באשפראכען אלע איינצעלהייטען, ווי אזוי דאס זאל דורכגעפיהרט ווערען.

## פינף און צוואנציגסטער קאפיטעל

מיט א טאג שפעטער האט מרס. דזשאנסאן דערצעהלט איר מאן, אז א נייער דאקטאר האט זיך אונטערגענומען זי צו קורירען, און אז ער גיט זעהר גוטע האפנונגען...

—א, איך וואלט זיין גליקליך, מיין טייערע, ווען דאס זאל זיין אזוי. אבער עס גלויבט זיך ניט. דורך אזוי פיל יאהרען, שוין פופצעהן יאהר, ווי מען קורירט דיך, די גרעסטע פראפעסארען, און גאר ניט. וואס זשע עפעס פלוצלונג?

—א, געה, דו מיינסט טאקע, אז אלע וויסען! אט דער דאקטאר איז א ספעציאליסט. קענסט מיט אים רעדען וועסטו אויסגעפינען. ער זאגט, אז נאר א קליינע אפעראציע קען מיך מאכען שוואנגער גלייך מיט אלע געזונטע פרויען. ער באהויערט, וואס דורך אזוי פיל יאהרען האט זיך ניט געפונען א דאקטאר, וואס האט געקענט איינזעהן, ווי מיך ריכטיג צו קורירען.

—נו, הלוואי!—האט מר. דזשאנסאן געזאגט און אלע ניט געוואלט גלויבען זיין פרוי'ס טרייסטען אים מיט גוטע האפנונגען. ער האט גע־האפט, אז איר האפנונג וועט זיך ווידער ענדיגען ווי פילע מאל פריער, ווייל איז דער אמת'ן האט ער געהאט אין זינען איר אויסצובייטען אויף א יונגערע און שעהנערער מיידעל... אים האט זיך איצט געגלוסט אנ־פאנגען דאס לעבען גאר פון דאס ניי... געלט איז דא. זי האט ניט קיין שכל ווי צו לעבען; ליגט איבערן געלט ווי א הונט, שטענדיג האט זי מורא פאר דער עלטער, אז זי וועט ניט האבען מיט וואס צו לעבען. און דא וואלט ער נאך וועלען א לעב טאן מיט א יונגער און ניט מיט דער אלטער...

און ער האט שוין געמאכט פלענער, ווי ער זאל זיך שיידען מיט זיין פרוי, וועלכע ער האט ניט איבעריג ליב געהאט צוליב איר פאנא־טיזם, שטענדיג געגאנגען צום ברודער אין דער קירכע, תפילה טאן, און איז נאך געווען בייז, וואס ער געהט אזוי זעלטען אין קירכע...

איצט, אז זי האט אים דערצעהלט די בשורה, האט ער געהאפט, אז

דאס מאָל וועט זיך אויך אויסלאָזען מיט גאָר ניט, ווי שטענדיג. אז עס וועט זיין בלויז א שעהנער חלום און וועט זיך אויך ענדיגען ווי א שעהנער חלום.

מרס. דזשאנסאָן האָט אנגעהויבען אפטער צו באזוכען דעם דאָקטאָר און דאן האָט דער דאָקטאָר אויך אנגעהויבען צו באזוכען דזשאָנסאָנ'ס הויז. דר. סמיט האָט זיך צוזאמענגערעדט מיט מרס. דזשאנסאָנ'ס מאן און אים אויך געגעבען גוטע האָפנונגען, וואָס האָט שפּעטער טאקע ארויסגעצייגט מיט גוטע רעזולטאטען.. ווייל מיט א פּאָר מאָנאטען שפּעטער האָט מרס. דזשאנסאָן א גליקליבע אייגעטרויט איר מאן אין אויער, א סוד.. פּונקט ווי יונגע פרויען טוהען עס, ווייל זיי שעמען זיך...

מרס. דזשאנסאָן האָט אפּגעהיט אלע מנהגים, פּונקט ווי א יונגע פרוי, וואָס שוואנגערט דאָס ערשטע מאָל... דער דאָקטאָר האָט אנגעזאגט, זי זאָל נאָר זיצען און ניט טאָן קיין ארבעט. מר. דזשאנסאָן האָט זיך דערפיהלט אמת'דיג גליקליך, האָט ער איר פאַרווערט צו טאָן די מינדסטע ארבעט. די פאמיליע האָט זיך ניט געוואָלט גלויבען, זיי זיינען אייניציגווייז געקומען זיך ערקונדיגען, זי זען, זיך איבערצייגען, צי עס איז אמת...

—זי איז דאָך אזוי דיק געוואָרען—האָט איין אלטע טאנטע דערצעהלט אירע קרובים—עס זעהט אויס, אז זי וועט האָבען צוויי...

—זאָל איר גאָט העלפען, זי זאָל בשלום איבערקומען, אז אלט ערשטלינג נעבאך, א שווערע זאך...

אזוי איז ארומגעגאנגען פון מויל צו מויל ביי דער גאנצער משפּחה און די שכנים, און מען האָט זיך געוואונדערט: נאָך פופצעהן יאָהר צייט...

אז מען האָט זי געזעהן זיצען אין שטול אין א ברייטען הויז־קלייד געווען אז ארעמע מיידעל און געקראָגען אזא רייכען מאן. האָט מען מען געמיינט, אז אָט, אָט וועט ער זיך מיט איר שיידען, צום סוף...

דער משפּחה איז עס גאָר ניט געווען צום הארצען. די גאנצע צייט האָט מען געהאָפט, אז דאָס האָט מען בלויז אויסגעטראכט, אבער אז מען האָט זי געזהן זיצען אין א שטול אין א ברייטען הויז־קלייד צעוואקסען און צעלאָזען, ווי א הוהן, וואָס זיצט אויף אירע אייער, און אפּט לאָזט זי ארויס א קרעכץ, האָט מען געמוזט צוגעבען, אז עס

איז גאָר ניט קיין אויסגעטראַכטע מעשה, אַז עס איז אַן אמת'ע מעשה...

וואָס ווייטער עס האָבען זיך גערוקט די מאָנאַטען אַלץ נעהנטער האָבען זיך אָנגערוקט נייע צרות אויף מרס. דזשאַנסאָן. פריהער האָט זי געמיינט, אַז עס איז אַ קלייניגקייט צו האָבען אַ קינד, מען געהט אריין אין שפּיטאָל און מען קריגט אַ קינד... עס איז אָבער געווען אַ טעות. זיי, מרס. דזשאַנסאָן און דר. סמיט, האָבען שוין אָנגעהויבען צו זאָרגען, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז גאָר ניט אַזוי לייכט, ווי זי האָט געמיינט.

—וואָס טוט מען, דאָקטאָר? שוין דער ניינטער חודש און מיר האָבען נאָך גאָר ניט אויפגעטאָן...

—ניט געזאָרגט, מרס. דזשאַנסאָן, מיר האָבען נאָך גאַנצע פיר וואָכען צייט.

מרס. דזשאַנסאָן האָט אויסגעקוקט פעט ווי אַ הויז, ווייל זי איז געווען אַ נידערגע פעטליכע פרוי און איצט איז זי געוואָרען פעט — אַ שרעק צו קוקען... זי האָט זיך געמאַכט שוואַך און האָט אונטערגע־קרעכצט, און דער גאַנג איז ביי איר געווען אַ וואַקעלדיגער. זי האָט קיין מינע ניט פאַרפעלט פון אַן אמת שוואַנגערדיגער פרוי...

וואָס אַ טאָג עס איז געקומען נעהנטער, האָט זי אַלץ ערגער גענומען פיהלען, אָבער דאָס איז געווען פאַר שרעק, ווי עס אַדורכ־צופיהרען, אַז אַלץ זאָל אָראָפּגעהן גלאַטיג, אַז זי זאָל ניט האָבען קיין מיאוס'ען דורכפאַל...דער דאָקטאָר איז אָפטער איצט געקומען, זיך פאַרמאַכט מיט איר אין אַ באַזונדערען צימער און קיינער האָט זיי ניט געשטערט... אַלע האָבען געוואוסט, אַז אַ דאָקטאָר דאַרף אַזאַ פרוי באַהאַנדלען אַזוי אָפט ווי מעגליך... און זיי האָבען זיך דערווייל אַלע מאָל באַראַטען ווי זיי זאָלען ווייטער אָנגעהן מיט דער אַרבעט...

עס איז שוין געווען פולע ניין מאָנאַטען, און דאָס וויכטיגסטע וואָס מען דאַרף דאָ האָבען האָט זיך נאָך ניט אָן. אַזאַ פּאַסיג קינד קען מען ניט קריגען. דר. סמיט האָט שוין געזעהן עטליכע קינדערלאַך, אָבער אַלץ ניט קיין פּאַסיגע—אָדער צו אַלט, אָדער צו קראַנק, אָדער אַ רויט קינד, אָדער אַ שוואַרצע, אפילו אַ יאַפּאַנעזיש קינד האָט זיך שוין געטראָפען צו קריגען, אָבער אַזעלכעס, ווי זיי דאַרפען, איז נאָך ניטאָ.

מיר קענען זיך ניט העלפען, מרס. דזשאַנסאָן—האָט דר. סמיט איינמאָל געזאָגט צו איר—מיר וועלען מוזען ערקלערען, אַז איר האָט

געמאַכט אַ טעות אין רעכנונג און זיך פאַררעכענט אין איין חודש, וועלכעס טרעפט זיך אָפט צווישען פרויען...

מרס. דזשאַנסאָן האָט אַ נידערגעשלאָגענע געמוזט צושטימען צו דעם. און אַז מר. דזשאַנסאָן האָט געפרעגט דעם דאָקטאָר: נו, ווען? שוין אַריבער די צייט, דוכט זיך, שוין אַ וואָך אין צעהנטען.. האָט דער דאָקטאָר מיט אַ געמאַכטען שמייכעל אים בארוהיגט, אַז זיין פרוי האָט נעבעך געמאַכט אַ טעות אין חשבון און אַז איצט פאַנגט זיך אָן דער ניינטער חודש.

—געוואָרט אזוי פיל יאָהר—האָט דר. סמיט אים באמערקט מיט אַ שמייכעל—וועט מען וואַרטען נאָך אַ חודש...

באַלד איז שוין געווען סוף צעהנטער חודש און עס הויבט זיך ניט אָן, ניטאָ און ניטאָ...

—דאָקטאָר, איך וועל זיך אַ מעשה אָנטאָן פאַר שאַנדע—האָט מרס. דזשאַנסאָן געוויינט פאַר דר. סמיט—מיין מאַנ'ס משפחה קוקט אַרוים איך זאָל שטאַרבען ביים האָבען. אַך, וואָס פאַר אַ נקמה זיי וואָלטען זיך דערלעבט אין מיר! אַז נישט דערלעבען וועלען זיי עס! ...

געדולד, געדולד, מיר מוזען קעמפען ביז צו לעצט—האָט דער דאָקטאָר איר געענטפערט—איך וועל אייך ניט לאָזען אין טייך...

—אָ, דאָקטאָר, איך וועל אייך אָוועקגעבען אַ האַלב פאַרמעגען, אַז איר וועט מיר העלפען!

—מרס. דזשאַנסאָן, איך טו עס ניט פאַר אייער פאַרמעגען, איך האָב גענוג געלט. איך דאַרף ניט קיין געלט, איך האָב ניט קיין פאַמיליע מיין געלט איבערצולאָזען.

—איר זענט דאָך אָבער אַזוי יונג נאָך, דאָקטאָר, איר קענט הייראַ־טען און האָבען אַ פאַמיליע.

—ניט איך, מיין ליבע מרס. דזשאַנסאָן—האָט ער געענטפערט באַטריבט—אָבער לאָמיר בעסער דערפון ניט רעדען, איך האָב אַ פרישע וואונד אין מיין האַרצען, וועלכע בלוטעט שטאַרק. איך וויל די וואונד ניט ריהרען...

מרס. דזשאַנסאָן האָט אים אָנגעקוקט מיט באַדויערען, אָבער זי האָט ניט געדרונגען צו וויסען וואָס זיין וואונד איז, וואָס ער ליידט אזוי שטאַרק. אפשר ענטוישט פון אַ פרוי—האָט זי געקלערט.

סמיט איז געקומען און געצייגט דער מרס. דזשאַנסאָן אַז אַנאַנס,

סמיט איז געקומען און און געצייגט דער מרס. דזשאַנסאַן אַז אַנאַנס, אַז אַ יונגע פרוי וויל אַוועקגעבען אַ ניי־געבאָרען, צוויי וואָכען אַלט קינד, און אַז זי איז גרייט אַנפּצושרייבען זיך דערפון, אויב מען וועט דעם קינד געבען אַ גוטע היים.

—לאָמיר שוין לויפען, דאָקטאָר, אפשר איז עס דאָס ריכטיגע! דער אַנאַנס האָט ניט געזאָגט פון וואָס פאַר נאַציאָן דאָס קינד שטאַמט.

דר. סמיט האָט זיך אַנגערופען:

—עס וואָלט גויטיג געווען איר זאָלט זיין אַנוועזענד, מרס. דזשאַנסאַן, אָבער אַזוי ווי איר טאָרט עס ניט טאָן, וועל איך אַליין פאָה־רען און איך וועל עס אייך ברענגען.

זיי האָבען זיך אָפּגעזעגענט און דר. סמיט איז אַוועק צו דער פרוי, וועלכע האָט אַנאַנסירט אין דער צייטונג וועגען קינד.. ער האָט מיט איר פאַרהאַנדעלט און האָט אָפּגעקויפט דאָס קינד פאַר אַ ביסעל געלט, וואָס זי האָט אייגענטליך ניט געוואָלט נעמען, ווייל זי האָט בלויז געוואָלט זיך באַפרייען פון קינד כדי צו קענען געהן אַרבעטען און פאַרדינען זיך אויף אַ לעבען.

דעם אַנדערען טאָג איז מען געוואָר געוואָרען, אַז מרס. דזשאַנסאַן האָט געבאָרען אַ זון, און דאָס איז געווען אַל. דזשאַנסאַן...

דאָס קינד איז געווען שעהן און געזונט, און כאָטש עס איז געווען אַ ביסעל צו אַלט פאַר אַ נאָר־געבאָרען עופ'עלע, איז אַלעס דאָך דורכ־געפיהרט געוואָרען אַזוי, אַז אַלץ זאָל זיין אין דער בעסטער אָרדנונג, און דאָס איז געטאָן געוואָרען מיט דער הילף פון איר געטרייער דינסט מאַרטאַ. זי האָט ניט געלאָזט אויפן קינד אַ קוק טאָן, עס זאָל חלילה ניט קריגען קיין עין הרע; בלויז דזשאַנסאַן האָט געקראָגען צו זעהן אַ שטיקעל פונ'ם קינד'ס קליין פּנימעל. און ער האָט טאַקע באַלד דערקאַנט, אַז דאָס קינד איז אַראָפּגענומען ער... אין אים געראָטען. אַזוי ווי מרס. דזשאַנסאַן איז געווען זעהר שוואַך פון שווערען געבורט, האָט דר. סמיט געבראַכט אַ באַרעמהאַרציגע שוועסטער, אַז זי זאָל זיין לעבען דער קינפּעטאָרין און באַזאָרגען דאָס קינד.

דר. סמיט האָט זיך איצט דערמאָנט דעם מאָמענט, ווען די אונ־גליקליכע מוטער האָט זיך געדאַרפט שיידען מיט איר קינד. עס איז געווען אַזוי האַרצרייסענדיג, אַז ער אַליין האָט זיך דאַן געווישט די טרערען... די מוטער האָט אין איין דריקען דאָס קינד צום האַרצען און אין איין

מוטער האַלט אין איינן דריקע דאָס קינד צום האַרצען און איז איין קושען עס און וויינען.

שפּעטער האָט דר. סמיט אויסגעפונען, אַז דאָס קינד איז אַ אידישעס, ווייל עס איז געאידישט. ווען דעם האָט דער דאָקטאָר ערקלערט דעם פאַטער, אַז דאָס טרעפט זיך אָפט, אַז קינדער ווערען געבאָרען אַזוי... דער גליקליכער געגאַרטער פאַטער האָט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ מזל'דיג קינד, אַ הייליגס...

אַ שטיק צייט האָט מאַרטאַ, די געטרייע דינסט, געהיט, אַז קיינער זאָל דאָס קינד ניט זעהן, איבערהויפּט מר. דזשאָנסאָנ'ס משפחה. זיי האָבען מורא געהאַט, עס זאָל ניט פאַלען דער מינדסטער פאַרדאַכט. דאָס קינד איז ניט זייערס. די אַלטע דינסט האָט אים געבאָדען, געהאָדעוועט און אַכטונג געגעבען אויף אים, ווי אַן אייגענע מאַמע. און דר. סמיט האָט דאָס קינד יעדעס מאָל באַהאַנדעלט, זיך גע־שפּילט מיט אים און געפרעהט זיך, וואָס ער וואַקסט אַזוי שעהן. ווייל ער איז געווען אַ זעלטען שעהן אינגעלע. פיל מאָל פלעגט דר. סמיט טראַכטען און באַדויערען, וואָס דאָס שעהן גוט קינד האָט ניט געהאַט דאָס גליק, אַדער זיינע עלטערען האָבען ניט געהאַט דאָס גליק אים אַליין צו ערציהען...

ווען דאָס קינד איז עלטער געוואָרען, אָנגעפאַנגען צו געהן אין שולע און אַרויסצייגען גוטע פעהיגקייטען, האָט דר. סמיט געקלערט, אַז מיט דעם קינד האָט געמוזט זיין פאַרבונדען אַ גרויסע טראַגעדיע, און אַז ער מוז שטאַמען פון אַ פיינער פאַמיליע. אָפט מאָל האָט ער ער געהאַט געוויסענסביסע, פאַר וואָס ער איז געווען דער אוריס־העלפער, דער שליח, אַז ער זאָל אַריינפאַלען צו קריסטען און נאָר אַנטיסעמיטען דערצו. דאָס פלעגט אים אָפט ערגערען, דערפאַר האָט ער באַשלאָסען, אַז דאָס קינד זאָל ערצויגען ווערען אונטער זיין השגחה, ער זאָל ניט ווערען אָנגעשטעקט מיט דער אַטמאָספערע פון זיינע ערציהער מיט דעם אַנטיסעמיטיזם. דר. סמיט האָט געקלערט, אַז עס איז גענוג טרויעריג, וואָס אידען אין גלות האָבען פרעמדע שונאים, אָבער נאָך טרויעריגער איז וואָס מען האָט אייגענע שונאים... ווייל אַ משומד איז ערגער פון אַ קריסטליכען שונא, און דאָס האָט ער געוואָלט פאַרהיטען. און עס קען זיין, אַז דאָס האָט טאַקע פיל צוגע־האָלפען, אַז אַל. דזשאָנסאָן איז אויפגעוואַקסען אַזוי ליבעראַל, אַז

אוהב ישראל. דורך דער ווירקונג פון דעם גוטען אלטען דר. סמיט האט די פרעמדע אטמאספערע פון אנטיסעמיטיזם און ראסען־האס פון זיינע ערציהער ניט געהאט אויף אים קיין שום איינפלוס, און דאס האט ניט באריהרט זיין גוטען כאראקטער. אט דאס האט דעם דאקטאר בארוהיגט. דר. סמיט האט געדענקט, אז אויס מיטלייד צום ליבען אינגעל, וואס איז אפגעריסען געווארען פון זיין פאמיליע, האט ער זיך געגעבען די מיה השגחה צו געבען אויף אים, אז ער זאל אויסוואקסען א אידען־פריינד. אבער נאך א זעהר וויכטיגע אורזאך איז געווען אין דעם, וואס דר. סמיט האט זיך אזוי שטארק פאראינ־טערעסירט אין אל'ן און דאס איז געווען, ווייל ער איז געווען זעהר עהנליך צו זיין, דר. סמיט'ס, פארשוואונדענעם זון... דערפאר פלעגט ער שטענדיג וועלען פארברענגען מיט אים און זיין מיט אים, און זעהן, אז ער זאל אויסוואקסען גוט און עהרליך. דער אינסטינקט האט דר. סמיט און דאס קינד צוזאמענגעבונדען, ניט וויסענדיג, אז איינער מיט דעם אנדערען האט עפעס וועלכע עס איז פארוואנדשאפט מאטריעל אדער גייסטיג.

## זעקס און צוואנציגסטער קאפיטעל

דוד העלער האט געדענקט, אז איצט איז ער א נעהאלפענער, ווייל לילי ווייסט שוין, אז דזשאנסאן איז א קריסט און האט א רייכע כלה, וועט זי איצט שוין ניט וועלען אויף אים קוקען. ער איז געווען צופרידען, וואס ער האט באצאהלט א גוטען פרייז צו דעם לומפישען בעני לעווין, מרס. לעווינ'ס זונדעל, פאר דעם בריף, וואס ער האט אים איבערגעגעבען. עס איז אים ווערט געווען. דאס איז געווען א באמבע פאר לילי'ן געוואר צו ווערען דעם אמת, ווי יענער נארט זי, זאל זי זעהן דעם אמת. העלער האט שוין דאס דעם צווייטען בריף געקראגען פון העלען ראגען, אל'ס כלה. ער האט באלד אוועקגעשיקט אן אנא־נימען בריף צו דזשאנסאנ'ס כלה און איר געלאזט וויסען וועגען זיין ראמאן מיט דער אידישער שעהנער מיידעל לילי. העלער האט גע־מיינט, אז העלען וועט קומען צולויפען און דא מאכען א סקאנדאל. דער מיליאנערסקער מיידעל איז עס אבער ניט אנגעשטאנען צו מאכען א וועזען פון א אידישער מיידעל, און זי האט עס גלייך געלאזט וויסען זיינע עלטערען. דאס איז עס געווען דער צווייטער בריף, וואס איז

געקומען פון זיין מאמען אין אנטווארט אויף העלען׳ס בריף.

איצט האט העלער געזוכט א וועג צו וויסען ווייטער וואס עס געהט אן.

—דו ווייסט, הערי—האט העלער געזאגט צו זיין פריינד הערי גאלד—איך האב געהערט אן אינטערעסאנטע זאך... דו וועסט איבער־ראשט ווערען אז דו וועסט עס הערען. דו וועסט עס ניט גלויבען.

—וואס איז אזוינס, לאז מיך הערען!

—דו וואלסט געוואלט גלויבען, אז אונזער פריינד אל. דזשאנ־סאן איז ניט קיין איד?

—פון וואנען ווייסטו דאס?

—איך האב עס געהערט פון א זיכערער קוועלע.

—ער קוקט אפילו ניט אויס צו זיין א קריסט, אבער וואס קען מען וויסען אין אמעריקע?

—ער איז א קריסט גאנץ זיכער.

—קענסט מיר גלויבען, אז איך טראכט דאס ניט אויס. ער שטאמט פון א רייכער קריסטליכער פאמיליע, ניט ווי ער מאכט זיך, אז ער איז אן ארעמאן. ער האט אפילו א כלה א מיליאנערסקע טאכטער.

העלער האט באמערקט, אז הערי גאלד איז שטארק אויפגערעגט געווען און ער האט צו אים געזאגט:

—נו, זיי ניט אזוי אויפגערעגט, הערי, דו ווייסט, איך האב ניט ליב קיין ליגענס, איבערהויפט אין אזא וויכטיגער זאך. דו פארשטעהסט, מיר איז ער באלד געווען פארדעכטיגט, זיין גאנצע אויפפיהרונג איז מיר פארגעקומען ניט גלאט, און אזוי ווי איך זעה, אז לילי שווערמט פון אים, און אזוי ווי איך בין א פריינד פון אייער הויז, איך זעה, ווי איר אלע, דו און דיינע עלטערען, זיינען צופרידען, וואס לילי געהט מיט אים, דארום האב איך זיך גענומען די מיה אלעס אויסצוגעפינען, וואס פאר א פויגעל ער איז. נו, האב איך אויסגעפונען...

—אל. זעהט אויס צו פיין, צו אינטעליגענט צו וועלען דא עפעס נארען. אפילו אויב ער איז מיט לילי׳ן באפריינדעט, האט ער אפשר גאר ניט געמיינט, אויב ער האט א כלה, און נאך א רייכע דערצו. ביז איך העכסט צופרידען, אויב עס געפינען זיך אזעלכע נאבעלע קריס־טען צו שטעהן אזוי הויך און צו זיין אזוי פראסט ביי זיך, אזוי פיין אז ער האט ניט געפונען פאר נויטיג זיך פארצושטעלען מיט זיין הויכען

שטאַנד—האָב איך אים דאַבעלט ליב.

—איי ביזטו נאַאיוו! דו קענסט נאָך ניט די וועלט! די רייכע שאַר־לאַטאַנעס, ביי זיי איז אַ אידיש מיידעל צו פאַרפיהרען איז דער גרעס־טער פאַרגעניגען, פאַרפיהרען און דאַן פאַרשווינדען ווי אין דער ערד אריין. עס איז אַמעריקע...

—איך וועל דיר זאָגען, דוד, אַז דו האָסט אַ גרויסען טעות, אויב דו מיינסט, אַז איך בין נאַאיוו און פאַרשטעה גאַר ניט די וועלט. איך וועל דיר זאָגען, אַז אין דיר רעדט די אייפערזוכט, פאַרוואָס לילי רעדט צו אַן אַנדער יונגענמאַן אויסער דיר, און איך קען ניט העלפען, אַז זי ליבט דיך ניט. דערפאַר גלויב איך ניט אַ וואָרט, וואָס דו האָסט דאַ אָנגערעדט.

—נו, אויב דו גלויבסט מיר ניט וועל איך דיר זאָגען, אַז ליל ווייסט אויך דערפון!—האָט העלער גענטפערט אַז אויפגערעגטער—קענסט זי פרעגען, זי וועט דיר ניט לייקענען.

—ווי קומט לילי צו וויסען?

—דו וועסט עס געוואַר ווערען פון איר, מער האָב איך מיט דיר ניט וואָס צו רעדען, אַ גוטען טאָג!—און ער איז אַוועק אַ בייזער אויף דעם ענטפער, וואָס הערי האָט אים געגעבען: איך קען זיך ניט העל־פען, וואָס לילי ליבט דיך ניט.

—אוי, איז ער נעבאָך אייפערזיכטיג!—האָט הערי געלאַכט, ווען העלער איז אַוועקגעגאַנגען.

מיט אַ שטונדע שפעטער איז הערי געזעסען מיט לילי'ן אין איר צימער און גערעדט. עס האָט זיי, שוועסטער און ברודער, פאַרדראָסען די ערפאַרונג, אַז דזשאַנסאָן איז אַ קריסט. כאָטש דער נאָמען דזשאָנ־סאָן קלינגט ניט אידישליך, אָבער אַ קשיא אויף אַמעריקאַנער נעמען, שווער זיך צו געבען אַן איירישען נאָמען?

—דאָס איז דוד העלער'ס פיינע אַרבעט מיר אונטערצואוואַרפען דעם בריף אין מיין צימער—האָט לילי גערעדט אַ פאַרוויינטע.

—אָבער וואו האָט ער דעם בריף גענומען?

—אַ פראַגע אַוואו, ער האָט אים געוויס אַרויסגענומען פון בריף קאַסטען.

—איך וואָלט עס אויף אים ניט געגלויבט.

—ער איז אייפערזיכטיג.

—יאָ, דאָס איז ער, איך ווייס עס. ווי קומט ער צו דזשאָנסאָנ׳ען...

—איצט, שוועסטער, מוזטו אים פאַרגעסען, און איך וועל צוליב דיר ווערען אויס פריינד מיט אים, כדי דו זאָלסט אים מער ניט זעהן. כאָטש דעם אמת געזאָגט טוט מיר באַנג אַזא פריינד צו פאַרלירען. איך האָב אים ליב, מיר אַרט ניט וואָס ער איז אַ קריסט, אַבי ער איז אַן עהרליכער גוטער מענטש מיט אַן אויסגעצייכענטען כאַראַקטער. איך האָב אים שטודירט, נאָר צוליב דיר מוז איך ווערען מיט אים אויס פריינד, אויס פריינד.

—ניין, הערי, דו האָסט אַ טעות. איך בין געווען ביים אַנקעל, ביי דר. סמיט, איך האָב אים אַלעס דערצעהלט, איך האָב אים אויך געצייגט דעם בריף, דעם געפונענעם בריף, האָט ער מיר געראַטען, אַז מיר זאָלען מיט דזשאָנסאָנ׳ען ניט אָפּברעכען די פריינדשאַפט מיט אַמאָל, וועט אונז גרינגער זיין זיך צו שיידען. און ווידער וויל איך עס טאָן העלערן אויף צו־להכעיס, ווייל זיין כוונה איז אונז צו שיידען. און איך וויל אים צייגען, אַז איך איגנאָריר זיין גאַנצען פּלאַן.

—דענקסטו, שוועסטער, אַז עס איז ריכטיג פון אונז, מיר זאָלען זיך ווייטער טרעפען מיט אים, ווערענד מיר ווייסען, אַז ער האָט ניט ריכטיג געהאַנדעלט געגען אונז און אונז אַליין ניט דערצעהלט וואָס ער איז. זעהט עס דאָך טאַקע אויס, ווי ער האָט אונז גענאַרט.

—ניין, ער האָט גאָר ניט אויסען געווען, עס איז קיינמאָל ניט געקומען דערצו, אַז מיר זאָלען דעריבער רעדען, און ער האָט ניט געהאַט קיין געלעגענהייט עס אונז צו דערצעהלען.

—דו פאַרענטפערסט אים, שוועסטער, און איך גלויב, אַז ווען דו ווייסט, אַז ער איז אַ קריסט, וואָלסטו געווען מער פאָרזיכטיג ניט צו פאַרליבען זיך אין אים.

—עס איז פאַרפאַלען, ברודער, איצט מוזען מיר פאָלגען דעם אַנקעל סמיט, וועלען מיר זעהן וואָס עס וועט זיין. דערווייל ווייסען אונזערע עלטערן ניט פון קיין זאַך.

—נו, העלער וועט שוין געוויס זאָרגען זיי זאָלען געוואָר ווערען— האָט הערי געזאָגט מיט פאַרדרוס.

—דערווייל ווייסען זיי ניט. גלויב מיר, הערי, איך האָב ניט דאָס האַרץ צו טרעפען זיך מיט דזשאָנסאָנ׳ען, אָבער איך האָב פאַרשפּראָכען דעם אַנקעל, אַז מיר זאָלען נאָך פאַרברענגען אַ קורצע צייט, ווייל

ער וועט שוין במילא באלד אוועקפאהרען צוריק אין באסטאן—האט לילי א שטארק אומעטיגע געזאגט.

און אזוי איז געבליבען ביי שוועסטער און ברודער ניט צו רעדען דערפון מער און זעהן ווי עס וועט זיך ענדיגען.

דעם זעלבען אווענט האבען זיי אלע גענומען בילעטען צו געהן אין טעאטער. נאטירליך איז דזשאנסאן אויך געווען צווישען די פריינד, און אויך לילי מיט הערין און העלערען.

לילי און הערי האבען זיך אנגעשטרענגט ניט צו פארראטען זיך, אז עפעס איז פארגעקומען, און אז זיי ווייסען פון עפעס, ווייל דער צוזאמענקונפט איז פארגעקומען ביי די גאלדס אין הויז. זיי האבען נאר געציטערט, אז די אייפערזוכט זאל ניט טרייבען העלערן, ער זאל ניט ארויסקומען גלייך מיט זיין ענטדעקונג, און ניט זאגען דער מוטער, וועלכע האט פריינדליך עמפפאנגען די געסט. לילי'ן האט עס געקאסט פיל געזונט זיך אנצושטרענגען און ניט פארראטען זיך וועגען דעם, וואס עס געהט אן ביי איר אין הארצען, וויפיל זעלען־לייד זי לעבט איבער. זעהענדיג דאס ליבע געזיכט פון שעהנעם דזשאנסאן, וועלכער ציינט זיך ווי אלעמאל פריינדליך, האט עס איר געווארגען ארויס־צוקומען מיט א שלוכצען און אים שליידערען אין פנים אריין זיין פאלשקייט, וואס ער ציינט ניט זיין ריכטיגען פנים. זינט זיי, לילי און הערי, האבען ערפארען פון זיין אפשטאמונג, האט זיך צו זיי אריינ־געריסען א פארדאכט, אז ער איז פארט א פאלשער, איבערהויפט ווי רוהיג ער ציינט זיך, כאטש ער איז א ביסעל בלאסער ווי געוועהליך, האט עס זיי געערגערט, וואס ער מאסקירט זיך. און אפשר איז ער ניט שולדיג, וואס זי ליבט אים? ער האט איר קיינמאל ניט געזאגט, אז ער ליבט זי, ער מאכט איר אמאל א קאמפלימענט, דאס איז די נאטור פון די מענער. זיי זיינען אלע פאלש!

זיצענדיג אין טעאטער איז איר אויסגעקומען זיצען לעבען דזשאנ־סאנ'ען, ווייל די בילעטען זיינען געווען שוין פארבארייט פון עטליכע טעג פריהער. לילי האט אפילו ניט געוואוסט וואס עס געהט פאר אויף דער בינע, אירע געדאנקען זיינען געווען פארנומען מיט זיך אליין. זי האט איצט געשפילט איר אייגענע קאמעדיע אדער טראגעדיע... זי האט אליין ניט געוואוסט וואס זי שפילט...

—וואָס זענט איר אַזוי פאַרטראַכט, לילי?—האָט דזשאָנסאָן איר געפרעגט.

—איך?—האָט זי ווי ערוואַכט און געשמייכעלט—איך טראַכט, אַז יעדער מענש שפּילט זיין אייגענע קאָמעדיע. עס איז ניט נויטיג צו קומען אין אַ טעאַטער...

זי האָט די לעצטע ווערטער שטאַרק אונטערגעשטראָכען. דזשאָנסאָן האָט דערפיהלט, אַז עפּעס געהט פאָר אין דער מיידעל'ס נשמה און ער האָט עס אויך דערקענט אין איר נערוועזקייט.

—דאָס איז אַלעס, צו וואָס איר האָט זיך דערקלערט, לילי? איך גלויב, אַז איר האָט גאָר עפּעס אַנדערש געוואָלט זאָגען.

—אָ, איך האָב פיל צו זאָגען, נאָר איך דענק, אַז עס איז בעסער צו שווייגען.

—ניט אַלע מאָל איז בעסער שווייגען, לילי. אָמאָל, אַז מען רעדט זיך אָפּ פון הארצען ווערט גרינגער. אָפט דריקען זאַכען אויפן הארצען, וואָס האָבען קיין ווערט ניט מען זאָל דערפון ליידען, און אַז מען רעדט זיי אַראָפּ פון הארצען ווערט גרינגער.

—ניט פאַר יעדען קען מען אויסרעדען דאָס הארץ און ניט אַלעס קען מען אַרויסזאָגען.

—דענקט איר, אַז איך בין ניט גענוג פריינד צו נעמען אַן אַנטייל אין אייערע זאָרגען, טייערע לילי?

—איך ווייס, ביז ניט לאַנג צוריק האָב איך אַזוי געדענקט.

—און איצט האָב איך פאַרלאָרען מיין ווערט?—האָט דזשאָנסאָן געפרעגט פאַרוואונדערט.

—אייער ווערט, מר. דזשאָנסאָן, קען ניט קלענער ווערען, אָבער ניט אַלס פריינד צו קענען מיין סוד פאַרטרויען.

—דאָס קומט מיר פאַר מאָדנע און ניט פאַרשטענדליך. איך פיהל זיך ניט אין קיין זינד צו פאַרלירען אייער פריינדשאַפט, טייערע לילי, און אייער פריינדשאַפט איז ביי מיר זעהר טייער.

—מיינט איר עס ערענסט, מר. דזשאָנסאָן?—האָט לילי געפרעגט אין אַן אויפגערעגטען טאָן.

—וואָס פאַר אַ פראַגע איז עס? איך גלויב, אַז איך האָב נאָך קיינעם אין דער וועלט ניט אַזוי פאַרגעטערט!

—אויב איר פאַרגעטערט מיך אַזוי, האָט איר געדאַרפט צו מיר

זיין אויפריכטיג.

—מיט וואס?

—אט מיט דעם! נאט לעזט! —און זי האט אים דערלאנגט זיין בריף, וואס זי האט געפונען ביי זיך אין צימער.

אל. איז איבערגעלאפען דעם בריף מיט זיינע אויגען און אלע קאלירען האבען זיך געביטען אין זיין פנים. ער האט אן אויפגערעג־טער אויסגערופען:

—לילי. ווי קומט צו אייך דער בריף?

—איך ווייס ניט, איך האב דעם בריף געפונען אין מיין צימער.

—דאס איז אימיצענ'ס ארבעט.

—יא, אוודאי איז דער בריף אליין ניט געקומען אין מיין צימער אריין, אבער ווי עס זאל ניט זיין האט מיר דער בריף געעפענט די אויגען.

—דער בריף האט אייך גאר ניט געעפענט די אויגען.

—און דאס איז ווייניג?

—איך בין נאך אלץ דער זעלבער פריינד צו אייך און צו אייער פאמיליע.

—איר זענט דאך אבער א קריסט?

—איז וואס אז איך בין א קריסט? איז דען ביי אייך אויך דא ראסען־האס?

—ניט קיין ראסען־האס, מיר אכטען אלע נאציאנען גלייך, אבער ליבען קענען מיר ניט און מיר טארען ניט!

—האב איך דען א קלענערען ווערט דערפאר ווייל איך בין א קריסט? ביי מיר איז ניט קיין אונטערשייד, ביי מיר איז איך און קריסט דאס זעלבע—האט דזשאנסאן אויסגערופען א שטארק אויפגע־רעגטער—האלט איר זיך דען פאר גרעסערע יחסנים ווי די קריסטען?

—ניין, אין געגענטייל, די קריסטען האלטען זיך פאר גרעסערע יחסנים און זוכען צו ערנידעריגען אונז אויף שריט און טריט..

—איך לאך זיך אויס פון די נארישקייטען, מיינע בעסטע פריינד זיינען אידען. דר. סמיט איז מיין בעסטער און טייערסטער פריינד כאטש ער איז א איד! און איך ליב א אידיש מיידעל מיט מיין גאנצען הארצען!

—ווי קען עס מעגליך זיין? איז דען אייער כלה א אידיש מיידעל?—

האָט לילי אים אַ פרעג געטאָן.

—ניין, מיין כלה איז ניט קיין אידישע, נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב אויסגעפונען, אַז זי איז אַ שונא צום אידישען פאָלק, וועל איך זי קיינמאָל ניט הייראַטען! מיט איר גאַנצן רייכטום וויל איך זי ניט!

—עס גלויבט זיך גאָר ניט! דו ביזט פאַרלאָבט, און דו אַליין ביזט ניט רייך אָפּצוזאָגען זיך פון רייכטום.

—דאָס איז אַ סימן, אַז דו קענסט מיך ניט, לילי. איך זוך ניט קיין געלט, איך וועל זיך צו איר ניט פאַרקויפען; איך וויל האָבען אַ פריינד מיין הארץ זאָל זיין צופרידען, זאָל מיר העלפען ליידען אין אַ נויט און פרעהען זיך מיט מיר אין אַ שמחה. דאָס איז וואָס איך וויל, און דאָס האָב איך געפונען אין דיר, טייערע לילי! איך ליב דיך זינט איך האָב דיך דערקענט איך ווייס, אַז דו ליבסט מיך אויך און מער דאַרף איך ניט.

דאַ האָט זיך דער פאָרהאַנג אויפגעהויבען און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער צווייטער אַקט. לילי און דזשאָנסאָן האָבען אויפגע־הערט מיט די ערקלערונגען. דזשאָנסאָנ'ען האָט פאַרדראָסען, וואָס דער פאָרהאַנג האָט זיך אַזוי שנעל אויפגעצויגען—נאָך אַ פּאָר מינוט און ער וואָלט געוועזן געענדיגט זיין אייגענעם אַקט, אַרויסצורעדען אַלעס, פון זיין הארץ אום צו פּאַסען אַ באַשלוס ער זאָל וויסען ווי צו האַנדלען. דאָס וואָס זיין כלה ווייסט שוין פון זיין ראָמאַן מיט לילי'ן האָט אים ניט גענאַרט, זאָל זי וויסען! פריהער אָדער שפּעטער וועט זי עס מוזען וויסען. און ער האָט באַשלאָסען, אַז נאָר אַ אידיש מיידעל קען אים גליקליך מאַכען, און זאָל זיין פאַנאַטישע מאַמע אויפהערען אים צו דערקוטשען די יאָהרען מיט דומהייטען ווי צו געהן אין קירכע.

—איך בין אַ פרייער מענש!—האָט דזשאָנסאָן מוטהיג געטראַכט

—איך קען לעבען נאָכן לאַנדעס געזעץ ווי איך אַליין וויל!

דאָס זעלבע איז געוועזן מיט לילי'ן. זי האָט זיין ערקלערונג אָנגע־נומען ווי אַן איראָניע פון שיקזאַל. זי האָט געטראַכט און געפיהלט זיין נאָהנטקייט, זי האָט געפיהלט דאָס קלאַפּען פון איר הארץ, וואָס איז פול מיט די ווערטער, וואָס זיינען עהנליך צו בלומען און זייער פרישקייט: איך ליב דיך, איך פיהל דיך לעבען מיר. אַ חוץ דיר איז אין מיר קיין זאַך ניטאָ אויף דער וועלט. איך וועל דיך אייביג באַגערען. אירע אינערליכע געפיהלען האָבען זיך אויסגעדריקט אין זאַנפטער

ווארעמקייט, וואס איז איבערגעגאנגען צו אים, ווי ער וואלט אויפגע־נומען דעם הויך מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט.

און ער האט געטראכט: דו פארבלייבסט פאר מיר, מיין ליבסטע, ווענעמס אונבאקאנטע באדייטונג ענטהאלט איז זיך די ענטציקונג פון לעבען און די גרויזאמקייט פון טויט. האב ניט קיין מורא צו זיין מיינע, איך וועל דיך אייביג באגערען און וועל דיך קיינמאל ניט קענען. האט דען אימיצער ווען באזעסען דאס, וואס ער האט געליבט? זיינען דען די קושען און צערטליכקייטען עפעס אנדערש, ווי דאס שטרעבען פון אן ענציקענדער פארצווייפלונג? ווען איך האלט איר האנט האב איך זי נאך אלץ ניט, ווייל איך זוך דאס אונמעגליכע, דאס אונענדליכע.

איך האב זי געדארפט ליבען נאאיוו, אן יענעם סארט ליידענשאפט.

אוודאי האט ער זי געליבט, און עס איז פאר אים אונמעגליך געווען צו ערקלערען, פארוואס ער ליבט איר מיט אזא ברענעדער פרומקייט, מיט אזא היילינען צארען. עס איז ניט דערפאר ווייל זי איז אזוי זעלטען שעהן, אזוי אונמעגליך טייער, ווייל איר פיגור האט די אמת'ע ליניען און פאלגען נאך די ליניען באוועגונגען, האלטען אין איין פארלירען זיך און אנטלויפען, וואס דאס איז די אורזאך פון עסטעטישער פרייד אדער טרויער, דאס איז דער בליץ, וואס בענשט אזוי אנגענעהם די אויגען און מען באוואונדערט און מען פארוואונדערט זיך, דאס וואס ברענגט אונז מיר זאלען באגערען, ליבען...

—ער ליבט מיך—האט לילי געטראכט,—יא, ער ליבט מיך מיטן גאנצען הארצען, פאר אים איז ליבע לייכטער און נאטירליכער ווי פאר אנדערע מענער. זיי האבען אין לעבען אידעען, וועלכע זיינען העכער פאר זיי גופא, א גלויבען, געוואוינהייטען, אינטערעסען, זיי גלויבען אין פליכטען אדער אין זיך אליין, ער אבער גלויבט בלויז אין מיר, איך בין זיין גאט, זיין פליכט אין לעבען. עס איז אמת, ער נויטיגט זיך ניט אין קיינעם, אפילו ניט אין מיר, זיינע געדאנקען—זיי זיינען א גלענצענדע וועלט פאר אים, וואו ער וואלט געקענט לייכט לעבען, אבער איך וועל אים מער ניט האבען?..

און לילי האט זיך פארגעשטעלט, ווי שווער עס וועט פאר איר איצט זיין זיך מיט אים צו שיידען. זי האט געפיהלט, אז איר גליק איז א צע־שטערטער, זי האט זיך געפיהלט אונגליקליך, כמעט פארצווייפעלט.

דזשאנסאן האט אנגענומען איר האנט און זי ווארעם געדריקט.

און אין דער טונקעלקייט זי צוגעטראָגען צו זיינע ליפּען און שטיל געקושט די שפּיצען פון אירע פינגער.

—טו עס ניט, איך בעט דיך, טו עס ניט—האָט לילי געשעפּטשעט.

—איך וועל עס טאָן, אז אלע זאָלען זעהן, איך וועל זיך ניט באַהאַלטען מיט מיין ריינער, הייליגער ליבע צו דיר. זאָל די גאַנצע וועלט וויסען, טייערע לילי מיינע—האָט ער שטיל גערעדט.

דאָ האָט זיך דער דריטער אַקט געענדיגט, פון וועלכען זיי האָבען קיין אהנונג ניט געהאַט, וואָס אויף דער בינע איז פאָרגעקומען. אז עס איז ווידער ליכטיג געוואָרען איז דער עולם געוואָרען ריהרעוודיג, לעבעדיג, מען איז שוין ניט געזעסען מיט איינגעהאַלטענעם אָטהעם ניט צו שטערען דאָס הערען און דאָס זעהן פון דער בינע.

דאָ האָט זיך לילי געווענדעט צו אַל'ן און מיט פאַרדרוס שטיל ארויסגערעדט:

—אויב דו ביזט אַן אָערנטליכער מענש און ליבסט מיך ווי דו זאָגסט, האָסטו מיך ניט געדאַרפט נאַרען די גאַנצע צייט. דו האָסט באַלד געדאַרפט ערקלערען ווער און וואָס דו ביזט. דו האָסט זיך ניט געדאַרפט שעמען אויסצוזאָגען ווער דו ביזט. צי האָסטו אויסען געוועזן צו נאַרען מיך און מיין פאַמיליע די גאַנצע צייט?

—גלויב מיר, טייערע לילי, איך בין דאָ גאָר ניט אויסען געוועזן. איך האָב פּשוט ניט גערעדט פון זיך און ניט געוואָלט דערצעהלען פון מיין אָפּשטאַמונג, ווייל מיין מיסיאָן איז צו שטודירען דאָס אידישע פאָלק, דעם כאַראַקטער פון אידישען פאָלק. איך האָב מורא געהאַט, אז ווען מען וועט וויסען אז איך בין אַ קריסט, וועל איך ניט האָבען אַזאַ גוטע געלעגענהייט צו שטודירען זיי און צו זיין מיט זיי אַזוי פיל צוזאַמען. איבערהויפּט איז מיר דיין פאַמיליע זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען, איך האָב זיך געפיהלט גליקליך צו קענען פאַרצייכענען אַזאַ נאָבעלע פאַמיליע אין מיינע ערפאַרונגען. שטודירענדיג דאָס אידישע פאָלק. דאָס אַלעס, לילי, איז דער אמת וואָס האָט מיך צוריקגעהאַלטען פון צו דערצעהלען וואָס איך בין. איך האָב דאָ חלילה קיין שום שלעכטע מאָטיוון ניט געהאַט, און דר. סמיט קען דאַרויף עדות זאָגען, אז דאָס איז דער ריינער אמת.

—ווי עס זאָל ניט זיין, איצט איז דער אמת, אז אונזערע וועגען צעגעהען זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען—האָט לילי באַטריבט געזאָגט.

—דענקסטו אַזוי, לילי? דענקסטו, אַז מיר דאַרפן זיך שיידען אויף אייביג?

—ווי דענקסטו דען אַנדערש?

—איך דענק, אַז ליבע איז געטליך און קיינער האָט ניט קיין רעכט זי צו שטערען אָדער צו שיידען פאַרליבטע.

—ליידער איז רעליגיאָן שטאַרקער פון ליבע ביי אַזעלכע רעלי־גיעזע מענשען ווי מיינע עלטערען, און זיי וועלען עס קיינמאָל ניט דערלאָזען.

—איז עס ביי דיר רעכט, אַז מיר זאָלען זיך שיידען אויף אייביג?

—ליידער, מיר קענען זיך ניט העלפען, אַגב קען אונז די ליבע קיין גרויס גליק ניט ברענגען, ווייל צו יעדער צייט וועסטו זיך דער־מאָנען, ווי דיין מוטער שרייבט, אַז דורך אַ פּראָסטער אידישער מיידעל האָסטו איבערגעלאָזען אַ מיליאָנערסקע קריסטליכע שעהנהייט, וועסט עס שטענדיג אין זינען האָבען. ווען איך וואָלט זיך אפילו וועלען פּאַסען אויף אַ גרינטליכער פאַראייניגונג, וואָלט איך אויך ניט געקענט דערלאָזען, אַז דו זאָלסט צוליב מיר אַזאַ גליק פאַרלירען.

—אַ, לילי, מיין האַרץ צעשניידט זיך אויף טויזענט שטיקער פון דיינע ריידן דו ווייסט אַליין ניט ווי ווייט מיר ליבען זיך, דו זאָרגסט פאַר מיין גליק, אָבער דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלען, אַז אַז דיר איז פאַר מיר קיין גליק נישטאָ! איך וועל שוין גליקליך ניט זיין, אויב איך וועל זיך מיט דיר מוזען שיידען אויף אייביג... איך קען דיר זאָגען און אויך שווערען ביי אַלעס וואָס איז הייליג, אַז צו יענער מיליאָנערסקער שעהנהייט וועל איך זיך קיינמאָל ניט צוריקקערען.

אין אידישען טעאַטער אויף דער „איסט־סייד“, אין וועלכען אונ־זערע העלדען האָבען זיך איצט געפונען, איז ווי געוועהנליך געווען אַ רעש, אַ געפּילדער, גאַנצע קופּקעס מיט צושויער פון טעאַטער האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען צווישען די זיץ־פּלעצער, צווישן די שמאָלע דורכ־גענג און געשמאַק און הויך גערעדט און געלאַכט, האַלטענדיג שאָקאָ־לאַדען און אַנדערע נאַשערייען און שטופּענדיג איינער דעם אַנדערען אין מויל אריין גוטע זאַכען. אַנדערע האָבען געטומלט און באַליי־דיגט פאַרבייגעהער פאַר אָנטרעטען אויף אַ פוס, אריינכאַפּענדיג דערפאַר גראָבע באַמערקונגען. קינדער האָבען זיך געשטופּט צווישען די בענקלאַך, פאַדערענדיג פון די מוטערס מען זאָל זיי קויפען אַלעס.

וואס זיי זעהען. די פרויען, ניט קימערענדיג זיך ווענען די געשרייען פון זייערע קינדער, האבען זיך ווייטער געשמאק געביסען די רויטע עפעל, און די זאפט פון עפעל האט געשפריצט די נאהנטע ארום...

די מוזיק האט גאנץ שעהן געשפילט צווישען די אקטען, אבער ווער האט דען געקענט עפעס הערען, אז דער טומעל איז געווען א גערדיכטער, כמעט א ווילדער. לילי האט זיך געשעמט פאר דזשאנסאנ'ען, וואס ער, אלס קריסט, זעהט, ווי די אידען אויף דער „איסט־סייד" באנעמען זיך אין א פלאץ, וואס ביי קריסטען הייסט עס א טעמפעל פון קונסט. זי האט געוואלט פארענטפערען זיך, אז אירע ברידער, די אידען, זיינען ניט אזוי שלעכט:

—עס איז קיין וואונדער ניט, דאס זיינען אלע געשעפט מענשען אדער ארבעטער און האבען ווייניג צייט זיך צו זעהן מיט א פריינד, אדער א קרוב, און אז מען טרעפט זיך דא אין טעאטער איז ביי זיי א גאנצע שמחה ווי אויף א היימישע חתונה.

—מיר געפעלט עס גראדע—האט דזשאנסאן געענטפערט—דאס צייגט, אז זיי פיהלען זיך אלע ווי אמת'ע פריינד, אדער ברידער פון איין נאציאן, און ניט ווי ביי אונז, שטענדיג אנגעצויגען, מיט דער עטיקעטע. מען בלאזט פון זיך, און בלויז ביי א גלעזעל משקה ווערט מען היימיש, ניט אנדערש. איך בין מקנא דאס אידישע פאלק מיט דער פריינדליכער נאטור, וואס די אידען פארמאגען. הלוואי וואלט איך געווען איינער פון זיי...

דאס לעצטע ווארט האט דזשאנסאן ארויסגערעדט מיט א ציטער אין קול, ווי מיט באדויערען... לילי האט זיך ניט געוואונדערט, זי האט גערענקט, אז דאס איז דערפאר, ווייל ער זעהט, ווי האפנונגסלאז די ליבע צווישען זיי איז, און זי האט אויך דערפיהלט אין הארץ דעם זעלבען וואונש: הלוואי וואלט ער געווען א אידישער בחור, וואלטען זיי קיין שטערונג ניט געהאט.

דא האט זיך העלער צוגעשטופט מיט א שאכטעלע שאקאלאד און עס אנטקעגענגעטראגען לילי'ן:

—נא, לילי, די בעסטע וואס איך האב געקענט קריגען.

—א דאנק, האסט זיך ניט געדארפט באמיהען איך עס ניט קיין שאקאלאד, מיינע ציין טוען וועה, און איך וויל פון דיר קיין זאך ניט—האט זי די לעצטע ווערטער ארויסגערעדט צערייצט און זיך פון אים

געוועקגעדרייט.

—אז דו ווילסט ניט, באדארף מען ניט—האט העלער גלייכגילטיג געענטפערט און א צופרידענער צוריק אוועק צו זיי בענקעל. ער האט גע־זעהן, אז זיין מעדיצין האט געווירקט.

—א, א, עס געהט א גאנג—האט ער צו זיך געזאגט—עס געהט א גאנג. מיר וועלען דעם גוי באלד פטר'ען. ער וועט מיר ניט לאנג שטעהן אין וועג... זי וועט זיך נאך מיט מיר איבערבעטען.

—איך האב עס גאנץ פיין אפגעשפילט—האט ער ווייטער גע־טראכט—די עלטערען אירע דארפען נאך געוואר ווערען, וועלען זיי אים אויף דער שוועל ניט ארויפלאזען.

פונדעסטוועגען האט אל באגלייט לילי'ן אהיים, געהענדיג לאנ־זאם און רעדענדיג האבען זיי פארלארען די קאמפאניע, מיט וועלכער זיי זיינען געגאנגען צוזאמען אין טעאטער. און אל האט זיך אנגערופען:

—לילי טייערע, לאמיר נאך איינמאל אריינגעהן צוזאמען אין דעם א פלאץ נאך א טרונק און לאמיר נאך איינמאל צוזאמען א ביסעל פארברענגען.

—נו, גוט—האט זי איינגעשטימט, און זיי זיינען אריין אין א סאדע־וואסער געשעפט, וואו זיי פלעגען אפט אריינגעהן צוזאמען און האבען זיך אוועקגעזעצט ביי א טישעל אין א ווינקעל און כמעט שטיל־שווייגענדיג האבען זיי באשטעלט, וואס זיי האבען געוואלט.

—א, ווי לאנג איז עס דען?—האט דזשאנסאן געזאגט מיט אומעט אין קול—ערשט מיט א פאר טעג צוריק זיינען מיר דא געזעסען ווי היינט, מיר האבען זיך געפיהלט אזוי גליקליך, א מילדקייט פול מיט ער־ווארטונג האט געלויכטען פון דיינע ליבע אויגען, מיר זיינען געווען פרעהליך, און היינט זיינען דיינע שעהנע ליבע אויגען טרויעריג.

—איז עס דען א וואונדער, אז מען ווערט געוואוינט מיט א פריינד און מען דארף אים פארלירען—אוודאי טוט באנג—האט לילי מיט א ציטערדיגען קול געזאגט, און טרערען האבען זיך געוויזען אין אירע שעהנע אויגען. ער האט אנגענומען איר האנט, זי געדריקט צום האר־צען און מיט ווארעמקייט אויסגערופען:

—טייערע מיינע, דו וועסט זעהן, ווי אלעס וועט זיך ענדיגען צום גוטען, איך האב אזא געפיהל, מיר וועלען נאך זיין גליקליך...

זיי האבען זיך אויפגעהויבען אהיים צו געהן, ווייל עס איז שוין

געוועזן שפּעטליך.

זיי זיינען געגאַנגען פאַרטראַכט, און ווען זיי זיינען צוגעקומען צום הויז האָט ער זיך געבעטען, זי זאָל אים ערלויבען איר ארויפצופיהרען די טרעפּ ביזן דריטען שטאָק, וואו זיי האָבען געוואוינט, ווייל עס איז געוועזן אזוי שפּעט. זי האָט זיך געקוויינקעלט און דערנאָך איינגע־ווילינגט. געהענדיג ארויף די שטיגען האָט ער זי ארומגענומען ביי דער טאַליע און זי אזוי געפיהרט.

—ווי וועל איך דיך קענען פארגעסען, געליבטע?—האָט ער מיט א ציטער אין קול געפרעגט.

—אָבער מיר קענען זיך ניט העלפען, טייערע פריינד מיינער—האָט זי א פאַרטראַכטע און מיט א פארקלעמט הארץ געענטפערט. ער האָט זיך ניט געקענט מער באַהערשען, האָט זי ארומגענומען מיט זיינע אָרעמס, צוגעדריקט צו זיין שטורמיש קלאַפּענדיג הארץ און זי הייס און הייסער געקושט אין די ליפּען. זייערע ליפּען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען אין דער רייצענדער פארצווייפלונג פון ליבע.

## זיבען און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

א גערודער און א געוואַלד ביי מר. גאָלד'ן אין הויז.

מר.גאָלד איז אַן אויפגערעגטער ארומגעלאָפען איבערן הויז, לילי איז געזעסען מיט פארוויינטע אויגען, דעם קאָפּ אַנגעשפּאַרט אַן טיש, מרס. גאָלד האָט געוואָלט בארוהיגען איר מאַן, אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזען. הערי האָט אויך געוואָלט פארענטפערען זיך, אַז זיי זיינען אין קיין זאַך ניט שולדיג.

—פונדעסטוועגען איז ער א גאַנץ פיינער יונגעמאַן—האָט הערי געזאָגט—עס איז בלויז א שאָד, וואָס ער איז ניט קיין איד.

—נו, ער איז א גאַנץ פיינער יונגערמאַן, זאָל ער זיך זיין א גאַנץ פיינער יונגערמאַן, אָבער פאַרט א קריסט און דו טאָרסט זיך מיט אים מער ניט צוזאַמענטרעפען—האָט מר. גאָלד געוואָרענט לילי'ן—עס איז שרעקליך, ער איז א קריסט און עס האָלט שוין ביי אייך ביי ליבע... ניין, איר טאָרט זיך מער ניט צוזאַמענטרעפען!—האָט ער אַזש גע־שריען פאַר פאַרדרוס.

—דער אַנקעל סמיט ווייסט פון אַלעם און ער האָט מיר געזאָגט, אַז מיר קענען זיך יאָ טרעפען, ווייל ער פאַהרט שוין סיי ווי אוועק—

האט לילי געזאגט מיט א וויינענדיג קול.

—אנקעל סמיט איז א פרייער אמעריקאנער, אבער איך, איך האב נאך די רעליגיע פון מיינע פרומע עלטערען ניט פארגעסען און ניט אויפגעגעבען. דעם בערלינער רב'ס אייניקעל קען זיך ניט ארומ־פיהרען מיט א קריסט און פארשלעפט ווערען אין א בלאטע...—האט מר. גאלד געשריען אן אויפגערעגטער—און דו, מיין זון, ווער א קלענערער מחותן מיט דעם קריסט, דו האסט געגוג אידישע חברים.

—איך וועל דיר זאגען, טאטע, איך וואלט אלע מיינע חברים אוועק־געגעבען פאר אט דעם קריסט...

—שטיל זאל זיין! דו זאלסט מיר אזוי ניט רעדען!—האט מר. גאלד געשריען—א איד איז א איד! לאז זיך ניט פארבלענדען... נו, איז עפעס א וואונדער, אז לילי איז פארפיהרט פון אים!

—שא, שא, שריי ניט, אימיצער קומט—האט מרס. גאלד געווארענט אריינקומענדיג פון קיך א פארפלאמטע פון אויוועז, ווישענדיג זיך די הענט אין א האנטוך. באלד טאקע האט אימיצער אנגעקלאפט און דר. סמיט און דזשאנסאן זיינען אריינגעקומען אונערוואַרטעט.

מר. גאלד איז געבליבען שטיל שטעהן אין מיטען שטוב, לילי איז אריין אין איר צימער זיך אפוואשען דאס פנים פון וויינען, און אלע אנדערע האבען זיך די מיה געגעבען מען זאל ניט מערקען וואס דא קומט פאר. מען האט אויפגענומען די געסט מיט פריינדליכקייט. מרס. גאלד האט אוועקגעשטעלט אויפן טיש גוטע זאכען, וואס זי האט געהאט אין הויז, און דאן דערלאנגט הייסע טיי מיט געבעקס, און אלע האבען פרעהליך פארבראכט דר. סמיט מיט זיין געזונטען חוש האט אבער באלד באמערקט וואס דא איז און ער האט מיטלייד געהאט מיט דער ליבער מיידעל, ווי זי האט צו ליידען און אויסצושטעהן, און ער האט זיך אנגערופען:

—זאגט מיר, ליבע קינדער, איך דערקען, אז איר זענט עפעס אלע ווי אנגעצויגען, וואס איז דא פארגעקומען? פאר אזא אלטען אנקעל ווי איך דארפט איר קיין סוד ניט האבען. פארבארגט ניט פון מיר קיין זאך, אפשר קען איך אייך גראד העלפען.

—א, אנקעל, עס דוכט זיך אייך בלויז אויס! אלצדינג איז דער בעסטער ארדנונג.

—יא, אין ארדנונג, אבער איך דענק, אז דו ביזט ניט שטארק אין

אָרדנונג, נאָר דו ווילסט מיר ניט זאָגען—האָט דר. סמיט געזאָגט מיט אַ שמייכעל קוקענדיג צו מר. גאָלד.

—אויב איר פאָרשט יאָ, אָנקעל, וועל איך אייך דאָ זאָגען דעם גאַנצען אמת. איך בין געוואָר געוואָרען, אַז מר. דזשאָנסאָן איז אַ קריסט און כאָטש איך בין ניט קיין פאַנאַטיקער, איך האַנדעל מיט קריסטען, וועלכע זיינען זעהר פיינע מענשען, אַנשטענדיגע מענשען, און איך האָב גאָר ניט געגען זיי, איז אָבער דאָ גאָר עפּעס אַנדערש, דאָ האַנדעלט זיך וועגען גאָר אַן אַנדער ענין. מיר האָט די גאַנצע צייט ניט געאַרט, אַז מיינע קינדער זיינען געווען פריינד מיט מר. דזשאָנסאָנ'ען, מיר האָבען געזעהן, אַז מר. דזשאָנסאָן איז אַן אַנשטענדיגער יונגערמאַן און אַ פיינער, מיר זיינען אים זעהר פיל דאַנק שולדיג, וואָס ער האָט זיין לעבען איינגעשטעלט צוליב אונזער קינד און זי געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט, האָבען מיר אים אויפגענומען מיט כבוד אין אונזער הויז. ער איז ביי אונז געשעצט און געאַכטעט. איך האָב גאָר ניט געהאַט דאַגעגען אפילו, ווען איך האָב געזעהן, אַז מיין לילי איז אַ ביסעל שטאַרק באַפריינדעט מיט מר. דזשאָנסאָנ'ען, איך האָב זיך געקלערט: אַ פיינער, אַנשטענדיגער יונגערמאַן, יונגע קינדער, ווער קען וויסען? און לויט ער האָט זיך אַרויסגעצייגט צוגעבונדען צו אונזער הויז האָב איך ניט געהאַט דאַגעגען, איצט גע‌פין איך גאָר אויס, אַז מר. דזשאָנסאָן איז אַ קריסט. אין אַמעריקע איז אַ מאָדע, אַז מיידלאַך האָבען מענער פריינד, איז עס דאָך שוין גענוג אַ צרה, איז זאָל כאָטש זיין פון איין גלויבען. אָבער אַ אידישע מיידעל מיט אַ קריסט איז שוין מער ווי אַ צרה... קריסטען און אידען אַז זיי חבר'ען זיך, קומט קיינמאָל קיין גוטס ניט אַרויס...

—אַ, דאָס אַלס? האָסטו דאָך באַלד געקענט זאָגען!—האָט דר. סמיט געזאָגט—דו האָסט זיך ניט וואָס צו ערגערען, מיין פריינד אַלעקסאַנדער פאָהרט מאָרגען אַוועק קיין באָסטאָן.

אַז לילי האָט דאָס דערהערט איז זי אַ פאַרציטערטע געוואָרען און שיעור ניט אויסגעשריען פאַר ערגערניש. דער, וועמען זי ליבט, דער, צו וועמען איר האַרץ, איר נשמה האָבען זיך צוגעבונדען, דער געהט אַוועק און זי וועט אים אפשר מער קיינמאָל ניט זעהן...

אַל דזשאָנסאָן איז געזעסען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און האָט נאָר ניט געזאָגט, ער האָט באַמערקט די גרויסע ליידען, וואָס קומען פאַר

אין הארצען פון דער יונגער מיידעל, און ער האט שרעקליך געליטען. דזשאנסאן אליין האט נאך ניט געהאט באשלאסען אזוי גיך אוועק־צופאהרען פון ניו יארק. דאס האט דר. סמיט איצט באשלאסען און ארויסגעזאגט מיט א פעסטער שטימע, ווי אז ער זאל פארשטעהן, אז ער האט ניט קיין אנדער וועג ווי צו פאלגען דעם באשלוס, באפעל פון זיין אלטען פריינד, ווי א טויט־אורטייל דורכצופיהרען, אן שום איינוועגדונגען...

—און איצט, קינדער—האט דר. סמיט ווידער אויסגערופען—אז עס קומט שוין די צייט פון געזעגענען זיך, לאמיר זיך דורכפאהרען ארום ניו יארק. לאמיר נאך עפעס זעהן, איידער מיר פאהרען אוועק.

—ווי, אנקעל, איר פארט שוין אויך אוועק?—האבען אלע נעפרעגט מיט איבערראשונג.

—יא, איך פאהר מיט מיין פריינד אל. איך וועל אים אליין ניט לא־זען פאהרען—האט דר. סמיט געזאגט מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל.

—אוי, א שאד, אנקעל, בלייבט דא מיט אונז, מיר האבען אייך קוים געפונען, זאלען מיר אייך דען אזוי שנעל ווידער פארלירען?

—אפדערוויי ל, מיינע ליבע, האב איך מיין פראפעסיע אלס דאק־טאר ניט אויפגעגעבען, און מער ווי צוויי וואכען קען איך ביי מיינע פאציענטען ניט צונעמען. איך וועל זעהן אין א קורצער צייט צו ברענ־גען אלעס אין ארדנונג, קען זיין, אז דאן זאל איך קומען אהער אין ניו יארק און ערגעץ אין א שטילער געגענט זיך באזעצען. אבער ניט אלס דאקטאר. איך דענק, אז עס איז צייט עס אויפצוגעבען און א פאר יאהר צו לעבען אין רוה.

—א, טייערער אנקעל, מיר וועלען זיין גליקליך, אז מיר וועלען קענען זיין מיט אייך צוזאמען!—האט לילי באגייסטערט אויסגערופען און געגלעט דעם אלטען דאקטאר׳ס הענט.

—יא, יא, לילישקע, דיר צוליב!

—נו, איצט, ווער פאהרט מיט מיט אונז א ביסעל?

לילי איז געשטאנען מיט אן אראפגעלאזטען קאפ און ניט געוואגט צו זאגען, אז זי וויל מיטפאהרען, ווייל זי האט געוואוסט, אז דזשאנסאן וועט מיטפאהרען, האט זי מורא געהאט, אז איר פאטער וועט איר ניט לאזען פאהרען.

—נו, לילי, וואס שטעהסטו?—האט דר. סמיט איר געפרעגט—

טו זיך אָן, און מאַך עס שנעלער.

—איך אויך, אַנקעל?

—וואָס פאַר אַ פראַגע? דו ביזט ניט אַן „אויך", נאָר דאָס מאָל מוזטו דעם אַלטען אַנקעל לייסטען געזעלשאַפט, באַגלייטען ווי אַ פאַריזער דאַמע.

—אַבער?—האָט זי געפרעגט מיט אַ פרעגענדיגען בליק צייגענדיג אויפן פאַטער. מר. גאָלד איז געווען אין אַ פאַרלעגענהייט, און ניט גע־וואוסט אויך וואָס צו באַשליסען זיך. דר. סמיט האָט דאָס באַמערקט און פאַרשטאַנען און זיך גיך אָנגערופען צו מר. גאָלד'ן:

—קענסט זיך אויפן אַלטען אַנקעל פאַרלאָזען, איך וועל זיין אַ גוטער היטער... קומט, קינדער! עס וועט זיין שפעט. ס'איז שוין צוויי אַזייגער—און ער האָט דערביי אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

לילי איז לעבעדיג געוואָרען, און אין אַ פאַר מינוט איז זי שוין געשטאַנען אין היטעלע און מאַנטעל פאַרטיג צו פאָהרען.

אַל דזשאַנסאָן האָט דערלאַנגט זיין האַנט צו מר. גאָלד'ן צו גע־זעגענען זיך און געזאָגט:

—מר. גאָלד, זייט געזונט! עס קען זיין, אַז מיר וועלען זיך שוין ניט זעהן, אפשר איז עס דאָס לעצטע מאָל. איך וויל אייך זאָגען, מר. גאָלד, אַז איך דאַנק אייך פון טיפען הארצען פאַר אייער גאַסטפריינד־שאַפט, פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין געווען אין ניו יאָרק. די אומשטענדען האָבען מיך געבראַכט קיין ניו יאָרק צו דורכפיהרען אַ וויכטיגע מיסיאָן, צו שטודירען דאָס אידישע פאָלק, דערפאַר האָב איך אייך ניט געקענט זאָגען, אַז איך בין אַ קריסט, ווייל איר וואָלט זיכער געווען פאָרזיכטיג מיט אייער אידיש רעליגיעזער פיהרונג, אַט דערפאַר האָב איך עס אייך ניט געקענט זאָגען, אַז איך בין אַ קריסט. אייער אַנקעל, דר. סמיט, וועט עס באַשטעטיגען, אַז איך בין אַהער גע־קומען מיט ריינע אַבזיכטען, ניט חלילה אימיצען צו נאַרען. איך האָב ניט געוואוסט, צי טו איך דערמיט אימיצען שלעכטס, איך בין געקומען מיט ריינע אַבזיכטען. איך בין אַ קריסט, אָבער אין מיר איז איינגע־באָרען דאָס געפיהל צו פאַרטיידיגען דעם שוואַכערען געגען שטאַר־קערען, צו פאַרטיידיגען דעם אונשולדיגען געגען שולדיגען, און אַז איך האָב געזעהן, אַז מען באַשולדיגט אַ איד אומזיסט, האָב איך אָנ־געווענדעט אַלע מיינע כוחות אים ריין צו וואַשען.

אלע זיינען געשטאנען און זיך איינגעהערט צו זיין יעדען ווארט. א מין פריינדשאפט געפיהל געמישט מיט רעספעקט האט אלעמען ארומגענומען הערענדיג די רייד פון דעם יונגענמאן.

—יא, מיינע טייערע—האט דר. סמיט געזאגט—דר. אל דזשאנסאן איז א זעלטען גוטער מענש, שוין א ביסעל א צו־גוטער, ער שטעלט אפט איין זיין לעבען, זיין כבוד פאר אנדערע. ער האט א גרויסען קאמף געהאט מיט אנטיסעמיטישע סטודענטען און פראפעסארען צוליב דעם אידישען כבוד און דאס טאקע האט אים געטריבען צו קומען אין ניו־יארק, וואו די אידישע באפעלקערונג איז גרויס, און זיך באקענען מיטן אידישען לעבען.

—דאס איז פיין, וואונדערבאר!—האט זיך אפגערופען מר. גאלד—זאגט מיר אבער, האט איר עפעס אויפגעטאן? און ווי געפעלט אייך דאס אידישע פאלק?

—זעהר פיין, זעהר פיין! איך האב גאר בעסער ניט געקענט ווינשען—האט דזשאנסאן מיט באגייסטערונג אויסגערופען—און דאס בעסטע וואס איך האב געלערענט איז אין הויז פון דער פאמיליע גאלד...

—מייז הארציגסטען דאנק, דר. דזשאנסאן—האט מר גאלד מיט עהרע געענטפערט און זיך פארנייגט.

—מר. גאלד, אייער ליבע פאמיליע האט מיר געצייגט א מוסטער פון טוגענט, עהרליך און פרום און אנשטענדיג — מיט אלע מעלות, וואס א גוטע פאמיליע קען נאר באזיצען.

—זעהר אנגענעהם צו הערען, מיין פריינד!—האט דר. סמיט זיך אנגערופען דריקענדיג די האנט פון זיין יונגען פרוינד—איך האף, דו וועסט איצט האבען מיט וואס צו פארמאכען דאס מויל פון אונ־זערע שונאים.

—איך האף עס אויך אזוי, אבער איר ווייסט דאך, מיין פריינד, איך בין נאר איינער און זיי, זיי זיינען אזוי פיל, אבער איך וועל אלעס אנ־ווענדען דאס אידישע פאלק צו פארטיידיגען, אט דאס פאלק, וואס איר פארווערט מיר צו ווערען א מיטגליד אין זיין משפחה, צו וועלכען איך האב זיך צוגעבונדען מיט מיין גאנצען לעבען...

—א, ענטשולדיגט, איר זענט דאך א געבילדעטער מענש, ווייסט איר דאך, אז דאס ערלויבט ניט אונזער רעליגיאן און מיר זיינען אין דעם ניט שולדיג. אונזער תורה האט אונז פארבאטען צו פארמישען

אונזער בלוט מיט אנדערע פעלקער.

—איך באַגרייף עס, מר. גאָלד, איר זענט אַ רעליגיעזער מענש און דערפאַר זענט איר מיר נאָך טייערער און ליבער! זייט מיר געזונט און לעבט גליקליך!

—זאָל אייך גאָט באַגליקען אויף אייער וועג, ווי איר האָט זיך פאַרגענומען — האָבען אים מר. און מרס. גאָלד געוואונשען מיט טרערען־פולע אויגען. לילי און הערי און די קליינע מערי האָבען זיך גע־ווישט די אויגען פון די שעהנע ווערטער, מיט וועלכע דער נאָבעלער קריסטליכער יונגערמאַן האָט זיך געזעגענט מיט דער אידישער פאַמיליע.

## אַכט און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

דר. סמיט, דר. דזשאָנסאָן, לילי און הערי האָבען זיך אַריינגעזעצט אין אַן אַטאָמאָביל און אַוועקגעלאָזען זיך פאָהרען ארום ניו יאָרק. לילי איז געזעסען לעבען אַלטען אָנקעל דר. סמיט און הערי מיט דזשאָנ־סאָנ'ען אַנטקעגען. זיי זיינען געזעסען שטיל, יעדער אין זיין ווינקעל פאַרנומען מיט זיינע אייגענע געדאַנקען. יעדער פון זיי איז געוועזען באַלאַדען מיט די לעצטע איבערלעבונגען, יעדען האָט געדריקט אַן אנדער פראַגע: וואָס וועט זיין? ווי וועט זיך עס ענדיגען? זאָל שוין זיין, אַז דאָס איז דער סוף פון דעם שעהנעם חלום?

שטילער פון אַלעמען און אומעטיגער פון אַלעמען איז געוועזען דזשאָנסאָן. ער איז געזעסען און געטראַכט:

—אַזעלכע פיינע מענשען, ווי האָבען זיי דאָס האַרץ אַ מענשען צו לאָזען ליידען אַזוי פיל?

טראַכטענדיג אַבער ווייטער האָט ער אָנגעהויבען פאַרשטעהן, ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַ בילד פון אַלטען פאָלק פון מאַרטירערטום, צוליב זייער רעליגיאָן ברענגען זיי דאָס גליק פון זייער קינד אַלס אַ קרבן... און דאָן האָט זיך אים פלוצלונג פאַרגעשטעלט, ווי לילי איז טאַקע דער קרבן, אַ מין געצענדינסט. און ער האָט דאַן אַ קוק געגעבען אויף דער שעהנער לילי'ן און איר בלייכער פנים און אירע אומעטיגע אויגען האָבען טאַקע אויסגעקוקט ווי אַ ריכטיגער קרבן...

—זאָל דאָס מעגליך זיין?—האָט ער זיך געפרעגט—אַז די רעליגיאָן איז אַזוי גרויזאַם צו שטערען צוויי הערצער...—און עס האָט אים אַרומ־

גענומען ווי א מין שפאס: זיך צו רייצען מיט יונגע הערצער, יונגע געפיהלען...

דער טאג איז געווען א ווארעמער, א שעהנער, די זון האט געשיינט, די לופט איז געווען דורכזיכטיג, דער אטאמאביל איז געפלויגען און פאר זייערע אויגען האבען זיך געשמוגעלט הויכע הייזער, בריקען, אטאמאבילען, טראמווייען — א געשטופעניש, א געדראנג, סכנו"ן נפשות. אבער וואס ווייטער זיי זיינען געפאהרען זיינען די הייזער שיטערער געווארען, אויך די מאשינען זיינען ווייניגער געווארען דערפאר האט מען דערזעהן א נייע ברייטע וועלט... א וועלט וואס האט ניט צו טאן מיט לויפען, פליהען, האווען און שמייען, מיט קנאה-שנאה, נאר מיט פרידליכקייט, געמיטליכקייט און בלומען, גרינע ווייכע גראזען ארום די הויכע גרויע שטיינער, און שעהנע יונגע ביימלאך. אלעס איז דא געשטאנען עפעס אזוי רוהיג, אזוי פרידליך, ווי זיי וואלטען געפייערט יום טוב נאך א שווערער הארעוואניע... אויף יעדען שטיין איז אויסגעקריצט דער נאמען און אויף מאנכע זיינען אויך בילדער פארהאנען. מאנכע שטיינער דערצעהלען, אז דא ליגט דער און דער, גרויסע פערזענליכקייטען, מיט וועלכע די וועלט האט געקלונגען צוליב גרויסע אויפטואונגען און העלדישקייטען: א צדיק, א רב, א כלל-טוער, א קינסטלער. אלע זיינען זיי ארומגערינגעלט מיט ביימער און בלומען.

דזשאנסאנ'ען איז דורכגעלאפען א שנעלער געדאנק, מקנא זייענדיג דאס רוהיגקייט פון די, וועלכע האבען זיך גענוג געמאטערט ביים לעבען.

—און אפשר וואלט גלייכער געווען דא צו פארבלייבען אויף דעם שעהנעם פרידליכען פעלד—האט ער צו זיך אליין געטראכט—איידער זיך צו מאטערען אין לעבענס-פיין, מיט א הארץ פול וועהטאג און מוטשעניש.

דער געדאנק, אז ער פארלירט די שעהנע הארציגע לילי האט ביי דזשאנסאנ'ען אויסגעזעהן, ווי עס וואלט שוין געשטאנען אזא שטיין איבער זיין קאפ און ער זעהט עס...

—וואס אזוי ערענסט, קינדער?—האט דר. סמיט פלוצלונג א פרעג געטאן און אונטערבראכען די שטילקייט.

—זעהט ווי שעהן און פרידליך דא איז—האט דזשאנסאן זיך אנגערופען—זיי האבען אונז איבערגעלאזט דעם קאמף פון לעבען און אליין שלאפען זיי זיך רוהיג און צופרידען.

—עס זעהט אויס, אז דו ביזט זיי מקנא—האָט דר. סמיט געפרעגט מיט א פאַרשעמענדען בליק.

—מען מעג זיי מקנא זיין.

—נו, נו, מיין פריינד, איך בין עלטער פון דיר און האָב פיל דורכגעמאַכט אין לעבען און דאָך דענק איך, אז עס וועט נאָך גענוג צייט זיין דאָ צו רוהען, אהין געהן איז ניט אזוי שווער, צוריק קומען איז ניט מעגליך...

—וואָס איז דען דאָ צו פאַרלירען?

—וואָס קענען מיר דען האָרט געפינען?—האָט דר. סמיט געענטפערט זעהענדיג זיין פאַרביטערטקייט, און האָט געטראַכט: אך מיט וואָס פאַר א גערדאַנק ער טראָגט זיך אַרום.

דר. סמיט האָט זיך איצט דערשראָקען, אזא יונגערמאַן מיט א ברייט פיהלענדיג הארץ ווי ער, ווער ווייסט וואָס ער האָט דאָרט אין געדאַנק...

—איך דענק, אז מען דאַרף שווער גענוג אַרבעטען צו פאַרדינען עטליכע שעהנע ווערטער אויפגעשריבען אויף א שטיין נאָכן טויט—האָט זיך הערי אַנגערופען.

—און וואָס זאָגסטו, לילי?—האָט דר. סמיט געפרעגט אום איך צו עפענען דאָס מויל צו רעדען...

—איך וויים ניט, ליבער אַנקעל, וואָס צו זאָגען.

—וואָס ביזטו אזוי צעטראָגען?

—איך טראַכט, וואָס איר, ליבער אַנקעל, פאָהרט שוין אַוועק. מיר האָבען אייך ערשט געקראָגען און מיר פאַרלירען אייך שוין...

—איז עס נאָר, ווייל איך פאָהר אַוועק?—האָט דר. סמיט געפרעגט שמייכלענדיג—צי אפשר עפּעס אַנדערש?

—נו, זעלבסטפאַרשטענדליך, מען געוואוינט זיך צו צו א מענשען. מען געהט צוזאַמען, מען פאַרברענגט צוזאַמען, איז שווער דערנאָך זיך צו שיידען...

און דערווייל זיינען זיי דורכגעפאָהרען א ווייט אפּגעלעגט ווינקעל אין לאַנג איילאַנד. אויף א פעלד אונטער א בערגעל זיינען געשטאַנען אנגעשטעלטביידלאַך, ווי געצעלטען פאַר מיליטער, פון שטיקער אַלטע שמוציגען לייווענט. ווייטער א ביסעל זיינען געשטאַנען צוויי וועגענער איבערגעצויגען מיט לייווענטענע דעכלאַך, ווי די אמאָליגע בוידען...

אויפן פעלד האבען זיך געפּאשעט מאגערע פערד. ארום דיביידלאך איז געווען פרעהליך. א פייער האט געברענט אין מיטען א פלאנקען און אויף צוויי אייזערנע שטאנגען איז געהאנגען א גרויסער שווארצער אייזערנער קעסעל און אינעווייניג האט זיך געקאכט דאס עסען. ארום פייער האבען זיך ארומגעדרייט ארום א דרייסיג פערזאן: עלטערע, אינגערע, מענער און פויען, אינגלאך, מיידלאך און קינדער. אלע אין זייערע בונטע פארביגע נאציאנאלע קליידער, ברייט און פאלביג. עטלאכע יונגע מענער האבען געשפּילט אויף א פייפעל, א באס און א הארמאניקע,און די אנדערע האבען זיך געדרייט ארום פייער ווי א ראד אין א ווילדען טאנץ. די פארבייפאהרענדע קליינע קאמפּאניע איז גע־בליבען שטעהן צוצוזעהן דעם ווילדען ווירוואר פון דער גאנצער טרופּע, אנצוקוקען דאס לעבען פון דעם ווילדען פארוואגעלטען וואנ־דערענדיגען פאלק.

—איך וואלט וועלען צוגעהן נעהנטער זעהן ווי זיי טאנצען—האט לילי זיך אנגערופען.

—איך וויל אויך צוגעהן—האט אל געזאגט.

—זיי האבען זיך אפּגעשטעלט, זיינען ארויס פון אטאמאביל און זייי־נען צוגעגאנגען צום פּלאץ, וואו די ציגיינער האבען פרעהליך פאר־בראכט. זיי האבען געזעהן א יונגע ציגיינער מיידעל, זעהר א שעהנע, מיט צוויי גרויסע בלישטשענדיגע אויגען, און רונדע ראזיגע באקען. זי איז געווען אויסגעפּוצט אין א קראנץ ווילדע בלומען און צווישען שטיקלאך פרישע דערנער אריינגעפלאכטען, פילע שטיקער פארשידען־קאלירטע סטענגעס און גלאט שטיקלאך מאטעריאל זיינען נאכגע־האנגען פון קראנץ פון קאפּ ביז די פיס פארביי דער פלייצע, און די שווארצע האר צעלאזט זיינען געפלויגען און זיך געדרייט פון ווינט. ביי איר האנט איז נאכגעהאנגען א שטיק רויטע געוואנט, די גרויס פון א טיכעל פון קאפּ. מיט דער מיידעל האבען אלע געטאנצט, בייטענדיג זיך אלע מאל אן אנדערער, א מאן אדער א פרוי, ארום פייער. ווען זי האט מיט אלעמען אפּגעטאנצט איז צוגעקומען א יונגע ציגיינער, וועל־כער האט געטראגען א הויכע היטעל און צום היטעל איז געווען צו־געשפּילעט א רונד קרענצעל פון ווילדע בלומען, און פון איינער פון זיינע הענט האט זיך געשלעפּט א שטיק רויטע געוואנט. וואס האט

ווילד געפלאַטערט אַנטקעגען ווינד.. מען האָט זיי צוגעפיהרט צום קאַבעדיגען קעסעל און זיי אַוועקגעשטעלט אין צוויי פאַרשידענע זייטען, אַזוי, אַז דאָס פייער האָט זיי צעטיילט. אַן אַלטע טשערע־פּאַכע, אַ ציגיינערין, האָט זיי אַרומגערינגעלט עטליכע מאָל מיט האָבער, זיי אַרומגעזייט ווי אַ ראָד אַרום פייער. דער עולם ציגיינער איז געשטאַנען שטיל און פייערליך, ווען די אַלטע האָט געמאַכט די צערעמאָניע. דאַן האָט זי גענומען אַ טעפּעל וואַסער, אַריינגעשטעקט אַ בערשטעל פון גראָזען און געשפּריצט אויף דעם פּאָר־פאָלק און אַ שפּריץ אויפן פייער. דאָס פּאָר־פאָלק איז דאַן געפאַלען אויף די קני און געקושט די ערד. דערביי האָט אַן אַלטער ציגיינער עפּעס צו־געברומט און אויפגעקנאַקט מיט צוויי פינגער. דאַן איז ווידער פרעה־ליך געוואָרען מיט אַ ווילדען טאַנץ, די מוזיק האָט געשפּילט, און דאָס יונגע פּאָר־פאָלק איז אויפגעכאַפּט געוואָרען פון די אַלטע און מען האָט זיי געגעבען צו גלעזלאַך שנאַפּס, און ביי יעדען זופּ האָבען זיי זיך צעקושט. נאָכן טרינקען און קושען זיך האָבען די אַלטע צונויפגעבונדען די צוויי רויטע שטיקער געוואַנט, וואָס האָבען נאָכגעהאַנגען פון זייערע הענט, ציינענדיג, אַז פון איצט אַן זיינען זיי פאַרבונדען אויף עביג. אַזוי געבונדענערהייט האָט מען זיי מיט מוזיק געפיהרט פאַרביי דעם גאַנצען עולם, צוגעפיהרט צו איינעם פון די פּאַלאַטקעס, זיי דאָרט אַריינגעלאָזט אַליין און זיי איבערגעלאָזען... דער עולם האָט זיך צוריקגעקערט און זיך ווייטער משמח געווען, דרייענדיג זיך ווי אַ וויכער אין אַ ווילדען טאַנץ די עלטערע זיינען צוגעגאַנגען צום קאַבענ־דיגען קעסעל און מיט אַ גרויסען לעפעל געשעפּט פון דאָרטען דאָס געקעכץ און געזופּט הייסערהייט.

אין מיטן טאַנץ האָט זיך אַ יונגע ציגיינערקע אַרויסגעכאַפּט און איז צוגעלאָפען צו די רייזענדע און זיך געבעטען:

—איר ווילט, וועל איך אייך אויסלעגען קאָרטען, אָדער אויף אייער האַנט אייך זאָגען די צוקונפט. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט פאַר־פעלט צו טרעפען.

—אַזאַ קינסטלערין ביזטו עס?—האָבען די רייזענדע געפרעגט און געלאַכט.

—גיט מיר נאָר אַהער איין קוואָדער און אייער האַנט און איר וועט אַליין צוגעבען, אַז קיינער האָט נאָך ניט געטראָפען אַלעס צו זאָגען

אין פאראויס ווי איך. מיין באבע איז געווען די גרעסטע וואהר־זאגערין און די גרעסטע קארטן־ווארפערקע אין גאנץ אונגארען און קיינעם האט זי ניט געוואלט אזוי אויסלערנען ווי מיך, ווייל מיך האט זי ליב געהאט, זעהר שטארק ליב געהאט.

—זעהר גוט, נו, לאמיר זעהן—האט דר. סמיט געזאגט.

—איך וויל זיין דער ערשטער—האט דזשאנסאן זיך אנגערופען און ארויסגענומען א קווארער און דערלאנגט דער ציגיינערין.

זי האט גענומען דזשאנסאנ'ס האנט און אנגעפאנגען צו באטראכטען און שטודירען די שטריכען פון זיין האנט, דאן האט זי אויפגעהויבען אירע שווארצע אויגען און א קוק געטאן אין זיינע אויגען און אויסגערופען:

—יונגערמאן, דו פיהרסט אן א שווערען קאמף אין דיין לעבען, און דאס איז דערפאר, ווייל דו ביזט ניט דאס, וואס דו מיינסט אז דו ביזט און וואס אלע מיינען.

—וואס הייסט? וואס בין איך דען? אפשר א מיידעל?—האט דזשאנסאן זיך געוויצעלט און אלע האבען זיך צעלאכט.

—ניט דאס מיין איך. איך מיין, אז אין דיינע אדערען רינט בלוט פון אן אנדער נאציאן... עס וועט קומען א צייט, ווען דו וועסט צו דיין נאציאן צוריקקערען... צו דעם פאלק פון וואנען דו שטאמסט.

דר סמיט איז בלאס געווארען הערענדיג דאס פון דער יונגע ציגיינערין.

—איך בין א גוטער קריסט—האט דזשאנסאן אויסגערופען.

—קיינמאל ניט! עס וועט קומען א צייט און דו וועסט זיך איבערציינגען, אז פלארינע זאגט דעם אמת. דו זעהסט אט די ליניע אויף דער האנט? זי ציינגט, אז דו האסט ארום זיך מענשען, וואס נארען דיך...

—דו זאגסט א ליגען! מיינע עלטערען זיינען גוטע עהרליכע קריסטען און מיין מוטער איז אן עהרליכע פרוי!

—ע, גאה, דו קענסט פאר קיינעם ניט שווערען, אפילו ניט פאר דיין מוטער.

—האלט דיין מויל, איך וועל דיר די צונג ארויסשלעפען, דו זאלסט אזוי ניט רעדען וועגען מיין מוטער!—האט דזשאנסאן זיך צעבייזערט אויף דער ציגיינערין פאר איר באמערקונג.

—קאך זיך ניט, דו שעהנער יונגערמאן! וועסט אמאל צוגעבען, אז

פלאָרינע האָט רעכט געהאַט.

—שווייג, זאָג איך דיר!—האָט דזשאַנסאָן זיך ניט געקענט קאָנט־ראָלירען און האָט אויפגעהויבען זיין האַנט געגען דער ציגיינערין.

—לאָז איר צו רוה, אלו—האָבען די אַנדערע זיך אריינגעמישט—מיר זיינען צווישען אַ בייזער באַנדע, זיי וועלען אונז דאָ אַלע באַ־גראָבען!

אין לאַגער האָט מען דערזעהן, אַז דאָ קומט עפּעס פּאָר און אַלע ציגיינער האָבען זיך אַ לאָז געטאָן צום פּלאַץ, וואו די רייזענדע מיט פלאָרינע'ן האָבען זיך געפונען.

—ווי וואַגסטו?—האָבען די ציגיינער אויפגעהויבען אַ געשריי.

—אָבער זי איז אַ ליגנערין! אַז זי ווייסט ניט זאָל זי בעסער שווייגען.

—נו, נו, פאַרפאַלען, ווייסט זי ניט!—האָט דר. סמיט פאַרטראַכט געזאָגט—קומט צו דער מאַשין, זעהט ווי אַלע לויפען אהער—און ער האָט דזשאַנסאָנ'ען מיט מיה קוים דערשלעפּט צו דעם אַטאָמאָביל. זיי האָבען זיך אריינגעזעצט און זיינען שנעל אוועק פון יענעם פּלאַץ.

## ניין און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

מרס. לעווין האָט שוין געוואוסט, אַז דזשאַנסאָן קלייבט זיך אַהיים צו פאָהרען.

—איר פאָהרט אוועק פון ניו יאָרק, מר. דזשאַנסאָן? איר קענט ניט קריגען קיין באַעפטיגונג דאָ?—האָט מרס. לעווין אַ באַטריבטע אים געפרעגט.

—ניין, מרס. לעווין, מיינע עלטערען ווילען איך זאָל אַהיים קומען.

—אייערע עלטערען? ווי גליקליך זיינען אייערע עלטערען, אַז זיי האָבען אַזאַ קינד, וואָס פאָלגט גלייך זייער רוף. איך בין זיי מקנא. אוי, ווען מיין בעני וויל מיך אַזוי פאָלגען! ווי גליקליך איך וואָלט זיין!

—ער איז נאָך יונג, ער וועט נאָך גוט זיין—האָט דזשאַנסאָן זי געוואָלט טרייסטען.

—ניין, מיין פריינד, איך האָב מורא, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער. ווער ווייסט וועלכע צרות און בושות ער וועט מיר נאָך פאַרשאַפען... איך וואָלט עס בעסער ניט געוואָלט דערלעבען.

—איי, מרס לעווין, נעמט זיך ניט אזוי צום הארצען, פּרוואווט בעסער אויף אים צו ווירקען מיט גוטען.

—עס וועט ניט העלפען, איך וויים עס. אט האט איר געפּרוואווט אויף אים צו ווירקען, האט עס עפּעס געהאָלפען?

—אָ, איך האב אים נאר פאר א שונא געקראגען און איך וויים ניט פאר וואס, דוכט זיך, אז איך האב אים קיין שלעכטס ניט געטאן.

—אט אזוי איז ער אלעמען א שונא—האט זי געזיפצט.

—איר וועט ניט פארגעסען, מרס. לעווין, מיר איינצופּאקען מיינע זאכען?

—גוט, גוט. איך וועל ניט פארגעסען—האט מרס. לעווין געענט־פערט מיט א פארשטיקטער שטימע פון טרערען—איך האב זיך אזוי צו אייך צוגעוואוינט ווי צו א גוט קינד. איר זענט פאר מיר ערשינען, ווי א גוטער מלאך מיט אייערע טרייסט ווערטער. איצט בלייב איך ווידער אליין און עלענד.

—זארגט זיך ניט, מרס. לעווין, גאט וועט העלפען. איך וועל צו אייך שרייבען, און איר זאלט מיר ענטפערען, און צו יעדער צייט אויב איר וועט זיין אין א נויט, לאזט מיר עס וויסען.

—גוטער מענש, איך דאנק אייך פון טיפען הארצען פאר אייער פריינדשאפט—האט מרס. לעווין געזאגט גערירהרט.

דזשאנסאן, כאטש ער האט זיך שוין לאנג געהאט אנגעשטויסען, אז דאס האט בעני געהאלפען העלער'ן מיט בריף באווייזען, אז ער איז א קריסט, האט ער דאך מיט אווארט ניט געוואלט דערמאנען דער ליידענדער מרס. לעווין וועגען איר זונדעל'ס פיינע מעשים. ער האט ניט געוואלט שווערער מאכען די ליידען פון דער אונגליקליכער פרוי.

דעם אנדערען טאג איז מרס. לעווין געוואר געווארען, אז איר בן יחיד איז ארעסטירט געווארען אונטער א שווערער באשולדיגונג פון האבען א האנט אין א מארד. דאס האט געטראפען דער ארעמער פרוי ווי א דונער. זי איז א גאנצען טאג ארומגעלאפען ווי א ווילדע און האט געזוכט רעטונג פאר איר זון. זי האט ביי זיך באשלאסען, אז נאך איין מאל וועט זי אים רעטען, און איר פארצווייפלונג האט ניט געהאט קיין גרענעץ. זי האט געזוכט דזשאנסאנ'ען, טאמער וועט ער עפּעס קענען העלפען, טאמער וועט ער זיין איר רעטער, איר קינד'ס רעטער. זי איז געקומען צו איר קוזינע מרס. גאלד, זי האט געדענקט,

אַז זי וועט אים דאָרט טרעפען, אָבער דאָרט האָט זי געקראָגען די ביטערע בשורה, אַז דזשאַנסאָן איז גאָר אַ קריסט. מר. גאָלד האָט איר געגעבען אַ סוף פאַר וואָס זי שווערעמט אַזוי פונ׳ם גוי... און אַז צוליב איר, וואָס זי מאַכט פון אים אַ גאַנצען יום טוב, זיינען זיי אַלע געוואָרען מיט אים גאַנצע מחותנים.

—דו פאַרגעסט, מיין ליבער קוזין, אַז דאָס וואָס איר האָט זיך באַפריינדעט מיט מר. דזשאַנסאָנ׳ען איז גאָר דורכן אַטאָמאָביל צופאַל, וואָס ער האָט געראַטעוועט מערי׳ן פון אַ זיכערען טויט.

—נו, וואָס זשע, מאַלע? ווען ניט דו וואָלטען מיר אים באַדאַנקט און גענוג, דען עס טרעפען זיך אָפט אַזעלכע נסים אין אַמעריקע צו רעטען פון אַ אונגליק.

—איך קען זיך ניט גלויבען, אַז ער איז אַ קריסט. אַ קריסט זאָל האָבען אַזאַ בריליאַנטען האַרץ.

—נו, געה פרעג אים, וועט ער עס דיר זאָגען.

—אויב עס איז אמת איז עס אַ גרויסער שאָד, אַזאַ גוטער קריסט דאָס איז אַ זעלטענהייט.

—אָט האָסטו זי דיר! ווער ווייסט וואָס ער וועט נאָך דאָ אָפּטאָן מיט זיין פאַלשקייט. אַ גוי איז אַ גוי!—האָט מר. גאָלד געשריען.

—שריי ניט אַזוי, איך האָב ניט געפונען קיין שלעכטס איז אים פאַר די צוויי מאָנאַטען, וואָס ער וואוינט ביי מיר, הלוואי וואָלט מיין בעני אַזוי געווען, ער האָט נאָך אַלץ ביי מיר די ווערט ניט פאַרלאָרען, כאָטש ער איז אַ קריסט. ער איז דאָך די אָרענטליכקייט אַליין.

—אָט האָסטו זי דיר! דו הערסט, חנה? דיין קוזינע שפּרינגט דאָך פון דער הויט אַרויס פאַר דעם קריסט. נאָך אירע רייד וואָלט איך זיך נאָך געדאַרפט איינקויפען אין יחוס צו דעם קריסט...

—אַ, לאָזט מיך צורוה, איך האָב מיר מיינע אייגענע צרות, איך הייס זיך ניט איינקויפען אין יחוס, איך זאָג נאָר, אַז ער איז אַ גאָלדע־נער יונגערמאַן, הלוואי זאָל לילי קריגען אַזאַ פיינעם מענשען ווי ער איז.

—אָט, ביי איר ער אַ גאַנצער יחסן!

—איך בין איצט ניט געקומען אייך פאָרשטעלען זיין יחוס און ניט קריגען זיך מיט דיר, אָדער אויסטענה׳ן זיך. איך האָב געדאַרפט נויטיג זעהן מר. דזשאַנסאָנ׳ן, האָב איך געדענקט, אַז ביי אייך וועל איך אים טרעפען—האָט מרס. לעווין געזאָגט און האָט ניט געוואָלט

זיי זאָגען ווענען וואָס זי איז געקומען, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז זי האָט נאָר געקענט קריגען אַ ביסעל פאַרווירפע, וואָס זי גיט שטענ־דיג נאָך איר זון, און אַז דורך דעם איז ער אַזוי צעלאָזען און שלעכט. זי האָט געוואוסט, אַז העלפען קענען זיי איר ניט, און איר גאַנצע האָפנונג האָט זי געלעגט אויף דזשאַנסאַנ׳ען.

זי איז אַוועק אַ פאַרביטערטע צוריק אַהיים צו זיך׳ קומענדיג אַהיים האָט זי געטראָפען דזשאַנסאַנ׳ען, און מיט אַ יאָמער האָט זי אים דערצעהלט פון איר אונגליק, אַז בעני איז אַרעסטירט געוואָרען.

—איך האָב עס שוין געהערט, ליבע מרס. לעווין—האָט דזשאַנסאָן מיט ערענסט געענטפערט.

—וואָס זשע טוט מען? וואָס הויבט מען אָן צו טאָן? וואו זאָל איך געהן? וואו זאָל איך לויפען, איך זאָל אים אַרויסרייסען פון דאָרט? איך בין געוועז אין פאָליצײ־הויז, האָט מען מיך ניט צוגעלאָזען אים צו זעהן, גאָר אפילו ניט צוגעלאָזען.

—אונגליקליכע מאַמע, ווי מיר טוט וועה פאַר אייך! ווען איך קען נאָר העלפען—האָט דזשאַנסאָן מיט מיטלייד געזאָגט און זיין האַרץ האָט אים געבלוטעט פאַר דער פאַרצווייפעלטער מוטער, וואָס זי ליידעט אַזוי פיל דורך אַ זון, וועלכער איז עס ניט ווערט.

—איר ווילט אים זעהן?—האָט דזשאַנסאָן אַ פרעג געטאָן.

—יאָ, איך וואָלט ווילען הערען וואָס ער וועט מיר זאָגען, און אין וואָס מען באַשולדיגט אים, אפשר זיצט ער דאָרט אַן אונשולדיגער.

—איך וועל מיט אייך געהן צום פאָליצײ־שעף. אויב די קלאַגע איז אַ לייכטע, וועט מיר אפשר געלינגען מען זאָל אים באַפרייען.

—אַ, טייערער מענש! איך האָב עס ערשט געזאָגט צו מיין קוזין, אַז ער וואָלט זיך געמעגט ווינשען, אַז זיין לילי זאָל קריגען אַזאַ מאַן ווי איר זענט.

—אַ דאַנק אייך, מרס. לעווין, פאַר אייער גוטער מיינונג וועגען מיר, אָבער איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, מרס׳ לעווין, אַז אייער קוזין איז איצט ווייניג ענטציקט פון מיר, זינט זיי האָבען ערפאַרען, אַז איך בין אַ קריסט...

—יאָ, זיי האָבען עס מיר געזאָגט.

—נו, האָט עס אייך ניט פאַרדראָסען, ווען איר זענט עס געוואָר

געוואָרען?

—דעם אמת געזאָגט פאַרדריסט עס מיך אויף אַזוי פיל, פאַרוואָס מיר זאָלען ניט האָבען אַזאַ ליבען מענשען אין אונזער מיט, אָבער איר האָט אייער ווערט ביי מיר ניט פאַרלאָרען, מר. דזשאַנסאָן, אין מיינע אויגען זענט איר דער זעלבער גוטער און ליבער מענש, ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס איר פאָרט אַוועק, און ערשט וועל איך זיך איצט דערפיהלען רעכט עלענט, נאָך מער ווי פריער.

—נו, זאָרגט ניט, איר וועט זיין מיט אייער זון, איר דאַרפט ניט זיין אַזוי נידערגעשלאָגען.

—נו, איצט קומט וועלען מיר געהן צום פּאָליציי־הויז.

ווען דזשאַנסאָן איז מיט מרס לעווין געקומען אין פּאָליציי און זיך געמאָלדען צום שעף, האָט אים דער שעף אויפגענומען זעהר פריינדליך, כמעט מיט פרייד, און נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך באַגריסט האָט דער שעף געפרעגט:

—דר. דזשאַנסאָן, וועלכען צופאַל האָב איך צו פאַרדאַנקען פאַר אייער באַזוך דאָ אין אונזער פּאָליציי־הויז?

—ליידער הער שעף, ניט קיין פרעהליכען צופאַל. אָט די פרוי איז מיין פריינדין, איר נאָמען איז מרס. לעווין, איר זון האָט מען היינט אַרעסטירט, בין איך געקומען בעטען, אפשר לאָזט זיך עפּעס טאָן פאַר אים. די פרוי לעווין האָט ניט קיינעם מער אויף דער וועלט אַ חוץ איר זון, איז ער ליידער ניט פון די גוטע קינדער, און זי ליידעט שרעקליך. אַ מאַמע, אַן אונגליקליכע מאַמע.

—אָרעמע פרוי—האָט דער שעף באַדויערט, אַ קוק געבענדיג אויף איר, ווי זי איז געזעסען אַ פאַרביטערטע און דערשלאָגענע—איך וועל באַלד אויסגעפינען אין וואָס ער ווערט באַשולדיגט. זיצט אַ ווייל, דאָקטאָר, איך וועל באַלד זיין צוריק.

דער שעף איז אַרויס פון זיין אָפיס. עס האָט גענומען ביי אַ צען מינוט, און דער שעף איז צוריק אַריינגעקומען און אַ טרויעריגער געצייגט דזשאַנסאָנ'ען אַ פּאַפּיר. דזשאַנסאָן האָט מיט אַ בליק דורכ־געקוקט דעם פּאַפּיר און איז בלאַס געוואָרען.

—וואָס איז? זאָגט מיר, איך בעט אייך!—האָט מרס. לעווין געבעטען אַ וויינענדיגע, זעהענדיג ווי דזשאַנסאָן איז דערשראָקען.

—ליידער, אָרעמע פרוי, אייער זון איז אונטער אַ זעהר שווערער

קלאַגע, און אים אַרויסלאָזען איצט איז אוממעגליך.

—אין וואָס איז ער באַשולדיגט?—האָט מרס. לעווין מיט אַ ציטער אין קול געפרעגט.

—וואָס זאָל איך אייך פאַרלייקענען? ער איז אונטער פאַרדאַכט פון מארד

—מארד!?—האָט זי אויסגערופען און איז געפאַלען אונטער זיך.

—אַ, זי חלש'ט! אונגליקליכע מאַמע!—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט מיט גרויס מיטגעפיהל, אַז טרערען האָבען זיך אים געשטעלט אין די אויגען, ווען ער האָט זי אויפגעהויבען. דער שעף האָט געבראַכט אַ גלאָז קאַלטע וואַסער און זי באַשפּריצט אין פּנים. מרס. לעווין האָט זיך אַ ביסעל אָפּגעפרישט.

—באַרוהיגט זיך, מרס לעווין, דערווייל איז עס דאָך בלויז אַ פאַרדאַכט. איבעריגענס, ער איז ניט געווען אַליין, עס זיינען נאָך צוויי מיט אים אונטער דער קלאַגע. זיי האָבען זיך געוואָלט איינברעכען אין אַ געשעפט פון דימענטען, איז דער וועכטער דערשאָסען געוואָרען. נאַטירליך, ביים משפּט וועט מען אויסגעפינען ווער דער מערדער איז. טרוקען, פאַרשטעהט זיך, וועט ער ניט אַרויס, וויפיל ער קען קריגען קענען מיר פאָראויס ניט זאָגען... נאָר לאָמיר האָפען, אַז ער וועט איבערציינגען, אַז ער איז בלויז צוגעצויגען געוואָרען.

—מיין בעני אַ מערדער? מיין בעני—האָט זי שטיל גערעדט פאַרצווייפעלט און געציטערט.

—איר מוזט זיך באַהערשען, מרס. לעווין, ווייל איר זענט די איינציגע צו רעטען אייער זון, איר מוזט זיך שטאַרקען—האָט דזשאָנסאָן צו איר גערעדט און זי געוואָלט אויפמונטערען און איינגעבען מוט זי זאָל צו זיך קומען, און דערביי שטאַרק געליטען, זעהענדיג די ליידען פון דער אונגליקליכער פרוי. זי האָט זיך אַ ביסעל באַרוהיגט פון זיינע ליבע טרייסט־ווערטער און אָננעמענדיג זיין האַנט האָט זי געבעטען:

—אפשר איז מעגליך איך זאָל אים זעהן? מיין בעני, ער וועט מיר זאָגען דעם אמת, צי ער איז אַ מערדער צי ניין.

—איז עס מעגליך, שעף, זי זאָל אים זעהן? טוט עס מיר צוליב, אפשר וועט זי זיך באַרוהיגען גיכער.

—גוט, איך וועל זעהן, קומט מיט מיר.

ער האָט זיי אַריינגעפיהרט אין אַ דערבייאיגען גרויסען צימער, וואו די פאַרברעכער זיינען געווען, און פּאָליסלייט זיינען געזעסען מיט רעוואָלווערען אין די הענט און זיי געהיט. אַז דער שעף מיט דזשאַנסאַנ'ען און מרס. לווין זיינען אריינגעקומען האָבען זיי זיך אַרומגעקוקט. בעני איז געזעסען פּאַררוקט אין אַ ווינקעלע. אַז ער האָט דערזעהן זיין מוטער מיט דזשאַנסאַנ'ען, וועלכען ער האָט אַזוי פיינט געהאַט פון דער ערשטער מינוט וואָס ער האָט אים דערזעהן אין זיין הויז, האָט ער זיך נאָך טיפער פאַררוקט אין ווינקעלע און פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך וועלען באַהאַלטען אַז זיי זאָלען אים ניט דערקענען.

—בעני לעווין!—האָט דער פּאָליציי־שעף גערופען.

יענער האָט זיך ניט אָנגערופען און ניט געריהרט פון אָרט, נאָר זיך נאָך מער צוזאַמענגעקאַרטשעט.

—בעני לעווין, דיין מאַמע וויל מיט דיר רעדען!

מרס. לעווין האָט זיך אַרומגעקוקט און געזוכט צווישען די אַנדערע פאַרברעכער איר בעני'ן, איר איינציגען זון, אויף וועלכען זי האָט געהאָפט, אַז ער וועט זיין איר באַשיצער צו די עלטערע יאָהרען. היינט זיצט ער אונטער אַזאַ שווערער קלאַגע פון מאָרד צווישען מערדער און פאַרברעכער. זי האָט אים ענדליך דערזעהן, איז צוגעגאַנגען צו אים און מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָט זי וויינענדיג אויסגערופען:

—בעני, זון מיינער, דו ווילסט ניט רעדען צו דיין מאַמען?

בעני האָט נאָך אַלץ ניט געענטפערט.

—האָסטו גאָרניט וואָס צו זאָגען, צו רעדען צו דיין מאַמען? זאָג מיר, בעני, רעד!

—וואָס ביזטו געקומען מיך מאַטערען?—האָט ער ענדליך מיט אַ הייזעריגער שטימע אַרויסגערעדט.

—איך וויל, דו זאָלסט מיר זאָגען דעם אמת, זאָג אַז דו ביזט ניט קיין מערדער, דו ביזט ניט דער מערדער פון וועכטער?

—דאָס געריכט וועט עס אויסגעפינען!—האָט ער קורץ געענטפערט און מער ניט געוואָלט רעדען.

—הייסט עס אַז דו גיסט צו, אַז דו ביזט דער מערדער?!—האָט די אונגליקליכע קוים אַרויסגעקאַכט און זיך געטרייסעלט ווי אַ בלאַט

פון ווינט. ער האט קיין ווארט מער ניט גערעדט.

—קומט, מרס. לעווין, קומט אהיים, שטארקט זיך—האט געזאגט דזשאנסאן און ער האט זי אין א טעקסי אהיים געפיהרט.

אויפן גאנצען וועג האט ער זי געפרואווט צו טרייסטען. זי האט מער ניט געוויינט, ניט געקלאגט, נאר ווי א געהיים פייערל איז געלע־גען אין אירע אויגען און מיט וועהטאג האט זי פלוצלונג ארויסגערעדט:

—זיין טאטע איז ניט בעסער געוועזען...

דזשאנסאן האט איר אהיים געבראכט. ער אליין האט זיך געהאט זיינע אייגענע צרות, זיין הארץ איז געווען צעבראכען פון די פילע איבערלעבונגען, און דאס, וואס די ציגיינעריין האט אים געזאגט, אז ער שטאמט פון אן אנדער פאלק, האט אים ניט געלאזט רוהען... עס האט אים ווי א ווארעם געגריזשעט טראכטענדיג, צי איז ניט פאראן אמאל א קווינט אמת אין זייער ווארזאגעריי... אבער ווי קען עס זיין? זיין מאמע, אזא פרומע... אזא עהרליכע? ניין, אונמעגליך!

אזוי האט ער געטראכט און געוואלט דעם געדאנק פארטרייבען. און דא האט ער געדארפט זיינע זאכען אליין איינפאקען, ווייל מרס. לעווין איז געווען צופיל צעבראכען און ער האט ניט געקענט פארלאנגען פון איר עס צו טאן.

—אבער, ווי פאהרט מען איצט אוועק און מען לאזט איבער אזא אונגליקליכע פרוי אן יעדען מיטל, אן יעדער הילף?—האט דזשאנסאן געטראכט און זיין הארץ האט אים ניט דערלאזען דאס צו טאן. עס האט אים ניט געארט, וואס בעני איז ארעסטירט, ווייל אז א מענש לאזט זיך אויף דעם וועג, איז בעסער וואס פריהער אים אונשעדליך צו מאכען, אפצוראמען אים פון וועג איידער ער טוט פילע שרעקליכע פארברעכענס און טוט שאדען דער געזעלשאפט. עס האט דזשאנסאנ'ען וועה געטאן אויף דער אונגליקליכער מרס. לעווין, זי איז אזוי עלענט, האט ניט קיינעם אויף דער וועלט, אז דאס לעבען זאל זי צובינדען. די איצטיגע פארצווייפלונג קען זי נאך טרייבען צו זעלבסטמארד. עס האט אים טאקע געשראקען איר שטיל־שוויינען; זי רעדט ניט, זי קלאגט ניט, דער שטומער צער ליגט אונהיימליך אין אירע אויגען.

—גאט מיינער!—האט דזשאנסאן צו זיך אליין אויסגערופען—אזא גוטע, ארענטליכע נשמה, פארוואס קומט עס איר? פארוואס קומט איר אזוי פיל עלענט? פארוואס זאל זי ליידען אזוי פיל?—און ער האט

געפיהלט, ווי אַ גרויסע, שווערע עולה ווערט באַגאַנגען נעגען אַט דער טייערער, ליידענדער פרוי.

—הערט אויס, מרס. לעווין, פאָלגט מיך, עסט עפּעס און לייגט זיך אָפּרוהען, און איך וועל באַשטעלען אַן אַדוואָקאַט פאַר בעני'ן. איר וועט זען, מען וועט אים רעטען. עס קען זיין, אַז די פאַרצווייפלונג האָט אים אַזוי געבראָכען, אַז ער האָט ניט געוואָלט רעדען, אָדער אפשר איז ער גאָר ניט שולדיג אַזוי פיל. די צוקונפט וועט עס באַווייזען.

—ער איז אַ פאַרלאָרענער—האָט זי מיט מיה אַרויסגערעדט און געדרייט מיטן קאָפּ.

—נו, אַ גוטען טאָג! כ'וועל דאָ שפּעטער זיין, מרס. לעווין—האָט דזשאַנסאַן שטיל געזאָגט און איז אַרויס פון הויז.

זיינען אידען. דר. סמיט איז מיין בעסטער און טייערסטער פריינד

## דרייסיגסטער קאַפּיטעל

אַרום פינף אַ זייגער פאַרנאַכט איז דזשאַנסאַן צוריקגעקומען. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט צו וויסען, וואָס די אונגליקליכע טוט, צי זי האָט זיך אַ ביסעל באַרוהיגט. אַז ער האָט געוואָלט עפענען די טיר, איז די טיר געווען פאַרשלאָסען. ער האָט געפּרואווט עפענען מיט זיין שליסעל, האָט ער אויסגעפונען, אַז די טיר איז פאַרשלאָסען פון אינעווייניג. עס האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצען פאַר שרעק. ווי עפּעס וואָלט אים געזאָגט, אַז דאָ איז אַן אונגליק, אַז ניט אומזיסט איז די טיר פון אינעווייניג פאַרשלאָסען, ווייל ווען זי לייגט זיך אפילו שלאָפען קען ער די טיר עפענען מיט זיין שליסעל, און אַצינד אַרבעט ער שוין אַ פּאָר מינוט און קען ניט אויפשליסען. ער האָט געקלאַפּט אין טיר, אָבער קיין ענטפער איז ניט געקומען. ער האָט צוגעלייגט זיין אויער צום טיר, און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט אַ שווער אָטעמען, עהנליך צו אַ קרעכצען אָדער כאָרכלען. ער האָט ווידער געקלאַפּט און גערופען, אָבער קיין ענטפער איז אַלץ ניט געקומען. אַ שכן איז אַרונטערגעקומען פון אַ העכערען שטאָק און האָט גע־פרעגט:

—איר וואוינט נאָך אַלץ דאָ?

—יאָ, וואָס איז דען?

—קיין פיינערען פּלאַץ קענט איר ניט געפינען?

—דער פלאץ איז פאר מיר גאנץ גוט, איך בין צופרידען—האט דזשאנסאן געענטפערט.

—טאקע, גוט ביים מערדער'ס מאמע צו וואוינען...

—זי איז ניט שולדיג, וואס איר זון איז שלעכט, ער האט זיך געהאדעוועט אויף דער זעלבער גאס מיט אייערע און אנדערע קינדער.

—מיינע ינדער? רעספעקט פאר מיינע קינדער! מיין זון איז א קינסטלער אויף דער פיאנא, ער וואקסט א געני.

—זעהר שיין, איך פרעג אייך אצינד ניט אויף אייער יחוס. העלפט מיר בעסער עפענען די טיר.

—איך זאל אייך העלפען? רופט א פאליסמאן, וועט ער אייך העלפען אויפעפענען די טיר.

—נו, רופט א פאליסמאן, ווייל דא מוז זיין אן אונגליק.

—איך געה שוין—האט געענטפערט דער שכן און איז אוועק רופען א פאליסמאן. אין א פאר מינוט ארום איז דער שכן צוריק־געקומען מיט א פאליסמאן און עס האט ניט לאנג גענומען און מען האט די טיר געעפענט. מען האט געטראפען מרס. לעווין זיצען אויף א בענקעל, דעם קאפ פארווארפען אויף הינטען מיט דער גאז־רער אין מויל. ס'פנים איז געווען ביי איר בלייך, די אויגען ווייט צעעפענט, ווי זיי וואלטען געוואלט ארויסשפרינגען פון די אויגען־לעכער. אז מען האט געעפענט די טיר האט די גאז אלעמען א זעץ געטאן אין פנים אריין, אז זיי האבען זיך צוריק א ציה געטאן. דער פאליסמאן האט צעעפענט אלע פענסטער און טירען, דזשאנסאן איז צוגעלאפען צו מרס. לעווין, ארויסגעכאפט פון איר מויל די גאז־רער, פארמאכט די גאז און איר צוגעשלעפט צו אן אפענעם פענסטער. ער האט מיט א קלאפנדען הארץ איר אנגעטאפט דעם דופק און דערפיהלט, אז זי לעבט נאך.

—אפיסער, זי לעבט נאך! געשווינד אן אמבולאנס!

—יעס סער!—האט דער פאליסמאן געזאגט און איז ארויסגעלאפען פון הויז אפרופען אן אמבולאנס.

דערווייל זיינען זיך צוזאמענגעלאפען שכנים. עס איז געווא־רען א טומעל, א גערודער, פרויען האבען זי באדויערט, א טייל האבען זיך געווישט די אויגען פון טרערען, זעהענדיג די שרעקליכע טרא־געדיע פון א מאמען... עס האט לאנג ניט גענומען און אן אמבולאנס

דאָקטאָר איז געקומען און מען האָט איר אָפּגעמונטערט, עס האָט אָבער לאַנג גענומען זי צוריק צום לעבען צו ברענגען, אָבער נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מען איז געווען זיכער, אַז זי איז נאָך ניט אין גאַנצען טויט. זי איז אָבער געווען מער טויט ווי לעבעדיג.

ווען מען האָט איר געבראַכט אין שפּיטאָל האָבען די דאָקטוירים שווער געאַרבעט אַרויסצופּאַמפּען די גאַז פון איר, אָבער לײדער איז זי געבליבען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז זי האָט ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט איר. זי איז אַרײַן אין אַ שווערער היציגער קראַנקהײט. דזשאָנסאָן האָט דערוויייל אויפגעגעבען דאָס פאַהרען אהיים קײן באָס־טאָן ביז ער וועט ניט זעהן מרס. לעווין בעסער פון איר קראַנקהײט ער האָט געבראַכט דר. סמיט׳ן אין האָספּיטאָל זי צו באַהאַנדלען.

—מיר מוזען רופען אַ פּאָר דאָקטוירים צו אַ באַראַטונג פּאַר אַ קאָנסיליום וועגען דער קראַנקער—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט, זעהענ־דיג ווי זײַן פרײַנד דר. סמיט מאַכט אַ טריבע מינע ביים באַטראַכטען זי.

—עס איז ניט אַזוי געפעהרליך, נאָר אַז דו ווילסט קענען מיר עס טאָן—האָט דר. סמיט געזאָגט.

דזשאָנסאָן האָט איבער איר געוואַכט ווי געטרײַער זון איבער זײַן מוטער. ער פלעגט זיצען שטונדען לאַנג לעבען איר בעט און זעהן, איך זאָל קײן זאַך ניט פעלען. זיצענדיג אַזוי לעבען איר בעט פלעגט ער זיך צוהערען צו די אונפאַרשטענדליכע רייד, וואָס די קראַנקע האָט גערעדט פון היץ.

—מײַן אַלבערט, מײַן ליבער מאַן! וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזען? פאַרלאָזען — — אַן עלענדע — — — דײַן קינד, דײַן זון אין גאַנצען אין דיר געראָטען — — אַ פײַער — — אַ פײַער!—האָט זי געשריען און זיך שטאַרק אויפגערעגט. דזשאָנסאָן האָט איר מיט געוואַלט מיט דער הילף פון אַ באַרעמהערציגער שוועסטער געגעבען מעדיצין צו באַרוהיגען איר שטאַרקע היץ. אַז זי איז געבליבען ליגען רוהיגער האָט דזשאָנסאָן זי באַטראַכט, ווי זי איז געלעגען מיט פאַרמאַכטע אויגען, אײַנגעפאַלענע באַקען , וואו עס האָט געשפּילט אַ רויט פײַערעל מיט רויטע שוואַרצע פלעקען. דאַ האָט זיך דזשאָנסאָן דערמאָנט אַן דעם חלום, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק, ווען עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער רעדט מיט מרס. לעווין וועגען אַ פײַער.

—הלוואי זאָל איך זי טאָקע רעטען פון דעם פײַער, אין וועלכען

זי געפינט זיך איצט—האט ער געטראכט, קוקענדיג אויף דער קראנקער מיט טרערען אין זיינע אויגען און מיט א צעבראכען הארץ.

—איז די קראנקע דיינע אן אייגענע?—האט די בארמהערציגע שוועסטער, וואס האט באזארגט די קראנקע געפרעגט מיט מיטגעפיהל, זעהענדיג ווי ער ליידט און וויפיל מיה ער גיט זיך לעבען דער קראנקער.

—ניין, איך האב ביי איר געוואוינט אין א צימער.

—עס איז זעלטען, אז א פרעמדער זאל צייגען אזא טריישאפט—האט די בארמהערציגע שוועסטער געזאגט וואונדערענדיג זיך.

—זי האט קיינעם ניט, זי איז זעהר עלענד און אונגליקליך.

—דא קומען אלע מאל עלענדע און אונגליקליכע, און אפילו ווען זייערע קרובים קומען, שאקלען זיי מיטן קאפ, באדויערען און געהען אוועק. זעלטען ווער עס ברענגט עפעס, סיידען א מאל א פאר בלומען. יא, אזוי איז עס דא.

—איך באדויער די מענשען, וואס האבען ניט קיין גרעסערען געפיהל פאר אונגליקליכע. די דאזיגע פרוי איז מער אונגליקליך, ווי טויזענטער אנדערע אונגליקליכע—האט דזשאנסאן געזאגט א פאר־טראכטער.

מיט א טאג שפעטער, אז דזשאנסאן איז געקומען צו דער קראנ־קער אין האספיטאל און האט זי באטראכט, האט ער באלד גע־זעהן אין וואס פאר א לאגע זי געפינט זיך, אז זי איז ניט בעסער, נאר אפשר פיל ערגער, אז זי איז זעהר שלאף. האט ער באזארגט א פרעג געטאן דער בארמהערציגער שוועסטער:

—ווי האט זי פארבראכט די נאכט?

—זעהר אונרוהיג. א גאנצע נאכט האט זי זיך געווארפען פון היץ און גערעדט אונפארשטענדליכע רייד, געשריען „בעני! בעני!"—האט די בארמהערציגע שוועסטער דערציילט—ערשט פארטאג האט זי זיך א ביסעל בארוהיגט און אט אזוי ליגט זי ווי איר זעהט.

—ארעמע מאמע נעבאך! זי רופט עס איר זון, וועלכער איז ניט ווערט די ליבע פון אזא גוטער נשמה—האט דזשאנסאן געזאגט.

ער האט זיך אריבערגעבויגען איבער דער קראנקער, וועלכע איז געלעגען מיט פארמאכטע אויגען און טריקענע ליפען, און ער האט צורעכט געמאכט דעם קישען אונטער איר קאפ. דאן האט ער געפרעגט:

—איז אפשר צייט איר צו געבען די מעדיצין?—און ער האט א קוק געטאָן אויפן זייגער.

—יא, מען דאַרף איר געבען די מעדיצין—האָט די באַרמהערציגע שוועסטער געזאָגט און באַלד האט זי געבראַכט א קלאָרע גלאָז וואַסער און א קליין גלעזעלע מיט געלע מעדיצין און דזשאַנסאָן האט איר געהאָלפען איינגעבען. די קראַנקע האָט געעפענט די אויגען אויף א ווײַלע, וועלכע האָבען אונהיימליך געבלאַנדזשעט איבער אַלעם און דזשאַנסאָנ'ען ניט דערקענט. דזשאַנסאָן האט דערפיהלט א שטאַרקען וועהטאָג, זעהענדיג ווי די אונגליקליכע מוטער ליידט.

—איך דענק צו רופען א קאָנסיליום—האָט דזשאַנסאָן געזאָגט צו דער באַרמהערציגער שוועסטער..

—אונזערע דאָקטוירים טוען דאָס בעסטע, אויב אָבער איר דענקט, אז עס איז נויטיג א קאָנסיליום, טאָ רופט.

—איך געה שוין צופאָהרען צו מיין פריינט דעם אַלטען דאָקטאָר, וועלכער איז דאָ נעכטען געווען, און מיר וועלען זיך בעראַטען.

—איר קענט אים דאָך אָפּרופען אויפן טעלעפאָן, צו וואָס פאָהרען און פאַרלירען צייט?

—איר זענט גערעכט, איך געה שוין אָפּרופען מיין פריינד.

פּלוצלונג איז דזשאַנסאָן איבערראשט געוואָרען, ווייל דר. סמיט איז אריינגעקומען ווי פון הימעל אַראָפּ.

—דר. דזשאַנסאָן, דר. סמיט איז דאָ—האָט די באַרמהערציגע שוועסטער אויסגערופען ערפרייט.

—דר. סמיט! אָ, גאָט אַליין האָט אייך איצט געבראַכט אַהער!—האָט דזשאַנסאָן אויסגערופען און ביידע פריינד האָבען זיך דערלאַנגט די הענט—איך האָב אייך איצט געוואָלט אָפּרופען.

—וואָס הערט זיך?

—שלעכט, זעהר שלעכט—האָט דזשאַנסאָן מיט א ציטערדיגען קול געזאָגט.

—זעהסט גאָר ניט וועמען איך האָב דיר געבראַכט?

—אָ, מיין גאָט, מאַמע! העלען! ווי קומט איר אַהער?

—אָט, מיר זיינען געקומען זעהן, ווי דו ביזט געוואָרען א קראַנקען־וועכטער—האָט די מוטער אויסגערופען סאַרקאַסטיש.

—אָ, עס איז אַן איבערראשונג פאַר מיר!—האָט דזשאַנסאָן

געזאגט און האט דער מוטער א קוש געטאן.

—און דו ביזט אויך געקומען זעהן מיך אלס א קראנקען־װעכטער?

—האט דזשאנסאן געפרעגט ביי זיין כלה העלען.

—דיין מאמע האט מיך מיטגענומען.

—וואס מאכסטו? ווי פיהלסטו?

—גאנץ גוט.

—ווען זענט איר געקומען קיין ניו יארק?

—אט, דא ניט לאנג—האט זיך דר. סמיט אנגערופען—זיי האבען זיך ניט געוואלט אפּרוהען, נאר גלייך געלאפען דיך זעהן.

—יא, ווי געטריי דו ארבעטסט ארום אן ארעמער אידישער פרוי—האט העלען זיך אנגערופען.

—יא, מיין זון, איך בין געקומען זעהן, ווי דו ביזט א קאנקען־װעכטער פון עפּעס א אידישער פרוי—האט די מוטער אויסגערופען מיט שפּאט און געקוקט אויף אים פון אויבען אראפּ.

—קיין אונטערשייד, צי זי איז א אידישע אדער וואסערע עס איז, זי איז אן אונגליקליכע עלענדע נשמה...

—דו ביזט דא, אפנים, געווארען א פארטרעטער פון גאט און פון זיין פאלק די אידען צו העלפען זיי אין זייערע צרות—האט העלען זיך אנגערופען סארקאסטיש.

—דו ביזט אהער געקומען זיך צו קריגען מיט מיר?

—האסטו עס דען ניט פארדינט?—האט זיך די מוטער אנגערופען.

—דו וועסט נאך צייט האבען פאר דעם—האט דזשאנסאן שטיל ארויסגערעדט—ניט איצט און ניט דא. דער טויט שוועבט איבער דער אונגליקליכער קראנקער פרוי.

—וואס זאגסטו ניט צו אים, העלען? אויף אלעמען האט ער רחמנות, נאר ניט אויף זיין מאמען—האט זי זיך שיעור ניט צעוויינט.

—זארגט זיך ניט, איך וועל אים אהיים נעמען, די יונגענד, דאס לעבען איז בילכער פון די, וואס האלטען שוין אזוי ווייט, אז זיי האבען זייערס אפּגעלעבט.

....

—איר האט א טעות, מיס ראגנען, איך פאהר ניט אוועק פון ניו יארק, ביז וואנען איך וועל ניט זעהן וואס מיט דער אונגליקליכער איז געווארען—האט דזשאנסאן א זאג געטאן מיט א פעסטער שטימע.

—איז זי כאטש א שעהנע, יונגע פרוי?—האט העלען געפרעגט מיט

שפּאָט, ווי וועלענדיג אים וועה טאָן דערמיט.

—זי איז אַן אונגליקליכע מאַמע מיט אַ שעהנער עהרליכער נשמה —האָט דזשאָנסאָן מיט טיפען ערענסט געזאָגט און ער האָט געפיהלט, אַז זיין האַרץ ווערט אים שיעור ניט צעריסען פאַר שמערץ און וועהטאָג.

אָרעמער דזשאָנסאָן, ער האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס רעדט אין אים דאָס געפיהל, דער אינסטינקט פון אַ קינד צו זיין מאַמען...

—אַלע אַנדערע האָבען ביי אים אַ גרעסערען ווערט ווי זיין איי־גענע מאַמע—האָט די מוטער געזאָגט מיט כעס—בעסער קוק זיך אָן, ווי דו קוקסט אויס מיט אַ צעהן יאָהר עלטער.

—אמת, איך האָב מער דורכגעלעבט אין דער קורצער צייט אין ניו יאָרק, ווי אין באָסטאָן פאַר דער גאַנצער צייט.

—ווי אָפּגעלאָזען זיינע קליידער זיינען אויף אים, ניט צו דערקענען.

—נו, קום, מאַך זיך פאַרטיג, וועלען מיר פאָהרען—האָט העלען אים געזאָגט—שוין צייט אַהיים צו פאָהרען.

—ניין, ניט איצט, איך קען איצט ניו יאָרק ניט פאַרלאָזען, ביז איך וועל אָט דער אונגליקליכער ניט העלפען. זי האָט קיינעם ניט מען זאָל איר העלפען.

ביי די ווערטער איז אָנגעקומען מרס. גאָלד מיט לילי'ן אין האָס־פּיטאָל צו זעהן דער קראַנקער. זיי זיינע צוגעקומען צו דזשאָנסאָנ'ען און פאַרזאָרגטע געפרעגט:

—וואָס הערט זיך, מר. דזשאָנסאָן? ווי פיהלט זי?

—דערווייל ניט גוט—האָט דזשאָנסאָן געענטפערט אַ באַטריבטער.

—אַנקעל סמיט איז דאָך דאָ!—האָט לילי אַ דערפרעהטע אויס־פען און איז צוגעלאָפען צום אַלטען דאָקטאָר.

—אַ, לילי, דו?

—יאָ, אַנקעל, איך און די מאַמע. וואָס הערט זיך, אַנקעל? וואָס טוט זי?—האָט לילי געפרעגט מיט אַ שטאַרק פאַראינטערעסירטען טאָן.

—אָט, גאָט וועט העלפען.

—מיין אונגליקליכע קוזינע!—האָט מרס. גאָלד זיך צעוויינט.

—מרס., וויינט ניט!—איז צו איר צוגעקומען אַ באַרמהערציגע שוועסטער—די קראַנקע רעגען זיך אויף, ווען זיי הערען וויינען.

—אָט האָט זי דאָך אַ קוזינע, און דו זאָגסט, אַז זי האָט קיינעם ניט—האָט די מוטער דזשאָנסאָנ'ען פאַרגעוואָרפען.

—נאר איצט איז זי געקומען וויינען, אז זי איז געווען געזונט האט מען זי ניט געזעהן.

—וואס זיינען זיי צו דר. סמיט'ן, וואס זיי רופען אים אנקעל?

—דאס זיינען די קרובים, וואס דר. סמיט האט אויסגעפונען אין ניו יארק אונפארהאפט—האט דזשאנסאן געזאגט און האט פארגע־שטעלט מרס. גאלד און לילי'ן פאר זיין מוטער און העלען:

—דאס איז מרס. גאלד און מיס לילי גאלד, וועגען וועלכע איך האב אייך געשריבען, אז איך האב זיך באקאנט מיט א זעהר פיינער פאמיליע, און זיי האבען מיך די גאנצע צייט אויפגענומען זעהר פיין. זעהר און זעהר א פיינע פאמיליע.

—איז דאס די שעהנע לילי, וואס מען האט מיר געשריבען, אז דו געהסט מיט איר ארום און אז זי איז דיין נייע געליבטע?—האט העלען געפרעגט סארקאסטיש.

—מיס. ראגען, איר זאלט זיך עס ניט וואגען צו ערלויבען! מיס גאלד איז מיין פריינדין!—האט דזשאנסאן אויסגערופען א בייזער.

—קוק, קוק, ווי ער ערגערט זיך עס איבער דער אידישער מיידעל —האט העלען געלאכט.

—די אידען זיינען פיינער און עהרליכער ווי אייערע מיליאנערען— האט דזשאנסאן אויסגערופען מיט ערענסט.

—איז דאס די מיליאנערסקע כלה זיינע?—האט לילי געפרעגט ביי דר. סמיט.

—יא—האט דר. סמיט א נויג געטאן מיטן קאפ אויף יא.

—איך האב עס ערוואַרט צו הערען פון אים. נו, איצט וויים איך, אז עס איז אמת, וואס מען האט מיר געשריבען, אז די אידען פיהרען אראפ יונגעלייט פון וועג און נעמען זיי צו פון זייערע כלות. איר זענט אויך דורך איר צעלאזען געווארען—האט העלען געזאגט.

—שווייגט, איך וויל עס ניט הערען! א ליגען! די אידען האבען מיך געלערנט מענשליכקייט און הומאניטעט...

—איך זעה עס טאקע—האט די מוטער זיך שפאטיש אנגערופען.

—אוי, זיי זיינען אנטיסעמיטען!—האט לילי שטיל א זאג געטאן צו דר. סמיט'ן.

—וועה, וועה, ווי זיי האבען אים אראפגעפיהרט פון וועג— האט די מוטער געקלאגט—פארפיהרט, פארפיהרט אים.

—ניט אמת, מאמע, זיי האבען מיך געלערענט מענשליכקייט!...

—אט האבען זיי דיך געלערענט צוזונעמען א חתן פון זיין כלה!—האט מיס ראגען מיט כעס אנגעדרייטעט אויף לילי׳ן.

—א געמיינער ליגען! ווען איך בין דער בעסטער און גרעסטער מענש, וואלט זי מיך אויך ניט וועלען, ווייל איך בין א קריסט.

—זיינען זיי, הייסט עס, נאך די יחסנים?—האט העלען געלאכט סארקאסטיש.

—זיי זיינען מער יחסנים ארעמערהייט, ווי די רייכע רייכערהייט.

—איצט וויים איך, אז עס איז אמת, וואס מען האט געזאגט, אז עס איז ניט געבליבען קיין גערעכעניש פון יענעם גוטען אל.

—ער איז בעסער און עהרליכער פון אייך, מיליאנערסקע מאדאם, כאטש איך קען אייך ניט. וואלט ער געווען א איד, מעגט איר זיין זיכער, אז מיר וואלטען זיך מיט אים ניט געווארפען—האט מרס. גאלד זיך אנגערופען מיט אן ערענסטען קול.

—דו, אונפארשעמטע, דו האסט מיין זון רואינירט!

—מאמע, דו זאלסט זיי ניט באליידיגען! זיי זיינען בעסער ווי אייערע פיינע מיליאנערען.

—א, ווען דאס איז ניט אין א שפיטאל! אין אזא פלאץ קען מען קיין סקאנדאל ניט מאכען, ווייטער וואלט איך איר דא געצייגט ווער עס איז בעסער, מיר צי זיי.

—און איך וואלט דער יונגער געוואלט ארויסרייסען אלע האר—האט העלען געקריצט מיט די צייהן...

—איר זאלט רעספעקט האבען פאר די פרויען, כאטש איר זענט מיליאנערסקע טעכטער!— האט זיך דאקטאר סמיט ארייגעמישט—איר זענט ניט ווערט צו שטעהן לעבען זיי... דאס זיינען מיינע אייגענע.

—אנקעל, רעגט זיך ניט אויף, עס איז ניט ווערט.

—קום, לילי, קום. גוד ביי!—האט מרס. גאלד געזאגט און אננעמענדיג לילי׳ן ביים האנט זיינען זיי ביידע אוועקגעגאנגען.

—זעה, ווי שטאלץ דאס איז נאך!—האט העלען געזאגט.

—זיי מעגען זיין שטאלץ!—האט דר. סמיט געזאגט און געווארפען א פאראכטענדען בליק צו דער מיליאנערסקער מיידעל—אט אזוי זיינען זיי, די ארעמע אידען, זיי זיינען ארעם, אבער שטאלץ, דעם שטאלץ זייערען וועלען זיי ניט אוועקגעבען פארן בעסטען...

—און איך זאג אייך אפען, ווען איך קען קריגען דאס ארעמע אי־דישע מיידעל, וואלט איך אייך מוחל געווען אלע אייערע מיליאנען. ליידער איז זי צו שטאלץ און צו פרום און רעליגיעז—האט דזשאנסאן א באטריבטער געזאגט.

—אזוי? נו קענסטו דאך ווערען א איד און זי וועט דיך נעמען!—האט העלען ארויסגעפלאצט מיט א פייער—נו, איך האב שוין גענוג פון אייך געליטען. איך געה!

—נו, נו—האט דזשאנסאן באמערקט, ווי אים וואלט עס אין גאנצען ניט אויסגעמאכט.

—וואס טוסטו? ביזט משוגע געווארען?—האט מרס.דזשאנסאן זיך צעשריען.

—שאט, שאט, ניט דא!—האט דר. סמיט געזאגט—פארגעסט ניט וואו איר געפינט זיך. געהט אהיים, וועט איר זיך דורכרעדען.

—איך האב שוין ניט וואס צו רעדען—האט מרס. דזשאנסאן זיך אנגערופען מיט א שרעקליכען כעס—איך פאר אהיים און וויל פון אים ניט וויסען מער, זאל ער זיך לעבען מיט די אידען.

—זאגט נאך אייןווארט, מרס. דזשאנסאן, און איך וועל נעמען אייער ווארט—האט מיט ערענסט זיך אנגערופען דר. סמיט.

—יא, איך זאג עס, און ער וועט ניט זיין מיין יורש.

—אזוי?—האט זיך דר. סמיט אנגערופען מיט סארקאזם—נו, וועט ער זיין מיין יורש, און זאל די גאנצע וועלט עס וויסען... יא!

—וואס זאל זי וויסען?—האט מרס. דזשאנסאן א פארציטערטע געגומען שטאמלען—איר זענט אלעמאל געווען מיין פריינד, דאקטאר, וואס איז איצט געווארען?

—איצט בין איך ניט מער אייער פריינד. איצט זעה איך וואס איר זענט און ווער איר זענט...

—אבער, דאקטאר, איך האב גאר ניט געמיינט, איך שווער, אז איך האב גאר ניט געמיינט—האט זי א דערשראקענע געשטאמעלט.

—אז איר מיינט ניט, זאלט איר ניט רעדען וואס מען דארף ניט—האט דר. סמיט מיט א פעסטען טאן איר אפגעענטפערט.

אל. דזשאנסאן איז געשטאנען און ניט פארשטאנען קיין ווארט פון די פארוואורפען, וואס זיין מוטער און זיין טרייער פריינד האבען זיך געמאכט, נאר ווי א בליץ האט אין זיין מוח זיך אנגעצונדען א

גערדאַנק: די געשיכטע מיט דער ציגיינערין, וואָס האָט אים געזאָגט וועגען זיין געבורט, אַז אין זיינע אָדערען רינט ניט דאָס בלוט פון דער נאַציאָן, וועלכע ער מיינט, אַז ער געהערט צו איר, און וועלכע האָט אים ערצויגען... אַ מינוט לאַנג האָט ער געטראַכט, קוקענדיג אויף זיין מוטער און אויף זיין פריינד דר. סמיט.. נאָר מיט אַלע כוחות האָט ער זיך אָנגעשטריינגט און געפּרואווט אָפּצושאָקלען זיך פון דעם גערדאַנק...

—נו, אַ גוטען טאָג, אַלעקסאַנדער! וועסט באַלד זיין אין האָטעל?

—יאָ, איך וועל קומען—האָט דזשאָנסאָן קורץ געענטפערט זיין מוטער און זיך געווענדעט צו זיין פריינד דר. סמיט, וועלכער איז גע־שטאַנען אַ פאַרטראַכטער, ווען די מרס. דזשאָנסאָן איז אַ דערשלאָגענע און אַ נערוועזע אוועקגעגאַנגען פון האָספּיטאָל:

—מיין ליבער פריינד, מיר מוזען רופען אַ קאָנסיליום, מיר מוזען העלפען דער אונגליקליכער קראַנקער פרוי..

—לאָמיר אריינגעהן איר באַטראַכטען—האָט דר. סמיט געזאָגט און זיי ביידע זיינען אריינגעגאַנגען צו דער קראַנקער מרס. לעווין.

—יאָ, מען מוז גלייך רופען אַ קאָנסיליום—האָט דר. סמיט מיט ערענסט געזאָגט—דו געה צו זיי אין האָטעל, שיק זיי אַוועק, און איך וועל זעהן, אַז אַלעס זאָל באַזאָרגט ווערען.

—אַ, ליבער פריינד, ווי גוט איר זענט—האָט דשאָנסאָן הארציג אַ זאָג געטאָן צו דר. סמיט'ן און זיך שיעור ניט צעוויינט, און ער האָט דערביי אָנגעכאַפּט זיין האַנט און זי פעסט געדריקט צו זיין האַרץ.

—אָרעמער! ווי ער ליידט נעבעך!—האָט דר. סמיט געקלערט—ווי לייכט איך וואָלט עס אים געקענט העלפען.. אָבער אויף וואָס פאַר אַ וועג? וועט ער דען זיין גליקליכער? אפשר נאָך מער אונגליקליך. אָד, ווען עס זאָל זיך מאַכען אַ צופאַל און עס זאָל אויפגעבונדען ווערען דער קנופּ פון זיין געבורט... אַ גאָט!—און ער איז צוריקגעגאַנגען צו דער קראַנקער.

די קראַנקע מרס לעווין האָט געעפענט אירע פאַרגלאָזערטע אויגען און געקוקט אַרום זיך, און פון היץ גענומען רעדען און מורמלען די אָפּגעריסענע ווערטער:

—אַלבערט! מיין אַלבערט! — —דיין — דיין קינד! קינד! יאָ. ניט מיין שולד — — פאַרקויפט — — פאַרקויפט דיין קינד. ווי דו

קוקט ער אוים — — ווי דו — — איך זיך געמוזט שיידען — — פון דיין קינד — — אונזער קינד — — האסט מיך פארלאזען פארוואס? בעני — — א מערדער — — ניין ניט קיין מערדער!

ביי די לעצטע עטליכע ווערטער האט זי זיך שטארק אויפגערעגט. באלד האט די בארמהערציגע שוועסטער איר געגעבען א ביסעל מעדעצין, פון וואס זי איז געבליבען ליגען שטיל א וויילע.

—אונגליקליכע פרוי—האט דר. סמיט געזאגט—די היץ איז געשטיגען, איך דענק צו רופען א קאנסיליום, ווייל זי איז זעהר קראנק.

דר. סמיט איז אוועק אין אפיס פון האספיטאל צו בעראטען זיך וועגען דער קראנקער.

—די פרוי מוז זיין זעהר אונגליקליך—האט די בארמהערציגע שוועסטער זיך אנגערופען צו דר. סמיט—זי שרייט כסדר פון א פארקויפט קינד, עפעס א קינד, וואס זי זאל האבען פארקויפט.

—ווער ווייסט, וואס פאר א טראגעדיע עס איז מיט דער פרוי פארבונדען?—האט דר. סמיט איר געענטפערט און ער האט זיך דערמאנט אן זיין יונגען פריינד דזשאנסאן, און ער האט געטראכט:

—יא, ער איז אויך א קרבן פון עפעס א טראגעדיע פון לעבען. ער האט נעבאך צו ליידען און וועט אפשר ליידען א גאנץ לעבען פאר זיינע עלטערנ'ס זינד... אט איז עס ניט טראגיש, אז ער קען זיך ניט פארבינדען מיט דער, וואס זיין הארץ וויל?

—וואס האט איר זיך אזוי פארטראכט, דאקטאר?—האט איהם א יונגער דאקטאר, וועלכער איז נאר וואס צוגעקומען באטראכטען די קראנקע, געפרעגט.

—איך דענק, מיר זאלען רופען נאך צוויי דאקטוירים צו בעראטען זיך וועגען דער קראנקער—האט דר. סמיט געזאגט.

—איך מיין, אז ס'איז ניט נויטיג, דאקטאר, זעהט איר דען ניט, אז מיר האבען אלעס אנגעווענדעט און עס איז ניט מעגליך צו ברעכען די היץ. דאס פייער ברענט אוים דעם לעצטען טראפען בלוט, וואס זי האט אין זיך...

—און איך דענק, דאקטאר, אז עס איז יא נויטיג—האט דר. סמיט אויסגערעדט מיט א פעסטער שטימע.

—ווי איר ווילט, דאקטאר—האט יענער געענטפערט און געצווינגען

מיט די אקסלען, ווי ער וואלט ניט פארשטעהן צו וואס ער טוט דאס.

—יא, מיר וועלען רופען א קאנסיליום, ווען שוין אפילו נים צו רעטען דער אונגליקליכער פרוי, ווי איך האב פארשפראכען מיין פריינד דזשאנסאן. איך מוז עס טאן.

## איין און דרייסיגסטער קאפיטעל

ווען דר. סמיט איז צוריקגעקומען אין האטעל פענסילווייניע, וואו ער איז איינגעשטאנען, און ער האט געוואלט געהן צו זיך אין צימער, האט זיך געעפענט א טיר פון צימער און מרס. דזשאנסאן האט האט אויסגערופען:

—איך האב געוואוסט, אז דאס געהט איר, דאקטאר.

—ווי אזוי האט איר עס געוואוסט, אז דאס בין איך?

—א, איך דערקען שוין אייערע שטילע טרים, דאקטאר. קומט אריין, מיר ווארטען אויף אייך.

דר. סמיט איז אריינגעקומען און א מידער זיך אוועקגעזעצט. ער האט באלד דערקענט אין דזשאנסאנ׳ען און העלען ראגען, וועלכע האבען זיך דא געפונען, אז זיי האבען געמוזט האבען א העפטיגען דורכרייד. דזשאנסאן האט אבער באלד אין אלעם פארגעסען, און איז שנעל צוגעלאפען צום דאקטאר און אויפגערעגט אים געפרעגט:

—נו, וואס הערט זיך? האט איר געהאט א קאנסיליום?

—יא.

—וואס הערט זיך?

—מיר וועלען זעהן.

—וואס דענקט איר, דאקטאר, וועט די קראנקע אויסהאלטען דעם קריזיס? איז זי שטארק גענוג דערפאר?

—זעהר שווער צו וויסען. זי איז זעהר אן אויסגעמאטערטע פערזאן, און עס איז שווער צו זאגען, צי זי וועט אויסהאלטען.

—אזוי?! אונגליקליכע פרוי—האט דזשאנסאן אויסגערופען און עס האט זיך געהערט פארצווייפלונג אין זיין שטימע.

—איר זעהט, דר. סמיט, א פרעמדע פרוי און א אידישקע דערצו באדויערט ער מער, ווי זיין אייגענער מאמען—האט מרס. דזשאנסאן מיט פאבארגענעם כעס זיך אנגערופען.

—און אויך מער ווי זיין כלה—האט העלען געזאגט מיט פאר־דרוס—מיר ווילען, אז ער זאל מיט אונז מיטפאהרען אהיים, וויל ער ניט.

—איך קען ניט פאהרען, ביז איך וועל ניט זעהן וואס מיט דער אונגליקליכער קראנקער פרוי איז געווארען—האט דזשאנסאן געזאגט מיט הארץ—זי האט מיך באהאנדעלט ווי אן אייגענע מאמע, ווען איך בין ביי איר געלעגען קראנק פון דעם אטאטמאביל צופאל.

—וואס? און מיר האבען אפילו ניט געוואוסט דערפון האט מרס. דזשאנסאן זיך א כאפ געטאן.

—יא, זי האט מיך די גאנצע צייט געדינט געטריי. זי איז אזוי עלענד, איך קען זי ניט לאזען אין אזא לאגע.

—זארג ניט, מען וועט זי באגראבען אן דיר—האט מרס. דזשאנסאן געזאגט—דו קום אהיים. קום, לאמיר אלע צוזאמען פאהרען אהיים.

—וואס האט איר זיך צו ערגערען, מרס. דזשאנסאן? עס האנדעלט זיך בלויז אין א פאר שטונדען... איך אליין קען זיך ניט פאסען אוועק־צופאהרען, ביז איך וועל ניט זעהן דעם אויסגאנג פון קריזיס...

—איך זענט אפנים ביידע משוגע פארליבט אין דער אלטער אידישקע, אין דער מכשפה—האט מרס. דזשאנסאן גיפטיג אויסגערופען.

—מרס, דזשאנסאן, איך וועל אייך בעטען איר זאלט זיך קאנטרא־לירען—האט דר. סמיט אויסגערופען מיט פארדרוס.

—צו וואס טויגען דיר די טענות, מאמע, דו ווילסט ווארטען קענסטו ווארטען, אז ניט קענסטו פאהרען געזונטערהייט.

—ער וויל פון אונז פטור ווערען—האט העלען אויסגערופען—ער קען ניט אוועק פון דער אידישער מיידעל, וועלכע האט אים פאר־כישוף'ט, זי מוז זיין פון די פיינע מיידלאך...

—מיס ראגען, איך האב אייך שוין געזאגט, אז איר זאלט יענער מיידעל רעספעקטירען, ווייל זי איז דאס פיינסטע קינד, וואס מען באגעגענט אונטערן הימעל—האט דזשאנסאן אויסגערופען.

—נו, איר קענט זיך זי האבען פאר א געליבטע, דר. דזשאנסאן, איך וועל אייך ניט שטערען—האט העלען א זאג געטאן—אין אמעריקע איז אזא מאדע...

—איך וואלט געוואונשען זי צו האבען פאר מיין לעבענס־באגליי־טערין, איך וואלט אוועקגעגעבען אלעס פאר איר, נאר ליידער קען איך זי ניט קריגען, זי איז צו שטאלץ געגען מיר, באטש זי איז אן ארעמע

און נאך דערצו אַ אידישקע.

—ווי אונפאַרשעמט!—האָט העלען אַן אויפגערעגטע אויסגערופען—אָט נאך דעם בין איך געקומען קיין ניו יאָרק? דאָס צו הערען?!

—ווער האָט אייך געהייסען אַהער קומען?

—ביזטו נים מיין חתן? ביזטו נים פאַרלאָבט צו מיר? האָב איך נים געהאַט קיין רעכט צו קומען?

—איר זענט עס געוועזען פריער, מים ראָגען, אָבער איצט נים מער! און איר האָט קיין רעכט נים מיר צו זאָגען וואָס איך האָב צו טאָן. אָט האָט איר אייער פינגערעל.

—אונגליקליכער! ביזט משוגע געוואָרען?—האָט די מוטער אויסגעשריען און זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ—ווייסטו וואָס דו טוסט? די אידען האָבען דיך פון וועג אַראָפּגעפיהרט, אונגליקליך געמאַכט! אוי, וועה, איך וועל עס נים אויסהאַלטען!—האָט זי זיך צעוויינט.

—מרס. דזשאָנסאָן, מאַכט נים קיין סקאַנדאַלען אין אַ פרעמדען פּלאַץ, איר זענט נים ביי זיך אין דער היים. די צייטונג וועט אייך באַלד צעפּויקען איבער גאַנץ ניו יאָרק—האָט דר. סמיט איר געוואָרענט—זאָל ער האַנדלען ווי ער פּיהלט, ער איז שוין גענוג גרויס צו פאַרשטעהן און האַנדלען לויט זיין אייגענעם פאַרשטאַנד.

—האַלט איר אויך מיט אים, דאָקטאָר? איר זאָגט אויך, אַז ער האָט אַ רעכט צוצוברעכען זיין גליק מיט זיינע אייגענע הענט? און צוליב וועמען? צוליב עפּעס אַ געמיינער, צעלאָזענער מיידעל, וואָס דורך איר איז ער ווי משוגע געוואָרען? ער ווייסט נים וואָס עס טוט זיך מיט אים. איך בין זיכער אין דעם.

—מרס. דזשאָנסאָן, איר זאָלט דאָס מיידעל נים באַליידיגען. זי איז מיינע אַ קרובה, און איז ווירקליך, ווי אַ. האָט זיך אויסגעדריקט, די בעסטע אונטערן הימעל. איר דאַרפט אָבער נים מורא האָבען, זי וועט אייער זון ביי אייך נים צונעמען, ווייל זי איז אַן אמת׳ע אידישע טאָכטער, און זי וועט קיין קריסט נים הייראַטען. יאָ, דאָס איז דאָס גרעסטע, וואָס מיר אידען פאַרמאָגען.

—וואָס הייסט? זענט איר דען אויך אַ איד, דאָקטאָר?!

—יאָ, איך בין אַ איד.

—איך קען אייך שוין אַזוי פיל יאָהרען און איך האָב עס קיינמאָל נים געוואוסט, קיינמאָל פון אייך נים געהערט, אַז איר זענט אַ איד.

—עס איז ניט נויטיג געווען איר זאָלט עס וויסען.

—דאָס באַווייזט, אַז איר שעמט זיך מיט אייער נאַציאָן, און עס איז ניט מער ווי רעכט, אַז אַזאַ פארשטענדליכער מענש ווי איר, אַ ציוויליזירטער, וויל פון זיי ניט וויסען...

—דאָס באַווייזט גאָר ניט, איך בין שטאָלץ מיט מיין נאַציאָן און מיין אַפּשטאַמונג, דאָס האָט מיך נאָר געצוואונגען דערצו, ווייל איך לעב צווישען אַזעלכע אידישע שונאים, ווי איר זענט!... וואָס לאָזען דעם קאָפּ ניט אויפהויבען.

—די אידען זיינען ניט ווערט בעסער באַהאַנדעלט צו ווערען!—האָט מרס דזשאָנסאָן אויסגערופען—אָט האָט איר מיך גענאַרט אַזוי פיל יאָהרען, אָן באַטרוג ריהרט איר זיך ניט!

—וואָס האָב איך ביי אייך אויסגענאַרט, מרס. דזשאָנסאָן?

—דעם צוטרויען, דאָקטאָר! די ליבע פון מיין זון, פון זיין נאַציאָן.

—מרס. דזשאָנסאָן, רעדט ניט ווייטער!—האָט דר. סמיט אויסגערופען אַן אויפגערעגטער, צוטרעטענדיג נאָענט צו איר און אַריינקוקענדיג איר אין פּנים אַריין, גלייך אין די אויגען אַריין—אויב איר רעדט נאָך איין וואָרט! אַ, גאָט, עס וועט אַרויסקומען דער גרעסטער סקאַנדאַל! איך וואָרען אייך!...

מרס דזשאָנסאָן האָט זיך דערשראָקען פאַר דר. סמיט'ס דראָהונג און זי האָט פאַרביסען די ליפּען ביז צו בלוט און געשוויגען...

אַל דזשאָנסאָן האָט דאָס באַמערקט, באַמערקט ווי זיין מוטער האָט זיך דערשראָקען און אַז זי האָט איצט מורא ווייטער צו רעדען. זיין האַרץ האָט זיך שיעור ניט אָפּגעריסען פאַר שרעק. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם, וואָס די ציגיינערין האָט אים געזאָגט, אַז ער איז ניט דאָס, וואָס ער מיינט ער איז, און אַז אין זיינע אָדערען רינט פרעמד בלוט, בלוט פון אַן אַנדער נאַציאָן.

ער איז געשטאַנען ווי אַ פאַרשטיינערטער. אין זיין מוח האָבען זיך געמישט פאַרשידענע געדאַנקען. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז דר. סמיט, זיין פריינד, זאָל זיין אַ פאַררעטער..

—איר פאָהרט, מרס. דזשאָנסאָן?—האָט העלען מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן און דערביי זיך אָנגעטאָן איר הוט און מאַנטעל.

—אַ ברירה האָב איך?!—האָט מרס. דזשאָנסאָן געזאָגט אַ בייזע—וואָס האָב איך דען דאָ צו טאָן? מיין זון און מיין הויז-פריינד האָבען

אונז געגעבען א גאַנץ שעהנע אויפנאַמע...

—איר האָט ניט באַדאַרפט קומען, מיר זיינען שוין געווען פאַרטיג אהיים צו פאָהרען, ווען ניט דער צופאַל מיט דער פרוי.

—נו, זייט געזונד—האָבען ביידע פרויען געזאָגט, זיך זעגענענדיג גאַנץ קאַלט און טרוקען, אַן א האַנט-דרוק...

—וואַרט, איך וועל רופען אַן אָטאָמאָביל אייך צו פיהרען צו דער סטאַנציע—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט.

—ניט נויטיג, מר. דזשאָנסאָן, באַמיהט זיך ניט, מיר וועלען שוין אַליין טרעפען דעם וועג—האָט העלען געזאָגט מיט א געמאַכטען שטאָלץ.

—נו, זאָל זיין אַזוי—האָט דזשאָנסאָן גלייכגילטיג געזאָגט און האָט זיך העפליך פאַרנויגט—פאָהרט געזונד.

און ביידע דאַמען זיינען אַוועקגעפאָהרען אין באָסטאָן.

דר. סמיט און דזשאָנסאָן זיינען געבליבען זיצען אין טיפען שווייגען.

—דו האָסט זיי ניט באַדאַרפט אַזוי צו באַהאַנדלען, אַל.—האָט דר. סמיט געבראָכען די שטילקייט. איך דענק אַזוי.

—איך האָב אַנדערש ניט געקענט.

—מיט יענער האָב איך מער ניט קיין זאַך וואָס צו טאָן, און מיט דער מאַמען — איך ווייס ניט וואָס דאָ געהט פאָר... עס זעהט אויס, אַז אַלע האָבען זיך פאַרבונדען געגען מיר. אָט די פראָפעצייהונג פון דער ציגיינערין און נאָך אַנדערע סימנים...

—ע, זעה, עס וואונדערט מיך, אַל, אַז אַזאַ אינטעליגענטער מענש ווי דו זאָל גלויבען אין זאַכען, וואָס האָבען קיין צוועק ניט...

—אָבער איך האָב אורזאַכען צו גלויבען, אַז עפּעס איז יאָ דאָ אַרום מיר... איך ווייס ניט וואָס, נאַטירליך, אָבער איך פיהל עס. איך פיהל, אַז איך בין ניט דאָס, וואָס איך באַדאַרף צו זיין... מיין האַרץ איז תמיד פול מיט רחמנות צו מענשען, ווען איך זעה זיי ליידען, ווען איך זעה זיי וויינען, און ווען מיין מאַמע האָט פאַר מיר געוויינט, מיך געבעטען, איך זאָל מיט איר אַהיים פאָהרען, האָבען אירע טרערען אויסגעקוקט ביי מיר לעכערליך... איך ווייס ניט ווי דאָס קומט, עס פאַרדריסט מיך.

—דאָס איז דערפאַר, וואָס יענע קראַנקע האָט מיט איר אונגליס דיין גאַנץ האַרץ פאַרנומען. דו האָסט אָבער געקענט פאָהרען, איך וואָלט אויף איר אויפגעפּאַסט.

—ניין, איך קען עס ניט טאָן, איך געה שוין צוריק צום האָספּיטאַל אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך.

## צוויי און דרייסיגסטער קאַפּיטעל

די לעצטע נאַכט פון קריזיס האָט דזשאַנסאָן ניט געוואָלט אָפּטרע־טען פון בעט פון דער קראַנקער מרס. לעווין. ער האָט איבער איר געוואַכט ווי אַ גוטער מלאך, געזעהן, אַז די נאַכט־וועכטערין זאָל איר פּינקטליך צו דער צייט געבען די מעדיציון, לויט דער פאָראָרדענונג פון די דאָקטוירים, כאָטש דער קאָנסיליום האָט געגעבען זעהר קליינע האָפנונגען אויף איר לעבען. די דאָקטוירים האָבען געהאַט ערקלערט, אַז אויב אַפילו זי זאָל בלייבען לעבען, וועט זי ליידען פון אַ צעבראָכענעם פאַרשטאַנד...

דזשאַנסאָן האָט מיט שרעק געקוקט צו דער קראַנקער, ווי זי איז געלעגען און געציטערט פון היץ, מיט פאַרמאַכטע אויגען, ווי אַ שטיק מומיע — אויסגעדאַרט. די באַרמהערציגע שוועסטער האָט איר דאָן געביטען דאָס אייז אויפן קאָפּ.

—לייגט זיך צו, דאָקטאָר, איך וועל זיצען און היטען גלייך ווי איר אַליין זיצט—האָט זי געזאָגט צו דזשאַנסאָנ'ען—איר זענט זעהר מיד. איר האָט זיך פאַר דער לעצטער צייט צופיל אָנגעשטרענגט.

—אַ דאַנק אייך, עס איז פיין פון אייך, אָבער איך קען ניט געהן שלאָפען, איך מוז דאָ זיין לעבען דער קראַנקער. ווי קען איך אוועק־געהן ווען זי איז אַזוי געפעהרליך? ניין, איך וועל דאָ זיצען לעבען איר.

—אָ, דאָקטאָר, איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, עס ווילט זיך גאָר ניט גלויבען, אַז אַ ווילד־פרעמדער מענש זאָל זיך אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירען מיט אַ קראַנקען און זיך אַזוי אויפאָפּפערען..

—איך וועל אייך דערצעהלען אַ זאַך, וואָס איך האָב נאָך קיינעם ניט דערצעהלט, ווייל איך אַליין גלויב ניט אין דעם, און ווען אַן אַנדערער וואָלט עס מיר דערצעהלען וואָלט איך אים אויסגעלאַכט. איך האָב געוואוינט ביי דער פרוי בלויז אַ פּאָר וואָכען און איך האָב זי באַלד קענען געלערענט פאַר אַ זעהר פיינער און עדעלער נשמה. איך האָב זיך שטאַרק געוואונדערט, וואָס אַזאַ אָרעמע פרוי זאָל זיין אַזוי אינטעליגענט. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז יונגערהייט איז זי געווען אַ באַרמהערציגע שוועסטער אין אַ האָספּיטאַל. די פרוי

האָט זעהר פיל איבערגעלעבט אין איר לעבען, און דאָס האָט ערוועקט אין מיר אַ טיפען רחמנות אויף איר. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך געהאַט אַ זאָנדערבאַרען חלום: עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס הויז, וואו זי וואוינט, שטעהט אין פלאַמען און איך זעה פון אונטען, ווי די פרוי לויפט אַרום און אַלעס ברענט אויף איר. האָב איך געכאַפּט און זיך אריינגעוואָרפען אין די פלאַמען און האָב דער אונגליקליכער אַרויסגעטראָגען פון דעם ברענדען הויז און מיט מיין ראָק איינגעלאָשען אירע קליידער. איך האָב זי גערעטעט פון פייער... איר פאַרשטעהט, איצט דאַרף איך זי רעטען פון דעם פייער, אין וועלכען זי געפינט זיך איצט. אַט דאָס האָט מיר די פאַרזעהונג געצייגט אין חלום, אַז איך זאָל זי ניט איבערלאָזען אַליין, צו קיינעם ניט, ווייל זי קען פאַרברענט ווערען.

—וואונדערליך!—האָט די באַרמהערציגע שוועסטער געזאָגט—יאָ, איך זעה, איר ווילט זיין איר רעטער. הלוואי זאָל גאָט העלפען. איר זענט אַזוי גוט, איך האָב עס זעלטען געטראָפען.

—ווי האָט איר געקענט טרעפען, וואָס מענשען טוהען איינער פאַרן אַנדערען? איר זענט דאָך נאָך אַזוי יונג...

—כאָטש איך בין יונג, בין איך אָבער אין אַזאַ פּלאַץ, וואָס מען זעהט זיך אָן אַזוי פיל פון מענשליכען אונגליק און ליידען.

—טוט איר דען ניט אייער פליכט עהרליך?

—יאָ, אַוודאי טוהען מיר וואָס מען הייסט אונז, וואָס עס איז וואָר מעגליך צו טאָן פאַר די ליידענדע, אָבער צום האַרץ נעמען מיר זיך ניט—האָט זי אויפריכטיג זיך אויסגעשפּראָכען—ערשטענס זיינען מיר דערצו שוין געוואוינט... און צווייטענס, ווען מיר זאָלען נעמען אַלעס אַזוי ערענסט, וואָלטען מיר אַליין קראַנק געוואָרען, צוזעהענדיג אַזוי פיל צרות.

—איך ווייס ניט—האָט אַל. אַ פאַרטראַכטער גערעדט—מיר איז אויסגעקומען צו שטעהן ביי פילע אָפּעראַציעס, און איך האָב אַליין שוין אויך געשניטען מענשליכע קערפּערס, און איך בין אַלע מאָל געווען שטאַרקער ווי אַנדערע פון מיינע קאָלעגען צו טאָן די אַרבעט. איך האָב געקראָגען אַן עקסטרע אויסצייכנונג דערפאַר, און דאָ לעבען דער קראַנקער פרוי בין איך אַ צעבראָכענער פון מיגעפיהל... ווער קען וויסען אָדער אפשאַצען דאָס לעבען? מיר זיינען מאַכטלאָז געגען די

פאַרבאַרגענע ווענעז פון מענשליכען גאַנג... דאַכט זיך, איך קען דער פרוי ערשט א פּאָר וואָכען, איך האָב שוין גענוג אונגליקליכע מענשען געטראָפען אין מיין לעבען, און דאָך האָט נאָך קיינער ניט געהאַט אויף מיר אַזאַ ווירקונג ווי אַט די פרוי.

—אפשר, דאָקטאָר...—האָט די באַרמהערציגע שוועסטער געוואָלט שמייכלען, נאָר אַ קוק טוהענדיג אויפן שוואַרצען, אויסגעצערטען פּנים פון דער קראַנקער, האָט זי אַרומגענומען אַ שרעק אַרויסצוזאָגען אַזאַ געדאַנק און זי האָט אַ טראַכט געטאָן ביי זיך, אַז דאָס איז אונמעגליך, עס קען ניט זיין.

—איז דאָס היינט געווען דאָ אייער מוטער, דאָקטאָר?

—יאָ.

—און די צווייטע?

—די צווייטע?—האָט אַל. געצעגערט—די צווייטע איז מיין כלה.

—אַ וואונדער־שעהן מיידעל.

—יאָ, זי איז שעהן.

—זעהר שעהן.

—איך דענק, שוועסטער, אַז מען דאַרף שוין איבערלייגען דאָס אייז—האָט דזשאַנסאָן באַזאָרגט געזאָגט.

—דר. מאַלער האָט געזאָגט, אַז אַרום צוועלף אַזייגער זאָל מען דאָס אייז צונעמען.

—פאַרוואָס?

—איך ווייס ניט. אַזוי האָט ער געהייסען.

—וועט ער היינט דאָ נאָך זיין?

—יאָ, נאָך איינם ביינאַכט קומט ער ספּעציעל איר צו זעהן.

—עס איז שוין נאָך צוועלף—האָט דזשאַנסאָן געזאָגט מיט אונרוהיגקייט אין זיין שטימע.

—יאָ שוין נאָך צוועלף אַזייגער.

—אַ, די נאַכט איז אַזוי גרויס!

—וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב שטענדיג אַזעלכע גרויסע נעכט מיט קורצע טעג?—האָט די באַרמהערציגע שוועסטער געזאָגט.

—איך באַדויער אייך מיט אַזאַ לעבען, איר דאַרפט אָבער אין זינען האָבען, אַז איר העלפט אונגליקליכע קראַנקע מיט אייער אויפזיין.

—יאָ, דאָקטאָר, איר קענט עס אפשר איצט פיהלען, אַז איר טוט

א גוטע זאך מיט אן אונגליקליכער קראנקער אוים מיטלייד, איך איך טו עס אבער אום צו פארדינען מיין בארערפעניש, און דערפאר, דאק־טאר, קען איך ניט האבען אזא באפרידיגונג אלס מענש, ווי איך מיינט עס... דאס איז דער אויפריכטיגער אמת. מיין באפרידיגונג איז, אז איך ווייס, אז מארגען וועט קומען א רייכער קרוב צו מיין פאציענט און וועט מיך פיין האנארירען פאר מיין גוטער אויפפאסונג. דערפאר ווינטשען מיר אפט צו האבען נאר רייכע פאציענטען...

—וואס קען אבער טאן אן ארעמאן?

—זאלען זיי בעסער זיין געזונט, די קבצנים, ווייל אפילו דא האט מען זיי ניט ליב—האט זי געענטפערט מיט א שמייכעל.

דזשאנסאן האט א קוק געטאן אויף דער יונגער מיידעל מיט מיטלייד, ווי זי זאגט ארוים אזא ביטערען אמת אזוי אפענהערציג.

—מיין קינד! מיין קינד—האט די קראנקע פלוצלונג גענומען רעדען: דיין — — דיין קינד — — פארקויפט, יא, אוועקגעגעבען צו קריסטען — — ניט מיין שולד — — מיין גאט, זיי מיר מוחל, א, מיין — — קינד ביי קריסטען!

דזשאנסאן האט זיך צוגעהערט צו יעדען ווארט, כאטש מען האט קוים געקענט הערען און פארשטעהן וואס זי רעדט. די הויט אויף זיין קערפער איז אים שטייף געווארען, הערענדיג, אז די אונגליקליכע טראגט מיט זיך א זינד אין קבר. עפעס איז אויף אים אנגעפאלען א שרעק, אליין ניט וויסענדיג פארוואס. אפשר דערפאר, וואס ער פיהלט איר אזוי פיל מיט. עס האט זיך אים געוואלט אננעמען די האלב־אפגעשטארבענע האנט, זי דריקען צום הארצען, און איר לאזען וויסען, אז עס איז דא א מענש אויף דער וועלט, וואס פיהלט מיט אירע ליידען.

—אט אזוי רעדט זי שטעניג פון היץ, שרייט שטענדיג: קינד, אלבערט קריסטען, קינד ביי קריסטען, בעני... זי מוז האבען א גרויסע זינד באגאנגען, וואס עס ליגט איר שטענדיג אין זין—האט די בארמ־הערציגע שוועסטער געזאגט—אט געהט דר. מאלער—און זי האט זיך אוועקגעשטעלט אין א זייט דינסטפערטיג.

—איז עפעס פארגעקומען?

—קיין באזאנדערס, דר.—האט דזשאנסאן געענטפערט.

דר. מאלער האט באטראכט דער קראנקער, האט זיך צוגעהערט צו איר הארץ און פולס.

—עס קלאפט נאך, אבער זעהר שוואך... אז זי וועט נאך אנהאלטען צוויי שטונדען, וועט זי זיין אונזערע—האט דר. מאלער געזאגט.

—דענקט איר, דר. אז עס איז דא האפנונג?—האט דזשאנסאן געפרעגט מיט א ציטערדיגען קול.

—איך אליין פארשטעהט דאך אויך, דר. דזשאנסאן, אז מען טוט אלעס אין דער מעדעצינישער מאכט, און אויב זי האט גענוג קרעפטען, וועלען מיר זיין די זיגער.

דר. מאלער האט נאך געגעבען דער שוועסטער עטלאכע אנווייזונ־גען און אנגעזאגט, אז טאמער וועט זי זעהן עפעס אן ענדערונג, זאל זי לאזען וויסען אין אפיס.

—און איר, דר. זשאנסאן, בלייבט דא די גאנצע נאכט לעבען דער קראנקער?—האט דר. מאלער זיך געווענדעט צו דזשאנסאנ'ען.

—יא, דר. איך וויל דא זיין.

—נו, אויב איר ווילט איז אוודאי גוט—און ער האט געזאגט א גוטע נאכט און איז אוועק.

דזשאנסאן איז געבליבען זיצען און מיט שרעק געקוקט צו דער קראנקער. די בארמהערציגע שוועסטער האט נאך געטאן איר לעצטע פליכט, און דאן זיינען זיי ביידע געבליבען זיצען אין א שרעק־ליכער ערוואַרטונג, אליין ניט וויסענדיג אויף וואס...

דאס איז געוועזען א שרעקליכע איבערלעבונג פאר דעם יונגענמאן, זיצענדיג און קוקענדיג דעם טויט גלייך אין די אויגען. ער האט ארויס־גענומען זיין טאשען־זייגערעל און א קוק געטאן:

—עס איז האלב נאך איינס.

—זייט ניט אזוי נערוועז, דאקטאר, מיר מוזען זיין געפאסט, וואס זאל ניט פארקומען...

—אוודאי מוז מען, מ'קען זיך דען העלפען?

—איך וועל צונעמען דאס אייז פון איר קאפ.

—יא, איר קענט עס צונעמען, צו וואס דארף זי עס שוין אצינד?

זי האט ארונטערגענומען דאס אייז פון דער קראנקער'ס קאפ און אין איר אריינגעגאסען דאס לעצטע לעפעלע מעדעצין. דאן זיינען זיי ביידע געשטאנען ביים בעט און געקוקט וואס עס וועט פארקומען...

די מינוטען ביי דזשאנסאנ'ען זיינען געוועזען גאנצע עביגקייטען. עס האט אים באנאסען א שוויים, ער האט פארגעסען אין זיין מאמען.

זיין כלה, און אפילו אין זיין געליבטער לילי'ן, וועלכע איז שטענדיג געשטאַנען פאַר זיינע אויגען ווי אַ זיסער מלאך. איצט האָט ער אין אַלעם פאַרגעסען, זיינע געדאַנקען האָבען זיך אין גאַנצען קאָנצענטרירט אַרום דער גוסס'דיגער מרס. לעווין.

פּלוצלונג איז די קראַנקע געבליבען ליגען כמעט אָן אָטהעם. דזשאַנסאָן האָט צוגעלייגט זיין אויער צום קראַנקען האַרץ און געפיהלט אַז עס באַוועגט זיך שוואַך, גלאַטען און רעגעלמעסיג.

—זי איז געהאָלפען, געהאָלפען!—האָט באַלד די באַרמהערציגע שוועסטער אַ שעפּטשע געטאָן מיט פרייד.

—יאָ, איך דענק אויך אַזוי, כאָטש איך גלויב זיך קוים—האָט דזשאַנסאָן מיט אינערליכער פרייד און האַרץ־קלאַפּעניש געזאָגט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען געזעהן עטלאָכע טראָפּענס שוויים אַרויסגעקומען אויפן שטערען פון דער קראַנקער.

—זי איז געהאָלפען!

—יאָ, דער קריזיס איז אַריבער—האָט דזשאַנסאָן מיט אַ פּאָר־כאַפּטען אָטהעם אויסגערופען—זעהט, זי שוויצט!

יאָ, זי שוויצט—האָט די שוועסטער צוגעגעבען—איך געה שוין מעלדען אין אָפיס—און מיט די ווערטער איז זי אַוועק מעלדען אין אָפיס, אַז די קראַנקע איז געהאָלפען.

ווען דזשאַנסאָן מיט דר. סמיט זיינען געקומען דעם אַנדערען טאָג צו זעהן די קראַנקע, האָבען זיי געהאָפט, אַז זי איז אַ געהאָל־פענע, אָבער ווי טרויעריג זיינען ביידע געוואָרען, אַז זיי האָבען גע־פונען צו וועלכען צושטאַנד מרס. לעווין איז געקומען! זי האָט געעפענט די אויגען פון דער שווערער קראַנקהייט נאָך צו אַ שווערערען אונגליק. זי איז געווען צעמישט, ניט געוואוסט וואָס מיט איר טוט זיך; קיין מענש ניט דערקענט, אפילו דזשאַנסאָנ'ען ניט דערקענט. זי איז געלעגען אַ שוואַכע, אָן אַפּגעצערטע, דער בליק האָט ביי איר געוואַנ־דערט איבער אַלעס, און קיין זאַך האָט זי ניט פאַרשטאַנען. צום מערסטען האָט זי געוויינט.

דזשאַנסאָן און דר. סמיט זיינען געבליבען שטעהן מיט פּאַר־קלעמטע הערצער.

—וואָס דענקט איהר, דאָקטאָר, וועגען איר?

—זעהסט דאָך, מיין פריינד, זי איז אונגליקליך, נאָך ערגער ווי

געשטארבען. יא, ערגער ווי געשטארבען.

—וואס וועט פון איר אצינד ווערען?

—וואס קען מען העלפען? צוערשט מוז מען זעהן זי צו ערהאלטען. דערוויילע, אזוי לאנג ווי זי איז שוואך, איז זי פאר קיינעם ניט שעדליך, קען זי נאך דא בלייבען, און ווייטער? — — נו, ס'איז דאך אויך דא א פלאץ פאר אזוינע אונגליקליכע.

ביידע פריינד זיינען אוועק פון שפיטאל מיט אראפגעלאזטע קעפ.

—איך דענק, מיין פריינד, אז דיין מיסיאן האט זיך געענדיגט— האט דר. סמיט געזאגט צו דזשאנסאנ'ען—מיר קענען שוין פאהרען אין באסטאן. מיר קענען שוין אוועקפאהרען.

—יא, מיר וועלען פאהרען—האט דזשאנסאן אן אומעטיגער און פארטרויערטער געזאגט, און פארטראכט געשאקעלט מיטן קאפ.

אז זיי זיינען געקומען אין האטעל האט מען דזשאנסאנ'ען דער־לאנגט א טעלעגראם פון זיין היים, וואס האט זיך געלייענט אזוי:

פאטער געפערליך קראנק.
קום גלייך אהיים.

מארטא דזשאנסאן.

—מיר פאהרען, דאקטאר!—האט דזשאנסאן שטיל געזאגט.

—מיר פאהרען, אבער בארוהיג זיך, עס קען זיין אמאל א שפאס פון דיין מאמען. איך בין זיכער, אז דאס איז בלויז א שפאס.

—ניין, דאס מוז גראדע זיין ריכטיג, ווייל דער פאטער איז שוין קראנק א לענגערע צייט.

—א שאד, ער איז א זעהר גוטער מענש—האט דר. סמיט געזאגט.

—יא, ער האט אלע מאל ליב געהאט דעם אמת און האט זיך פאר אים איינגעשטעלט.

עס האט לאנג ניט גענומען און ביידע פריינד זיינען געווען געפאקט און אוועקגעפאהרען מיטן שנעל־צוג קיין באסטאן.

## דריי און דרייסיגסטער קאפיטעל

ווען דזשאנסאן מיט זיין פריינד דר. סמיט זיינען אהיים געקומען איז דר. סמיט גלייך אפגעשטיגען צו ערשט צום קראנקען מר. דזשאנ־סאן, זעהן ווי עס האלט מיט אים, צי איז ער ווירקליך אזוי קראנק, ווי מען האט טעלעגראפירט

אז זיי זיינען ביידע אנגעקומען איז זיי מרס. דשאנסאן אנטקעגעגען געקומען א פארוויינטע און מיט א יאמער אויסגערופען:

—ער האלט ביים שטארבען...

—שאט, שאט, מרס. דזשאנסאן, עס איז ניט אזוי שלעכט ווי איר מיינט, מיר וועלען באלד זעהן—האט דר. סמיט זי געוואלט בארוהיגען.

ביידע מענער האבען פון זיך אראפגענומען די רייזע־מאנטלען און די היט און זיינען גלייך אריין צום קראנקען. א בארמהערציגע שוועסטער איז געשטאנען און אכטונג געגעבען אויפן קראנקען. אז זי האט דערזעהן די צוויי מענער אריינקומען, האט זי געמאכט א קרומע מינע, זי האט ניט געוואלט מען זאל אים שטערען זיין רו, אבער ווען דער קראנקער האט דערזעהן די צוויי געסט, האט ער זיך שטארק דערפרעהט און אויסגעשטרעקט די הענט צו זיי. זיי האבען זיך הארציג באגריסט. אל. האט אנידערגעקניט לעבען בעט און געקושט די אפגעצערטע הענט און דערביי זיינען אויגען פול געווארען מיט טרערען, וועלכע ער האט אין זיך געוואלט דערשטיקען.

—וואס מאכט מיין פריינד מר. דזשאנסאן?—האט דר. סמיט אויסגערופען מיט א געמאכטען שמייכעל.

—א, איר זעהט דאך, דאקטאר, איך רוה זיך אויס.

—עפעס גאר פלוצלונג זיך פארגינען אזא פארגעניגען?—האט זיך דר. סמיט געוויצעלט.

—אז איר האט זיך געקענט ערלויבען איבערצולאזען אונז באסטאנער פאציענטען אויף צרות, ניט ארענדיג אייך וואס פון אונז וועט ווערען, האב איך אויך די וועלט אין דער אדמה און רוה זיך אויס אביסעל. וואס מען טאר ניט?—האט דער אלטער שוואך געענטפערט.

—נו, נו, איך האב ניט געקענט מיין רייזע אפלעגען אויף שפעטער. איר ווייסט דאך, איך קלייב זיך שוין אין וועג אריין... האב איך מורא געהאט, איך זאל ניט פארשפעטיגען... אבער איר, איר האט עס געמעגט אפלעגען אויף אן אנדערטמאל, ווייל דאס פארשפעטיגט מען ניט.

—פון וואנען ווייסט איר, אז דאס איז ניט אין צייט, דאקטאר? איך בין געווען א מיליטער־מאן און אלע מאל מיין דינסט אויסגעפאלגט פינקטליך, און איצט בין איך אויך פינקטליך...

—דאס וועלען מיר באלד זעהן—האט דר. סמיט געזאגט.

—און דו, מיין זון, ווי האלטסטו מיט דיין שטודיום?

—בעסער ווי געוואונשען, פּאַפּאַ. איך האָב אָנגעשריבען אַ גרויסן בוך פון מיינע איידרוקען און באַטראַכטונגען.

—דאָס איז גוט, דאָס איז פיין. דו וועסט נאָך אַמאָל זיין אַ גרוי־סער מענש, אַז איך וועל מיט דיר שטאָלצירען...—האָט דזשאָנסאָן זיך געוואָלט האַלטען אַ ביסעל פרייער, און האָט אַליין ניט געוואוסט ווי שטאַרק קראַנק ער איז.

—יאָ, ליבער פאָטער, ווער דו נאָר געזונט, וועט שוין אַלץ רעכט ווערען. ווער דו נאָר געזונד.

—מיין זון, צי איך וועל געזונד ווערען צי ניט, דיך האָב איך פאַרזאָרגט מיט אַ פאַרמעגען, אַז דו זאָלסט ניט דאַרפען זאָרגען. אין דער צייט, וואָס דו ביזט ניט געווען האָב איך איבערגעשריבען מיין צוואה. דו וועסט האָבען גענוג אַנצוגעהן מיט דיין שטודירען, ווייל מיין גאַנצער באַגער, מיין גאַנצע האָפנונג איז, אַז דו זאָלסט ווערען גרויס, אַ גרויסער מענש. דאָס לעבען, מיין זון, האָט אַ זין, נאָר מיר פאַרשטעהען עס ניט. מיר פאַרדאַרבען עס אָפט מיט אונזער שלעכ־טיגקייט, דאַרום פאַרלירען מענשען אָפט דעם צוגאַנג צום לעבען... מען דאַרף זיך אָנשטרענגען, גובער זיין דעם יאוש אין זיך, ווי פילע האָבען אין זיך גאַנצע מדבריות, זיי לעבען אַליין ניט און זיי קענען ניט זעהן ווי אַנדערע לעבען... שטייטש, משוגענער, ווער איז שולדיג, וואָס דיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט גאַל? און פאַרוואָס? דאָס לעבען, פריינד, איז ווי מען נעמט עס. ווילט איר, וועט איר נאָר זעהן אַ גאַנצע וועלט מיט צרות, בלוט טרערען, שרעק און אונטערגאַנג. וועט איר דאָך שרייען: צו וואָס דאַרף מען עסען, אַז מען דאַרף סיי ווי שטאַר־בען? צו וואָס מיטנעמען פאַר די ווערעם אַ גוטען מאַלצייט? און ווער רעדט נאָך פון פאַרגעניגען, אַ הוליע טאָן! ווי קען עס גאָר אַזעלכע מענ־שען ליגען אין זינען? נאַרישע מענשען! מען דאַרף שטאַרבען, זאָגען זיי, און עס גלוסט זיך גאָר אַ הוליע טאָן! אַזעלכע מענשען שפייען אויס דערביי, און ווייסען גאָר ניט, אַז זיי שפייען אויס די גאַנצע וועלט, דאָס גאַנצע לעבען... זיי פאַרמיאוס'ען זיך דאָס גאַנצע לעבען, ווייל זיי האַלטען שטענדיג ביים שטאַרבען... כאָטש צו דער זעלבער צייט עסט ער און טרינקט און פאַרברענגט מיט אַ פרוי... דאָס איז דער קלאָג־מענש. כאָטש ער טוט אַלץ אין דער וועלט, און וואָלט געקענט הנאה האָבען פון זיין לעבען, איז זיין נאַטור אַזאַ פאַרביטערטע, אַז עס

ווילט זיך אים ניט לעבען, כאָטש ער לעבט...

דער אַנדערער מענש, וואָס קוקט אויף דער וועלט מיט ריינע, אָפענע און ליכטיגע אויגען, זעהט די וועלט גאַנץ אַנדערש. ער זעהט אין דער וועלט אַלץ ווי אין אַ גן עדן, פאַר אים איז דאָס לעבען אַ יום־טוב. וואוהין ער קערט זיך זעהט ער פּראַכט און זונשיין: אַ פּרעכ־טיגע זון, אַ זויבערער הימעל, אַ ליבע הארציגע נאַטור מיט אַלעם גוטען באַשאַפען פאַרן מענשענס וועגען צו געניסען דערפון און הנאה האָבען און זיך לאָזען וואוילגעהן. פאַרבערענגען זומער אין די פעלדער, וועלדער, ציהען קרעפטען פון דער זיסער לופט און דופט, פון די בלומען, זיך צירען מיט די בליהענדע רויזען, און מיט פרישע רויזען דערפרעהען די יונגע, ליבע הערצער פון די שעהנע מענשען־טעכטער. טרוימען, ראָמאַנסירען אונטער די שאָטענס פון די גרין־באַדעקטע ביימער אין די גערטנער. דאָס ביסעלע גליק, וואָס יונגע מענשען פיהלען אין זייערע שעהנע טרוימען מיט זייערע געליבטע, פאַרגעסען זיי ניט זייער גאַנצען לעבען. אפילו צו אייניקלאַך האָבען אַלטע לייט אָפט ליב צו דער־צעהלען און זיך באַריהמען, אַז אויך זיי זיינען אַמאָל געווען יונג און האָבען פאַרשטאַנען דאָס לעבען און האָבען געוואוסט ווי צו ליבען און פאַרהערען... יאָ, מיינע ליבע, מען קען זיין אַ „לעבעדיגער טויטער“, און מען קען אויך זיין אַ טויטער לעבעדיג... פאַרשטאַנען? מען זעהט די וועלט ווי מען וויל זי זעהן.

נאָר ניט זיין קיין קלאָג־מוטער, מיין זון! זיי ניט ווי דיין מאַמע, זיי אַ מאַן, וועט דיר גוט זיין, און די וועלט וועט דיך אַכטען און שעצען, ווי אַ דזשאַנסאָן פאַרדינט עס. דו ביזט דער לעצטער דזשאַנ־סאָן און דו מוזט דעם נאָמען וויסען ווי צו שעצען.

—איך פאַרשפּרעך עס דיר, ליבער פאָטער, דו וועסט עס נאָך אַליין זעהן—האָט דזשאַנסאָן געזאָגט גערירהט.

—נו, פריינד דזשאַנסאָן, איך זאָג אייך, אַז אייער לעקציע איז אַ וואונדערבאַרע, איר האָט געקענט זיין בעסער אַ פּראָפעסאָר, ווי אַ מיליטער־מאַן, איר זענט דאָך פול מיט געדאַנקען, מיין ליבער פריינד, אָבער פאַר היינט וועט עס זיין גענוג, ווייל איך דענק, אַז איר שטרענגט זיך צו פיל אָן.

—ניט געזאָרגט, איך האָב אייך שוין אַזוי פיל ניט געזעהן, האָב איך אייך געמוזט אָפּגעבען פאַר דער גאַנצער צייט...

—יאָ, יאָ, עס האָט זיך טאַקע געבענקט נאָך אייערע קלוגע ווער־טלאַך—האָט דר. סמיט געזאָגט.

—יאָ, פּאַפּאַ שרייט אַלע מאָל איך זאָל זיין פרעהלאַך, ער ווייסט ניט, אַז ניט יעדער איז באַגאַבט מיט דער מתנה פון אָפּטימיזם. הלוואי וואָלט איך עס געקענט זיין... זיין אַזוי ווי דו, ליבער פּאַטער.

—נו, איצט, ליבער פריינד, נאָך דעם באַהאַנדלען זעה איך ניט קיין שום געפאַר מיט אייך. איך האָף מאָרגען צו הערען נאָך אַ שעה־נערע לעקציע. איצט זייט מיר געזונד, שלאָפט רוהיג, נאָר רוהיג—האָט דר. סמיט געזאָגט און האָט דערלאַנגט דעם קראַנקען די האַנט צום געזעגענען זיך.

—דאָקטאָר, זאָגט מיין זון, ער זאָל צונעמען די פּאַפּירען פון מיין שרייב־טיש, מיין שוואָגער דרייט זיך דאָרט צופיל אַרום...

—עס וועט זיין אַלץ אין דער בעסטער אָרדנונג, אַלץ וועט באַ־זאָרגט ווערען ריכטיג און פּינקטליך.

—ניט וואַרטען, זאָל אַל. שוין נעמען דעם שליסעל צו זיך—האָט דער קראַנקער כמעט באַפעלעריש אויסגערופען מיט זיין שווערער שטימע, אָנשטרענגענדיג זיך איבער זיינע כוחות.

—נעם צו דעם שליסעל, טו אים צוליב...—האָט דר. סמיט געזאָגט צו אַל'ן—דו טאָרסט אים אין דעם ניט אָפּזאָגען.

אַל. האָט זיך ניט געקענט העלפען און צוגענומען דעם שליסעל פון אונטערן פּאַטער'ס קישען.

—איצט בין איך רוהיג—האָט געזאָגט דער קראַנקער.

—נו, איצט וועט איר רוהיג שלאָפען?—האָט דר. סמיט געפרעגט מיט אַ שמייכעל, וועלענדיג אויפלעבען אַ ביסעלע דעם קראַנקען.

—יאָ, יאָ, געהט מיר געזונד.

—אַל. האָט נאָך אַמאָל געקושט דעם פּאַטער'ס האַנט און איז אַ פרעהליכער אַרויס פון קראַנקען־צימער מיט דר. סמיט, מיט דער האָפ־נונג, אַז דער אַלטער דזשאָנסאָן איז ניט געפערליך.

—וואָס האָט ער צו אייך אַזוי לאַנג גערעדט?—האָט מרס. דזשאָנ־סאָן געפרעגט, ווייל די באַרמהערציגע שוועסטער האָט איר ניט גע־הייסען אריינגעהן אין דעם שלאָף־צימער, עס זאָל ניט זיין צופיל נעשטיקט די לופט פון צופיל מענשען.

—ער איז געפערליך, דאָקטאָר?—האָט מרס. דזשאָנסאָן ווידער

געפרעגט, ניט קריגענדיג קיין ענטפער אויף איר ערשטע פראַגע.

—מיר זיינען אַלע געפערליך, מיר געהען אַרום און ווייסען ניט וואָס אונז ערוואַרט—האָט דר. סמיט געענטפערט—יעדע רשטערבליכער מענש מוז שטאַרבען, פריהער אָדער שפּעטער. איך זעה אָבער ניט קיין געפערליכקייט אין אייער מאַן, ער איז גאַנץ מונטער.

—דר. קורצער האָט מיר אָפען געזאָגט, אַז זיין האַרץ וועט לאַנג ניט אויסהאַלטען. ער האָט עס מיר נעכטען געזאָגט גאַנץ אָפען.

—דר. קורצער איז אַ נאַר—האָט דר. סמיט געזאָגט—זאָגט עס אים פון מיינעטוועגען.

—הלוואי זאָל זיין ווי איר זאָגט, דאָקטאָר—האָט מרס. דזשאַנסאָן פרום אַרויסגעזיפצט—איך בין מנדר פינף דאָלער פאַר דער קירך.

—דאָס עסען איז גרייט—האָט געזאָגט די דינסט, אַריינקומענדיג פון עס־צימער און איינלאַדענדיג אַלעמען.

—איך וויל גאָר ניט, בלויז אַ גלאָז טיי—האָט אַל. געזאָגט און געפיהלט, אַז ער איז צו מיד פון דער רייזע און פון די אַלע איבער־לעבונגען און אָנשטרענגונגען פאַר דער לעצטער צייט.

—וואָס טוט די פרוי דאָרט?—האָט מרס. דזשאַנסאָן געפרעגט—אוודאי געשטאָרבען?

—ניין, ניט געשטאָרבען—האָט דר. סמיט געזאָגט—זי איז אָבער ערגער ווי געשטאָרבען. יאָ, ערגער ווי געשטאָרבען.

—וואָס קען זיין ערגער?—האָט מרס. דזשאַנסאָן מיט נייגיר געפרעגט און ניט געקענט פאַרשטעהן, ווי עס קען נאָך זיין ערגער.

—זי איז פון דער קראַנקהייט פון זינען אַרונטער.

—משוגע?

—ליידער יאָ. די אונגליקליכע האָט די צרות ניט געקענט אַריבער־טראָגען.

—דר., איר וועט דאָ שלאָפען, וואו וועט איר איצט געהן? אין אייער הויז מוז ניט זיין פאַרברייט פאַר אייך.

—ניין, איך דאַנק אייך, איך מוז געהן אהיים. איך האָב טעלע־גראַפירט, אַז איך קום, און מיינע דינער וועלען דאָרט וואַרטען אויף מיר.

אַז דר. סמיט איז דעם אַנדערען טאָג געקומען אַרום צעהן אין דער פריה, איז ער ניט געוועזן איבערראַשט צו הערען, אַז דער אַלטער דזשאַנסאָן לעבט ניט מער. ער האָט געטראָפען מרס. דזשאַנסאָן זי־

צענדיג אין א באזונדער צימער מיט איר ברודער דעם קאטוילישען גייסטליכען און זיך בארא̈טען וועגען אלעס, וואס מען זאל טאן און וועגען דער בא̈ערדיגונג. אל. דזשאנסאן איז אנטקעגען געקומען דעם אלטען פריינד זיינעם א בלייכער, א צעטראגענער און מיט טרערען אין די אויגען, און מיט א געדריקטען קול האט ער א זאג געטאן:

—אלץ איז פאראיבער, אלץ איז פאראיבער.

—בארוהיג זיך, מיין פריינד, אט דאס איז די וועלט. די עלטערע מוזען אפטרעטען דעם וועג פאר די יונגע.

—ער איז נאך גאר ניט אלט געווען, זעכציג יאהר הייסט ניט אלט—האט אל. געזאגט א פארביטערטער.

—וואס קען מען טאן? איצט מוז מען נאר זעהן אים זיין כבוד אפצוגעבען, ווי עס פאסט פאר אים.

—אבער ווי קומט עס, וואס מען האט מיר ניט געלאזט וויסען?—האט דר. סמיט מיט פארוואונדערונג אין קול געזאגט.

—ער איז איינגעשלאפען ווי א קליין קינד, רוהיג און שטיל... מען האט דערזעהן אפשר מיט צעהן מינוטען שפעטער, אז ער איז טויט.

—בראווא, דזשאנסאן, געווען א הויפט עהרליכער, בראווער מאן.

—יא, אלע זאגען עס. אבער וואס קומט ארויס, ער איז שוין מער ניטא, אוועק אום ניט צו קומען צוריק, קיינמאל ניט.

מרס. דזשאנסאן איז ארייגעקומען און ווען זי האט דערזעהן דר. סמיט האט זי אויסגערופען:

—נו, דר., איר זעהט, איר האט געזאגט, אז דר. קורצער איז א נאר, און ער האט פארשטאנען, אז מיין מאן האלט ביים שטארבען.

—איך זאג עס איצט אויך, אז ער איז א נאר, ער האט עס אייך ניט געדארפט זאגען... דערפאר איז ער א נאר.

—וואס איז צו רעדען? עס איז פארפאלען, וואלט איר כאטש געווען דערביי.

—דענקט איר, אז איך וואלט אים ניט געלאזט שטארבען? א מענש מיט א גוט הארץ איז שווער צו לעבען, איבערהויפט מיט א שלעכט הארץ, א קראנק הארץ...

—יא, יא,—האט זי געזיפצט.

—איצט, ליבע פרוי, בלייבט צו טאן, וואס עס פאדערט זיך אין אזא לאגע. אזוי לאנג דער מענש לעבט איז די פליכט אלעם אנצו-

ווענדען, אָבער איצט איז אַלעס פאַרפאַלען, מען דאַרף אים נאָר אָפּ־געבען די לעצטע עהרע.

—וואָס פאַר א פראַגע? ער דאַרף קריגען די שענסטע באַערדיגונג. איך האָב עס איבערגעגעבען צו מיין ברודער דעם גייסטליכען, ער וועט אַלעס אַראַנזשירען.

—וואָס זאָגט איר ניט, דאָקטאָר, צו דער נעכטיגער רעדע, וואָס פּאַפּאַ האָט פאַר אונז נעכטען געהאַלטען?—האָט אַל. געזאָגט צו דר. סמיט, אַרויסבאַגלייטענדיג אים—איך וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסען, ניט פאַרגעסען די לעצטע רייד זיינע. איך האָב ניט דער־קענט, אַז ער האַלט אַזוי נאָהענט ביי דער ענדע... אַז ער וועט שוין מער צו אונז ניט רעדען. ווען איך וויים, וואָלט איך ניט געוועז אָפּ־טרעטען פון זיין בעט, וואָלט איך געוועזן נאָך הערען זיינע קלוגע רייד.

—דו האָסט ניט געוואוסט, פריינד, אַז זיין האַרץ איז געוועזן דורכ־געשאָסען נאָך מיט פופצעהן יאָהר צוריק אין מעקסיקאָ, ווען מען האָט פאַרטהיידיגט דאָס לאַנד געגען דיאַזעס באַנדיטען. ער איז דעמאָלט געוועזן מסוכן קראַנק, דו געדענקסט עס ניט, אָבער איך געדענק עס גוט. אמת, ער האָט דעמאָלט געקראָגען אַ מעדאַל אויף זיין ברוסט, אָבער ער האָט פאַרלאָרען זיין האַרץ...

—יאָ—האָט דר. סמיט ווייטער גערעדט—דיין פּאַפּאַ פלעגט אָפט דערצעהלען פון די אַנפאַלען ביי די גרענעצען פון די באַנדיטען. ער פלעגט אויך אָפט דערצעהלען פון דעם פאַרראַט פון נאַפּאַלעאָן דעם דריטען, דער קייזער פון פראַנקרייך, און ווי ער האָט פאַרנאַרט קייזער מאַקמילאַן פון עסטרייך, פראַנץ יאָזעפ'ס ברודער. ער איז פאַרנאַרט געוואָרען אין מעקסיקאָ צו פאַרנעמען אַ שטעלע אַלס קעניג, און דאָן איז דער אונגליקליכער איבערגעלאָזען געוואָרען צו די רעבעלען און זיי האָבען דעם גוטען מענשען פּראָצעסירט און אים עפענטליך הינגעריכטעט. דיין פאָטער איז אין דער צייט געשטאַנען אויף דער גרענעץ מיט פיל מיליטער און באַוואַכט אַמעריקע פון די רעבעלען...

—יאָ, איך האָב דאָס אַלעס דורכגעלעבט—האָט דר. סמיט ניט געקענט זיך אָוועקרייסען פון זיינע עראינערונגען—איך האָב אַלעס דורכגעלעבט. עס איז דעמאָלט געוועזן אַ שווער שטיקעל צייט. דאָס איז טאַקע געוועזן דעמאָלט, ווען ער איז געשאָסען געוואָרען, ער האָט אָבער העלדיש פאַרטהיידיגט זיין פּאָזיציע. יאָ, העלדיש זי פאַרטהיידיגט.

דר. סמיט האט אויסגעשטרעקט די האנט צו אל'ן זיך צו געזעגענען.

—וועל איך אייך נאך היינט זעהן?—האט אל. געזאגט.

—איך ווייס ניט.

—נו, וועל איך אייך אפרופען.

—נו, א גוטען טאג, אל., זיי א מאן און פארליר זיך ניט.

—א גוטען טאג.

## פיר און דרייסיגסטער קאפיטעל

נאך א צוויי וואכען נאך דער באערדיגונג פון אלטען דזשאנסאן האט מען געעפענט די צוואה, און מען האט אויסגעפונען, אז דער אלטער האט איבערגעלאזען זיין גאנצען פארמעגען פאר זיין זון אלעקסאנדער דזשאנסאן, און פאר מרס. דזשאנסאן איז בלויז געווען פארשריבען דאס הויז מיט פינף הונדערט דאלער. מרס. דזשאנסאן איז געווען שטארק אין כעס דערפאר, וואס אלעקסאנדער איז דער איינציגער יורש פון אלעס. אין דער צוואה איז נאך געווען אנגעשריבען, אז מרס. דזשאנסאן טאר דאס הויז ניט פארקויפען, ווייל דאס הויז דארף נאך איר טויט געהערען צו אלעקסאנדער דזשאנסאן, נאר דערווייל איז זי די באלעבאסטע.

ווען דר. סמיט איז געקומען אין מרס. דזשאנסאן אנגעפאלען אויף אים, ווי ער וואלט געהאט א חלק אין דעם געשעפט...

—נו, ווי געפעלט אייך, דאקטאר?—האט זי געזאגט—ווי פיין ער האט מיך פארזארגט? אלעס האט ער אפגעשריבען אויפן זון...

—נו, וואס האט איר מורא? אלעקסאנדער וועט אייך בכבוד האלטען, עס איז גאר קיין פראגע ניט אין דעם.

—וואס וועט זיין ,אז ער וועט געוואר ווערען ווער ער איז, דר.?

—ווער וועט עס אים זאגען?

—איך האב שטארק מורא פאר אייך, דאקטאר. נאר ווער וואלט געווען אייך ביידען, ווען איר ענדעקט עס אים—האט זי צוגעגעבען מיט באהאלטענער רציחה.

—הלוואי וואלט איך אים עס געקענט דערצעהלען, וואלט איך פאר אייך מיט אייערע סטראשונקעס ניט מורא געהאט. די צרה איז וואס איך קען אים ניט זאגען, ווייל איך ווייס ניט ווער זיינע עלטערען זיינען... און דער גוטער אל. וואלט נאך מער געהאט צו ליידען פון דער שאנדע, וואס ער איז אלס קינד פארקויפט געווארען, אז ארויסגעשטוי־

סענער פון זיינע עלטערן. דערפאַר מעגט איר זיין זיכער, אַז איך וועל עס אים ניט זאָגען אוים מיטלייד צו אים...

—ער קלייבט זיך שוין ווידער צו פאָהרען קיין ניו יארק צו זעהן די משוגענע—האָט מרס. דזשאנסאָן זיך באַקלאַגט.

—גוטע נשמה—האָט דר. סמיט אויסגערופען געריהרט—ווען איר וואָלט געהאַט שכל, ווי אייער גאָטזעליגער מאַן, וואָלט איר געמעגט זיין שטאָלץ, וואָס איר האָט אים ערצויגען...

—יאָ, ווען ער האָט ניט אין זיך קיין אידיש בלוט, ווען ער שטאמט ניט פון אידען!—האָט זי כמעט געקריצט מיט די ציינער...

דארויף איז דזשאנסאָן אַרונטערגעקומען פון זיין צימער פון ערשטען שטאָק. ער האָט זיך שטאַרק דערפרעהט מיט דר. סמיט און אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט צו באַגריסען.

—אָ, דאָקטאָר, איך האָב שוין געבענקט נאָך אייך—האָט ער געזאָגט—איך האָב ניט געקענט צו אייך קומען די פּאָר טעג, וואָס איך האָב אייך ניט געזעהן, איך בין געווען פארנומען מיט איינאָרדענען געוויסע זאַכען, ווייל איך קלייב זיך צו פאָהרען קיין ניו יאָרק.

—ווידער אין ניו יאָרק?

—יאָ, דאָקטאָר.

—וואָס איז איצט אין ניויאָרק?

—ערשטענס מוז איך זעהן די אונגליקליכע מרס. לעווין, אויסגעפינען וואָס מיט איר איז געוואָרען, און צווייטענס דענק איך דאָרט אריינצוטרעטען אין בעל־וויו האָספּיטאָל צו פּראַקטיצירען.

—און דאָ? דאָס הויז מיט אַלעמען

—אויב די מאַמע וויל, קען זי דאָ בלייבען ביי אַלעם, און אויב זי זאָל מיר פאָלגען, וואָלט איך געזאָגט, מען זאָל דאָס אַלעס פארקויפען, אָדער פארדינגען צו אימיצען, און מיר וועלען זיך ארויסציהען קיין ניו יאָרק, זיך קויפען אַ קליינע נחלה אין אַ שטילער געגענט, אַ הויז מיט אַ גאָרטען, און מיר קענען זיך לעבען רוהיג און צופרידען.

—איך וויל ניט, איך קען ניט אוועק פון דאַנען, פון דעם הויז, וואו איך האָב אָפּגעלעבט אַזוי פיל יאָהרען גליקליך, איך בין צוגעבונדען צו יעדען ווינקעלע. פינף און דרייסיג יאָהר איז אַ גאַנצע וועלט מיט לעבען. יעדער זאַך איז מיר טייער, און איצט אַלעם איבערלאָזען? איך קען עס ניט!—האָט זי אויסגעשריען מיט טרערען אין די אויגען.

—אבער, מאמע לעבען, דו דארפסט זיך ניט אויפרעגען. מיר וועלען זיך דארט אויך צוגעוואוינען, אט, אונזער פריינד דר. סמיט האלט זיך אויך ביי באזעצען אין ניו יארק.

—יא. איך פאנג שוין אן צו ברענגען מיינע געשעפטען אין אר־דענונג—האט דר. סמיט געזאגט—איך פארקויף מיין הויז און איך האף, אז אין א דריי אדער פיר וואכען ארום וועל איך זיין פארטיג אוועק־צוציהען זיך קיין ניו יארק מיט האק און פאק, זיין לעבען מיין ליבער פאמיליע, וואס איך האב אזוי פלוצלונג ענטדעקט. דארט וועל איך איצט ניט זיין עלענד.

—נו, הערסט, מאמע? מיר וועלען ניט זיין עלענד, אז דר. סמיט וועט דארט זיין מיט אונז.

—מיר וועלען זיך מוזען צוגעוואוינען צו לעבען אן דער פריינד־שאפט פון דר. סמיט. אויב ער געהט זיך באזעצען אין ניו יארק איז נאך בעסער, מיר בלייבען דא, יא, מיר בלייבען דא.

—אזא שווערע לאסט איז אויף אייך מיין פריינדשאפט, מרס. דזשאנסאן?—האט דר. סמיט געפרעגט באליידיגט.

—אז איר עט ניט זיין, וועלען מיר געפינען פריינד צווישען אונזערע קריסטען—האט מרס. דזשאנסאן געזאגט.

—א, זינט איר האט ערפארען מיין אפשטאמונג, טויג ניט מיין פריינדשאפט—האט דר. סמיט סארקאסטיש געזאגט.

—אפשר טאקע ניט. הלוואי וואלט איך עס פריהער געוואוסט, וואלט בעסער געווען.

—מאמע, איך וויל עס ניט הערען! אזא געטרייען פריינד ווי דר. סמיט וועלען מיר אין קיינעם ניט געפינען.

—עס איז אן איינבילדונג פריינדשאפט, טו נאר עפעס, וואס ער וועט ניט וועלען, אדער גיב אים ניט אפ גענוג כבוד, וועסטו זעהן, ווי זיין פריינדשאפט וועט אויסזעהן.

—איך קען בעסער מיין פריינד דר. סמיט, ניט אים קען מען פאר־גלייכען מיט די, וואס זוכען כבוד צי עפעס אנדערש צו קריגען פון פריינדשאפט... ער זוכט ניט פון פריינדשאפט קיין נוצען. ער איז א פריינד, ווייל ער איז א פריינד. דאס זעלבע איז מיט מיר. ביי מיר קען קיינער קיין פריינדשאפט ניט קויפען מיט טובות, סיידען מיט פריינד־שאפט. איך קוק זיך אפט צו צו פיל זאכען, וואס ליגען אין מיר, פילע

איינגענשאפטען, אין וועלכע איך האב זיך איינגעלעבט, האב אפגע־לערענט, און איך באמערק, אז אין כאראקטער ליגט זעהר פיל עהנליכעס צו מיין פריינד דר. סמיט.

—ביזטו ניט צופרידען, אל.?

—ווי קענט איר עס גאר זאגען, דאקטאר? איך בין אייך דאנקבאר מיט מיין גאנצען הארצען פאר דער נאטירליכער לעהרע פון כאראקטער־בילדונג, ווייל אין קיין קאלעדזש קען מען דאס ניט לערנען...

—נו, יא דאס מיין איך טאקע. ער האט זיך אין אייך אזוי איינ־געלעבט, אז איר זענט ביידע באלד ווי איינער... נאר דער אונטערשייד אין יאהרען. דערפאר וואלט גלייכער געווען זיך א ביסעל צו צעשיידען. אז ניט, וועט איר אים באלד פיהרען אין א שוהל אריין...

—א, דאס ניט, דערווייל האלט עס ניט אזוי ווייט, ווייל איך אליין האלט ניט דערפון.

—איז טאקע נאך ערגער. קוקענדיג אויף אייך, ווי איר פארהייליגט אייער רעליגיאן, האלט ער זיינע אזוי עהרליך. איך געדענק שוין ניט, ווען ער איז געווען אין קירכע—האט זי באטריבט גערעדט.

—מען קען זיין אן עהרליכער מענש און א גוטער, טרייער בירגער ווען מען איז אפילו ניט פרום און מען היט ניט אפ די רעליגיעזע צע־רעמאניעס...

—אט האסטו דיר דיינע פריינד! מוחל אזא פריינדשאפט מיט אזעלכע עהרליכע מענשען.

—מרס. דזשאנסאן, איר שאצט דא ניט די פריינדשאפט פון שטאנד־פונקט פון פריינד, נאר לויט אייער באגריף שאצט איר דא די פריינד־שאפט פון א איד... מיט אנדערע ווערטער. איר קענט ניט באגרייפען, צי קען גאר א איד זיין א טרייער פריינד צו א קריסט. איך גלויב, אז איר האט גענוג באוויזע דורך די לאנגע יאהרען, וואס מיר זיינען בא־קאנט, און ווי איך בין געווען אייער הויז־פריינד, כאטש איך האב גע־וואוסט, אז איר זענט קריסטען, גלויב איך, אז איר האט גענוג איבער־צייגונג אין מיין אויפריכטיגער פריינדשאפט... ניט אכטענדיג וואס איר זאלט ניט זיין, האב איך אלע מאל געפיהלט די גרעסטע פריינד־שאפט צום הויז דזשאנסאן.

—מיין גוטער, ליבער פריינד, איר זענט נאבעל!—האט אל. אויס־גערופען און אים ארומגענומען און צוגעדריקט צו זיך—ווי קען מען

צווייפלען אין דער פריינדשאפט פון אזא נאבעלען פריינד! דערווייל זענט איר מיר געבליבען דער איינציגער טרייער פריינד.

—א דאנק דיר, מיין ליבער אל., איך פיהל דאס זעלבע צו דיר— האט דר. סמיט מיט א ציטערדיגען קול געזאגט און טרערען האבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען.

—זעה נאר א ליב לעבען! ער האט קיינעם ניט, און מיך האסטו פארגעסען? בין איך ניט דיין טרייע מאמע?—האט מרס. דזשאנסאן זיך געוואלט איינקוויפען אין זיין ליבע און דערביי געפיהלט, אז זי פאר־לירט אים צו ביסלאך, ווייל זי אליין האט ניט געפיהלט דאס, וואס אז אמת'ע מאמע דארף פיהלען. דאס איז געווען בלויז א צוגעוואוינהייט, ניט מער. בלויז זיך צו געוואוינט צו אל'ן...

—א, ווי קענסטו אזוי שלעכט דענקען וועגען מיר, טייערע מאמע האט דזשאנסאן געזאגט און האט איר א קוש געטאן אין קאפ—האב איך דען אחוץ דיר און אונזער ליבען פריינד דר. סמיט נאך אימיצען, וואס זאל מיך אזוי ליבען? איר זענט מיר די איינציגע טרייע מענשען, וואס איך האב אויף דער וועלט.

—האסט געזעהן אין די צייטונגען? די מיליאנערסקע מיידעל העלען ראגען, דיין געוועזענע כלה, איז איצט אין פאריז, זי האט זיך דארט פאר־לאבט מיט א שוועדישען באראן.

—אזוי? דאס איז גוט! אוודאי איז פאר איר א באראן בעסער ווי אן ארימער דאקטאר.

—אט האסטו אים, ער איז צופרידען, ווען דו ביזט א מענש, ביזטו היינט דעם מיליאנער ראגענ'ס איידעם און דו ביזט דער גרעסטער מאן אין אמעריקא. אז דו האסט אבער דיינע משוגענע אידייען.

—מאמע, איך וויל ניט קיין מיליאנען, איך זוך ניט קיין מיליאנען, איך זוך א ריינע, טרייע, עהרליכע נשמה ווי לילי גאלד. יענע, ליידער, קען איך ניט קריגען, און די ראסען־האסערין וויל איך ניט האבען.

—אל., צו דעם שטרעבסטו צו זיין אין ניו יארק, צו זיין לעבען דער מיידעל? זאג דעם אמת.

—וואס קומט ארויס וואס איך שטרעב, איך וועל זי אבער קיינ־מאל ניט קריגען, איר פאטער איז א שטאלצער איד... און זי האט שוין א אידישען חתן—האט אל. באטריבט געענטפערט.

—נו, דאס מיין פריינד, ווערסטו דאך פארגעסען—האט דר. סמיט

אים געוואָרענט און באַרוהיגט צו דער זעלבער צייט.

—פאַרגעסען וועל איך זי ניט, אָבער זעהן טאָר איך זי_ניט...

—איך בין צופרידען, אַז דו פאַרשטעהסט—האָט דר. סמיט געזאָגט און אים שטאַרק מיטגעפיהלט.

—נו, זייט מיר געזונד, איך מוז געהן—האָט דר. סמיט זיך געכאַפּט און דערלאַנגט די האַנט צו אַל'ן און צו מרס. דזשאַנסאָן.

—דר. איך דענק, אַז איך וועל נאָך פריהער זיין אין ניו יאָרק ווי איר.

—אויב דו ווילסט דורכאויס פאָהרען, קענסטו פאָהרען, דו דאַרפסט אויף מיר ניט וואַרטען.

—גוט, איך וועל זעהן—און ביי די ווערטער האָבען זיי זיך צעשיידט. דר. סמיט איז אוועק אַהיים, דענקענדיג וועגען דזשאַנסאָנ'ס לעצטע עטליכע ווערטער. ער האָט דעם גאַנצען וועג געטראַכט וועגען זיי.

—ווי שווער ער ליידעט נעבאַך—האָט דר. סמיט גערעדט צו זיך אַליין—ער ווייסט אַליין, אַז ער טאָר איר ניט זעהן, אָבער פאַרגעסען קען ער איר ניט... אַ, וואָס פאַר אַ טראַגעדיע דאָס איז! ער ליידט און בענקט נאָך איר, און אויך זי ליידט און בענקט נאָך אים, אַזוי האָט זי מיר דאָך געשריבען אין איר לעצטען בריף, זי קען זיך קוים באַרוהיגען, זי קען זיך קיין אָרט ניט געפינען, וואו זי געהט דאַכט זיך איר אויס, אַז זי וועט דאָרט טרעפען דזשאַנסאָנ'ען...

דר. סמיט דערמאָנט זיך, וואָס לילי האָט אים געשריבען, ווי יענער אַנדערער בחור לויפט איר נאָך און לאָזט איר ניט לעבען. אירע עלטערען מיינען, אַז דאָס איז פאַר איר אַ גליק, נאָר זי קען ניט קוקען אויף אים, ווייל ס'איז פאַראַן נאָר איין מענש אויף דער וועלט וועמען זי ליבט, און דאָס איז דזשאַנסאָן. אירע עלטערען קענען גאָר ניט פאַרשטעהן ווי שטאַרק זי ליבט דזשאַנסאָנ'ען, און זיי טאָרען טאַקע אויך ניט וויסען, אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז זי ליבט אים פאָרט... יענער בחור רעדט זיך שוין איין, אַז זי וועט שוין זיין זיינע, אָבער אין האַרצען ווייס זי, אַז זי וועט קיינעם קיינמאָל ניט ליב האָבען חוץ דשאַנסאָן, צו וועמען איר גאַנץ האַרץ געהערט, מיט אַלע טיפסטע ציטערען פון איר נשמה. און זי קען ניט לעבען פון בענקעניש נאָך אים, נאָך איר היים-געליבטען דזשאַנסאָנען. און וואָס איז דען דאָס גאַנצע לעבען, אַז איר איז באַשערט געוועזן ליב צו קריגען אַ מענשען, וועמען זי וועט קיינמאָל ניט קענען באַזיצען, קיינמאָל ניט קענען האָבען...

—אַ גאָט געדעכטער!—האָט דר. סמיט אויסגעשריען צו זיך אַליין— באַווייז אונז דעם ריכטיגען וועג, זאָלען די קינדער ניט דאַרפען ליידען זייער גאַנצען לעבען, און זאָלען ניט צוויי שעהנע בליהענדע לעבענס פאַרלאָרען ווערען אין פּיינען און ליידען...

## פינף און דרייסיגסטער קאַפּיטעל

אויף בלעקוועלס איילענד, אויף דעם אינזעל, וואו עס ווערען אָפט באַגראָבען לעבעדיגע, יונגע בליהענדע מענשען אין זייערע שעהנסטע יאָהרען, ווערען פאַרוואָגעלט און אָפּגעריסען פון זייערע ליבסטע, פון זייערע פאַמיליעס, איז אויך מרס. לעווין פאַרוואָגעלט געוואָרען.

אויף אָט דעם אינזעל ווערען ניט נאָר באמת וואַהנזיניגע באַגראָבען, נאָר אויך גאַנץ קלאָרע ווערען דאָ באַגראָבען דורך פאַרברעכענס, וואָס אימיצער האָט ערגעץ וואו געטאָן, און מען וויל באַגראָבען דאָס פאַרברעכען צוזאַמען מיט נאָך אימיצען, אום אָפּצוראַמען פון וועג אַלע, וואָס קענען נאָך שטערען אימיצען אַנדערש'ס גליק... מאַנכע ברענגט מען צו דער מדרגה פון אמת'ן משוגעת, ווייל מען טוט זיי אַן אַזעלכע ליידער, ווי זייערע פאַרפאָלגער ווילען עס האָבען זיי זאָלען ניט שטעהן אין וועג. אַנדערע ווערען געריהרט פון פאַרצווייפלונג, און זיי ווערען פון צרות אַזוי ברויזענד־ווילד, אַז מען מוז זיי האַלטען אין צוואַנגיאַקען, צוגעקרעמפּעוועט צום בעט, אַז עס איז זיי ניט מעגליך זיך אַ ריהר צו געבען.

נאָך פון ווייטען קען מען זעהן אויפ'ן אינזעל אַ גרויסע געמויערטע געביידע, וואָס ווערט ארומגערינגעלט פון ים, מיט אַ פעסטען פּלאָנקאָן ווי אַן אייזערנע פעסטונג. ארום דער געביידע געפינט זיך אַ גרויסער גאָרטען מיט ביימער און אַלייען. אונטער דעם שאָטען פון די ביימער זיינען אויסגעשטעלט טישען און בענק זיך אָפּצורוהען, און די קראַנקע, וואָס פיהלען זיך אַ ביסעל בעסער, ווערען ארויסגעלאָזט אין גאָרטען אויף דער לופט, נאַטירלאך אונטער דער אויפזיכט פון וועכטער.. עס וואַקסען דאָ שעהנע בליהענדיגע בלומען. די שוואַכע, האַלב־גענעזענע פיהלען זיך גוט אין דער פרייער לופט, האָבען פאַרגעניגען פון די שעהנע בלומען און פאַרגעסען אויף אַ ווייל זייערע טראַגעדיעס. אָפט קריגט אַ קראַנקער אַ שעהנע בלום פון אַ וועכטער, פּרעזענטירט, דערפאַר, וואָס ער האַלט זיך רוהיג. זיי שליסען דאָרט באַקאַנטשאַפט און באַ־

פריינדען זיך זאָגאר אין דער צייט פון זייערע שפּאַצירען.

מרס. לעווין איז שוין אַ פּאָר וואָכען דאָ. זי האָט זיך שוין אַ ביסעל ערהאָלט פון איר קראַנקהייט און קוקט אויס ניט זעהר שלעכט. זי ווערט גאַנץ גוט באַהאַנדעלט פון די אַנגעשטעלטע פון אַנשטאַלט, ווייל אַל. דזשאַנסאַן האָט טעלעגראַפירט צום אַנשטאַלט, אַז די פרוי איז אונ־טער זיין פערזענליכער שוץ און ער וועט צאָהלען אַלע קאָסטען, און מען זאָל איר אַזוי גוט באַהאַנדלען ווי נאָר מעגליך און טאָן אַלץ אין דער וועלט זי צוריק צו ברענגען צום געזונד. מרס. לעווין האָט עס נאַטירלאַך, ניט געוואוסט, אָבער זי איז צו זיך געקומען. ווען זי האָט אָנגעהויבען פאַרשטעהן וואָס מיט איר קומט פאָר און וואו זי געפינט זיך, איז זי געווען צופרידען מיט דער באַהאַנדלונג. זי האָט איינגעזעהן, אַז מען איז מיט איר זעהר מילד, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז דאָ, אויף דעם אינזעל, ליידען זיך די קראַנקע אַן זעהר פיל צרות, און מיט איר איז מען ניט געווען אַזוי שטרענג. אמת, איר קראַנקהייט איז ניט געווען קיין זעהר ערענסטע, זי איז ניט געווען קיין שעדליכע, זי האָט ניט גע־טאָן קיין שאָדען, ניט געשלאָגען, קיינעם ניט באַליידיגט. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ שטילע, אַ מרה־שחורה׳דיגע, אַ פאַרטראַכטע, און זעלטען פאַרשטאַנען וואָס מען רעדט צו איר. דערפאַר האָט מען איר געלאָזען פריי אַרומגעהן אין גאָרטען שטענדיג. די לופט האָט אויף איר געהאַט אַ זעהר גוטע ווירקונג, זי האָט אָנגעפאַנגען מער צו עסען און צו שלאָפען רוהיגער, און צו ביסלאַך האָט זי זיך דערהאָלט. צוביסלאַך האָט זי זיך אָנגעהויבען צו דערמאָנען זאַכען, וואָס זיינען מיט איר פאָרגעקומען... און זי האָט דערצעהלט דער באַרעמהערציגער שוועסטער אַז אַ יונגערמאַן, וואָס האָט ביי איר געוואוינט, איז זעהר אַ גוטער און ליבער יונגערמאַן, און אַז זי וואָלט אים נאָך אַמאָל געוואָלט זעהן. זי האָט אויך געוואוסט, אַז בעני איז באַשטאָפט מיט פינף יאָהר טורמע, און איז אָבער ריין־געוואַשען געוואָרען פון דער מאָרד־קלאַגע... אַז מען האָט איר דאָס געלאָזט וויסען, האָט זי שטאַרק געוויינט, זי האָט זיך אָבער באַרוהיגט,און דאַן געהאַפט, אַז געווים וועט ער איצט שוין אַרויס אַן אַנדער מענש און וועט האָבען אַ לעקציע צו ווערען אַ לייט. דאַן פלעגט זי שוין זיין נאָמען ניט דערמאָנען, נאָר געהאַפט, אַז עס וועט לאַנג ניט נעמען און אַז מען וועט זי אַרויסלאָזען פון דאַנען... זי האָט זיך אָבער געזאָרגט, וואָס זי וועט טאָן אַצינד, וואָס וועט זי

אנפאנגען, אז זי איז אזוי שוואך פון דער קראנקהייט, איז וואס זשע וועט זי איצט קענען טאן? אזוי פלעגט זי טראכטען, און דאס פלעגט איר לעכערען דעם מוח. אפט פלעגט זי צו זיך אליין זאגען, אז הלוואי וואלט מען איר דעמאלט געלאזט שטארבען, וואלט זי זיך שוין מער ניט געדארפט פלאגען און זארגען זיך, און אזוי הובען זיך איצט אן נייע צרות פאר איר, נייע לײדען און פלאגען.

ארומגעהענדיג אין גארטען האט זי אפט געטראפען א מאן אין פארק זיצען. דער מאן האט ניט אויסגעקוקט אלט, אבער זיינע האר זיינען געווען ווייס ווי ביי א זקן. זיין פנים איז געווען שעהן און איידעל. אליין איז ער געווען הויך געוואקסען, און האט געהאט א שעהן אריסטאקראטיש אויסזעהן. ער האט אבער שטענדיג גע־שוויגען. ער האט ניט גערעדט צו קיינעם, האט קיינעם ניט דער־קענט. זיין קראנקהייט איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האט פארלא־רען זיין זכרון—ער האט ניט געוואוסט ווער ער איז און וואס ער איז און וואס מיט אים איז פארגעקומען. מענשען האבען דערצעהלט דער מרס. לעווין, אז דער מאן געפינט זיך שוין דא אין דעם אנשטאלט עטליכע און צוואנציג יאהר. מען ווייסט ניט ווער ער איז, און אט אזוי בלאנדזשעט ער ארום. גיט מען אים עסען עסט ער, לעגט מען אים שלאפען, שלאפט ער, מען באהאנדעלט אים ווי א קינד.

—ארימער מענש!—האט מרס. לעווין אים באדויערט, ווען זי פלעגט זעהן דעם דאזיגען מאן ארומגעהן צווישען די אלעען.

איינמאל האט זיך מרס. לעווין צוגעקוקט צו דעם א מאן און האט צו זיך אליין געזאגט: אט אזוי הויך איז געווען מיין אלבערט...

—און פאר גרוים מיטלייד מיט אים איז זי צוגעגאנגען צו אים און געוואלט פרובירען פארפיהרען מיט אים א געשפרעך, אבער יענער האט איר ניט געענטפערט נאר איינמאל, זיצענדיג אזוי אין גארטען אויף א באנק ניט ווייט פון אים, האט זי געפרעגט:

—מר. איר האט א פאמיליע?

—איך ווייס ניט—איז געווען דער ענטפער.

—קומט צו אייך קיינער ניט?

—איך ווייס ניט.

וואס זי האט אים געפרעגט איז געווען דער קורצער ענטפער: איך ווייס ניט.

—מרס. לעווין, א גאַסט!—האָט מען זי פּלוצלונג גערופען.

—צו מיר א גאַסט?

—יאָ, א שעהנער יונגערמאַן—האָט א בּארמהערציגע שוועסטער געזאָגט שמייכלענדיג. אזוי רעדענדיג איז צוגעקומען דער יונגערמאַן. מרס. לעווין האָט באַלד דערקענט אין אים איר קוואַרטיראַנט און פריינד אַל. דזשאַנסאָן.

—אָ, מר. דזשאַנסאָן, איר?!

—יאָ, איך, העלאָו, וואָס מאַכט איר? ווי פילט איר זיך?

—אַ, אזא גוטער גאַסט! איר זעט, איך פיל זיך שוין גוט. ווען וועט מען מיך ארויסלאָזען?

—אזוי באַלד ווי איר וועט זיין פּאָלקאָמען געזונד.

—אָ, ווי איך פרעה זיך אייך ווידער צו זעהן! איך האָב אזוי פיל וועגען אייך געדענקט, וואָס פאַר א גוטער מענש איר זענט, וויפיל גוטס איר האָט פאַר מיט געטאָן—האָט זי ווידער אַלעם צוזאַמען גערעדט...

—דערווייל האָט איך נאָך פאַר אייך גאָר ניט געטאָן—האָט אַל. איר געענטפערט און געטראַכט אז זי איז שוין גאַנץ קלאָר, נאָר זי מישט צונויף אַלצדינג, און ער האָט זיך אָנגערופען צו איר:

—מרס. לעווין, זאָרגט זיך ניט, זייט נאָר געזונד און אַלעם וועט רעכט זיין. איך וועל זאָרגען איר זאָלט ניט דאַרפען מער ליידען.

—אָ, גוטער מענש, מיט וואָס וועל איך אייך קענען אָפּדינען?

—מיט גאָר ניט, ליבע מרס. לעווין. איר דאַרפט מיר ניט אָפּדינען. איך בין צופרידען, אז איך זעה אייך בעסער. האָפענטליך וועט איר זיין גענוג שטאַרק, ווען איר וועט אַרויס פון דאַנען. מיין פריינד, דר. סמיט, באַזעצט זיך אין ניו יאָרק, האָבען מיר גערעדט וועגען אייך. ער דאַרף א באַלעבאָסטע אין הויז, פאַרשטעהט זיך, אויב איר וועט וועלען וועט איר קענען זיין די פאַרוואַלטערין פון זיין הויז, ווייל יענע, פון באָסטאָן, איז צו אַלט צו פאָהרען מיט אים אהער.

—אָ, איך בין צופרידען! איך וועל אַלעם אָנווענדען צו מאַכען אייער פריינד פילען צופרידען. איך ווייס ווי צו פירען א הויז.

—שוין, גוט, האָט איר זיך ניט וואָס צו זאָרגען.

—אָ, ווי גוט איר זענט! ווי וועל איך אייך קענען אָפּדאַנקען פאַר אזוי פיל גוטס? איר זאָרגט זיך פאַר מיר ווי אַן אייגען קינד.

—איר זייט נאָר רוהיג, באַמיט זיך געזונד צו ווערען.

—האט איר געהערט ווען דעם סוף פון מיין בעני׳ן?

—יא, איך האב עס געלייענט אין די צייטונגען.

—נו׳ וואס זאגט איר דערצו?

—איר דארפט זיין צופרידען, ווייל מען האט דאך אים ריינ־געוואשען פון דער מארד־קלאגע.

—טאקע א גליק—האט זי געזאגט און האט א זיפץ געטאן—נו, מילא, אפשר וועט ער נאך ווערען א מענש.

—לאמיר האפען, אז ער וועט ווערען א מענש, אז ער וועט איינ־זעהן זיין פעלער.

—הלואי—האט זי שטארק א זיפץ געטאן און טרערען האבען זיך באוויזען אין אירע אויגען—קומט, לאמיר א ביסעל שפאצירען.

און אזוי רעדענדיג זיינען זיי ביידע אוועק שפאצירען אין גארטען אונטער דיביימער און האבען זיך גוט אנגעזאפט מיט דער שעהנקייט פון דער נאטירלעכער נאטור.

איז ביי אייך גאר קיינער ניט געווען פון אייער פאמיליע, אדער באקענטע?—האט דזשאנסאן איר א פרעג געטאן.

—יא, מיין קוזינע מיט לילי׳ן.

—ווי פילען זיי זיך?

—זיי פיהלען זיך גוט, נאר לילי פארשטעהט זיך, בענקט א ביסעל נאך אייך...

—אזוי?

—יא, זי האט עס מיר אפען געזאגט. זיי ווילען, אז זי זאל הייראטען מיט דעם מילער׳ן, אבער זי האסט אים.

—ארימע לילי!

—יא, זי ליידט זעהר פיל.

—א, ווי מיר פארדריסט עס!—האט דזשאנסאן שטיל געזאגט.

—יא׳ מיין פרייד—האט מרס. לעווין ווייטער גערעדט—איר זעהט׳ עס איז פאראן אזוי פיל צרות אויף דער וועלט, אזוי פיל אונגליק אויף דער וועלט, אז מיר ווייסען אפילו ניט. איר זעהט אט דעם שעהנעם מאן מיטן ווייסען קאפ? זיין פנים קוקט אויס אזוי שעהן און זיין קאפ און זיין פיגור און זיין האלטונג — ווי שעהן׳ ווי שטאלץ און אריסטא־קראטיש, און ווי אונגליקליך ער איז! ער איז שוין דא עטליכע און צוואנציג יאהר און מען ווייסט ניט ווער ער איז און וואס ער איז.

ער אַליין ווייסט גאָר ניט. אַז איך דערזעה אים ווערט מיין האַרץ צע־בראָכען, ווייל ער זעהט אויס זעהר ענליך צו מיין ערשטען מאַן, נאָר ער האָט ווייסע האָר. ער רעדט וועניג. ער איז ווי אַ קינד, אַזוי אונבאַהאָלפען, ווייל ער האָט פאַרלאָרען זיין זכרון.

דזשאָנסאָן האָט באַטראַכט דעם מאַן, דאָס פּנים איז אים פאַרגעס־קומען קענטליך, ווי ער וואָלט אים געזעהן ערגעץ. ער איז געבליבען שטעהן און ניט געקענט אַפּרייסען די אויגען פון אים. דער אונגליק־ליכער האָט געריהרט דזשאָנסאָנ'ס האַרץ ביז טרערען, און ער האָט שטיל, ווי צו זיך אַליין, אַרויסגערעדט: ער איז גאַנץ ענליך צו מיין פריינד, יאָ, זעהר ענליך.

—ווי שעהן ער איז! וואָס פאַר אַ געהיימניספולע פיגור ער האָט! ער זעהט מיר אויס ווי איך וואָלט אים ערגעץ געזעהן, אָבער וואו ווייס איך ניט.

—עס גיבען אָפט ענליכקייטען פון מענשען, וואָס עס דאַכט זיך, אַז מען האָט ערגעץ וואו געזעהן, אָבער אין אמת'ן האָט מען זיי קיינמאָל ניט געזעהן—האָט מרס. לעווין געזאָגט—מיר דאַכט זיך אויך, אַז איך קען אים, אָבער איך האָב גיט קיין גוטען זכרון.

—אָט דער מאַן האָט מיך אַזוי פאַראינטערעסירט, אַז איך וואָלט וועלען אַריינגעהן צום דירעקטאָר זיך נאָכפרעגען וועגען אים—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט אַ פאַרטראַכטער.

—איר קענט עס טאָן, כאָטש איך דענק, לויט ווי איך האָב געהערט, אַז מען קען דאָ זעהר וועניג אויסגעפינען וועגען אים. אָבער פּרובירט.

—גוט זעצט זיך לעבען הויז אויף דער וועראַנדע און איך וועל אַרייגעהן אין אָפּיס. ווילט איר וואַרטען, מרס. לעווין?

—זעהר גוט, מר. דזשאָנסאָן, איך בין נייגעריג צו הערען וואָס איר וועט אויסגעפינען וועגען דעם אונגליקליכען.

—נו, גוט. וואַרט צו, איך וועל זיך ניט זאַמען לאַנג—און מיט די ווערטער איז דזשאָנסאָן אַריין אין אָפּיס.

דזשאָנסאָן האָט זיך פאַרזאַמט אין אָפּיס ביי אַ האַלבער שטונ־דע. מרס. לעווין אי געזעסען און געוואַרט, סיז זי האָט זיך קוים דער־וואַרט, קוים דערלעבט צו זעהן דזשאָנסאָנ'ען אַרויסקומען פון אָפּיס.

—נו, וואָס הערט זיך, מר. דזשאָנסאָן?

—דער דירעקטאָר און בוכהאַלטער האָבען פאַר מיר געעפענט די

אלע ביכער פון יענער צייט, וואס דער דאזיגער מאן איז אריינ-געקומען אין דעם אנשטאלט. פארשטעהט זיך, אז זינט דאן האבען זיך פילע זאכען געביטען. דער אלטער דירעקטאר איז דער איינציגער, וואס איז געבליבען פאר דער גאנצער צייט און האלט אן בראוו זיין פאסטען, אבער ער געדענקט ווייניג דערפון. די ביכער זאגען, אז אין א געוויסעי פריהמארגען, פריה, זעהר פריה, האט מען אנגעקלאפט און אריינגעבראכט א האלב טויטען יונגענמאן אין א פארמאכטען אטאמא-ביל. א מאן האט אים געבראכט. דער יונגערמאן אליין איז געווען פאר-חלש'ט, און דער, וואס האט אים געבראכט, האט געזאגט, אז דער פאציענט הייסט פרענק מאנעווער. ער האט געזאגט, אז ער איז זיינער א שוואגער און אז מיט אים האט אן אונגליק געטראפען, ער האט פארלארען זיין זכרון. ער האט אנגעגעבען זיין אייגענעם נאמען אלס דאקטאר לעווין פון שיקאגא, און האט באצאלט פינף הונדערט דאלער. ער איז א פאר מאל געקומען אים באזוכען און האט באצאלט די קאסטען, נאר שפעטער איז ער פארשוואונדען געווארען און מען האט ניט געקענט אויסגעפינען וואו ע ראיז אהינגעקומען. מען האט געזוכט א דאקטאר לעווין אין שיקאגא און עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז געשטארבען. אזוי איז דער אונגליקליכער פארבליבען דא אן עלענדער ביזן היינטיגען טאג.

—דר. לעווין, דר. לעווין—האט מרס. איבערגע'חזרט—מיין מאן האט געהייסען דר. לעווין, ער האט אבער ניט געהאט קיין שוואגער מיט אזא נאמען און ניט פון שיקאגא.

—נו, ווער ווייסט, ווער דער דר. לעווין איז געווען.

—וואס דענקט איר צו טאן מיט אים? קען מען איבערהויפט עפעס דען טאן פאר דיזען אונגליקליכען?

—איך וויים נאך ניט, איך וועל ברענגען מיין פריינד דר. סמיט ער זאל אים זעהן צו מען קען עפעס טאן פאר אים.

—יא, טוט עס טאקע—האט מרס. לעווין געזאגט מיט גרוים געפיהל.

—איצט, זייט מיר געזונד און זארגט נאר ניט, אלעס וועט רעכט זיין, אלעס וועט רעכט זיין.

—איך דאנק אייך זעהר פיל—האט מרס. לעווין גערירהרט גע-זאגט צו דזשאנסאנ'ען—איך האב גאר ניט אזוי פיל ברכות אייך צו ווינשען פאר אייער גוט הארץ. זאל אייך גאט באגליקען ווי

איר ווינשט זיך אליין. פאהרט געזונטערהייט!

מרס. לעווין האט אים נאכגעקוקט מיט א פול הארץ מיט וואונשען און מיט אויגען פול מיט טרערן האט זי אויסגערופען:—וואס פאר א ליעבער מענש ער איז! גליקליך איז די מאמע וואס האט דאס גליק אזא זוהן צו האבען!

## זעקס און דרייסיגסטער קאפיטעל

ווען דזשאנסאן איז אוועק פון משוגעים אנשטאלט האט אים זעהר לייד געטאן, וואס מרס. לעווין דארף נאך בלייבען א שטיקעל צייט הינטער די שווארצע ווענט, די דיקע מויערען פון דעם אנשטאלט. און ווייל זי האט נאך ניט געהאט וואוהין צו געהן און זי איז נאך געוועזען צו שוואך צו נעמען א צימער פאר זיך אליין, האט ער באשלאסען, אזוי ווי ע ס איז זומער און זי ליבט די אפענע נאטור און זי קען דא ארומגעהן פריי וויפיל זי וויל נאר אליין אין דעם שעהנעם גארטען אויף דער פרישער לופט לעבען ים, און דאס טוט זעהר פיל גוטעס צו איר שוואך געזונד—איז טאקע בעסער פאר איר צו בלייבען דא א קורצע ווייל, איידער אין ניו יארק ערגעץ אין א צימערעל אן ליכט און אן לופט.

דזשאנסאן האט געפונען אז איצט איז זיין גינסטיגסטע צייט זיך צו נעמען א וואקיישיאן. ער האט געוואוסט אז דער גוטער דאקטאר סמיט וועט שוין זארגען פאר מיסעס לעווין, און דאס זיין הערצענס וואונש צו מאכען א רייזע אין די פערשיעדענע גרויסע שטעדט, און איבער-הויפט אין פאלעסטינא, דאס לאנד פון דעם אייביגען פאלק, דאס לאנד פון פיעלע זיסע חלומות פון מיליאנען מענשען פאר טויזענדער יאהרען, ער האט לאנג ניט געטראכט און איז אוועק, אוועק צו לעשען דעם דורשט פון זיין נשמה.

דעם ערשטען באזוך האט ער געמאכט אין לאנדאן. זיין צווייטען גרעסערען באזוך האט ער געמאכט אין פאריז. דארט איז געווען בא-זוכען די אוניווערזיטעטען, זיך געוואלט באקענען מיט די פאריזער פראפעסארען, מיט דער אקאדעמיע. אין פאריז האט מען דעם יונגען געלערנטען זעהר פיין עמפאנגען. ער האט געהאלטען צוויי קורצע פארטראגען, איינעם אין דער פאריזער אוניווערזיטעט און איינעם אין דער בילדונגס-אקאדעמיע. זיינע לעקציעס האבען באהאנדעלט די

טעמע „הומאַניטעט און ראַסען האַס". ער האָט ערקלערט צו די פּראָפעסאָרען, אַז ער שטודירט דאָס לעבען פון די פעלקער. ער האָט אויפגעוויזען, אַז ראַסען־האַס איז דער ערגסטער איבעל פאַר יעדען לאַנד. די פּראָפעסאָרען זיינען געווען איבערראַשט צו זעהן, ווי אַ קריסט־ליכער אַמעריקאַנער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע פון אַזאַ נאַר וויכטיגער פראַגע צו פאַרטיידיגען די מינאָריטעטען געגען זייערע פאַרפאָלגער.

די ליבעראַל געזאָנענע פּראָפעסאָרען און סטודענטען האָבען לכבוד דעם גאַסט געמאַכט אַ גרויסען מאָלצייט. דער אָווענט איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג. די בעסטע אינטעלעקטועלע עלעמענטען זיינען געווען צו דעם מאָלצייט. דזשאָנסאָן האָט געקראָגען אַ גרויסע אָוואַציע. זיין אידעע האָט אין טויזענטער הערצער זיך אָפּגערופען מיט דאַנק־באַרקייט. אין די לעקציעס, וואָס די פּראָפעסאָרען און ליבעראַלע פריינד האָבען געהאַלטען, האָט זיך אַרויסגעוויזען די טיפע אַכטונג וואָס מען האָט צו דעם אַמעריקאַנער ליבעראַלען געלערנטען יונגענמאַן. מען האָט אים באַשריבען אין אַלע צייטונגען, געבענדיג אומעטום זיין עפּאָכע פון אמת'ען ליבעראַליזם און אַמעריקע מעג שטאָלץ זיין מיט אים, ווייל ער וועט זיין אין זיין צייט איינער פון די גרעסטע מענשען פון לאַנד. עס איז אויך געווען באַמערקט, אַז פּאַריז האָט דעם אַמערי־קאַנעם געלערנטען באַעהרט מיט אַן אויסצייכנונג, מיטן טיטול פון דר. פילאָזאָפיע.

## זיבען און דרייסיגסטער קאַפּיטעל

אויף אַ ווערענדע אין אַ פּרעכטיגען האָטעל אין פּאַריז איז גאַנץ פריה געזעסען אַ יונגע שעהנהייט און געהאַלטען אַ צייטונג אין האַנט און געלייענט.

זי האָט געלייענט ווי אַ יונגער דאָקטאָר, וועלכער איז אויף אַ טור איבער אייראָפּע צו שטודירען די פראַגע פון ראַסען־האַס און אַנ־טיסעמיטיזם, איז איצט אין פּאַריז. ס'איז אויך אין צייטונג באַשריבען געוואָרען, ווי מען האָט אים באַעהרט מיט אַ שעהנעם באַנקעט פון דער גרעסטער ליבעראַלער אינטעליגענציע. דאָן איז אין קורצען איבער־געגעבען געוואָרען די פייערדיגע רעדע פון'ם גאַסט דזשאָנסאָן, וואו ער האָט אויפגעוויזען ווי ראַסען־האַס ברענגט שאָדען צו יעדען לאַנד.

זי האט דאס אלעס געלייענט, און אויך ווי די פראפעסארען האבען אים באעהרט מיטן טיטעל „דאקטאר פילאזאפיע“.

ווען זי האט עס איבערגעלייענט, האט זי א זיפץ געטאן: אט צו וואס ער האט זיך גענומען. אבער נאך דעם האט זי אין זיך אליין געטראכט, אז געוויס איז ער גערעכט, ווען אלע פראפעסארען לויבען אים אזוי און באעהרען אים מיט טיטלען. ער איז איצט רייכער מיט זיין טיטעל, ווי מיטן טיטעל „באראן“....

א יונגערמאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג איז ארויסגעקומען פון די צימערען און זיך העפליך פארנייגט, ווינשענדיג „גוט-מארגען“ דער יונגער שעהנהייט, און איר דערנאך געפרעגט:

—נו, ווי פיהלסטו היינט, טייערע? ווע‌לען מיר היינט ארויספאהרען?

—איך פיהל זיך גאנץ גוט. א דאנק אייך, באראן.

—מיר וועלען באלד דארפען געהן צום טיש פאר פרישטיק, און דו ביזט נאך ניט אנגעטאן.

—איך געה שוין אנטאן זיך.

—זאל איך ארויסשיקען דאס מיידעל?

—ניין, איך דאנק.

—ווי דו ווילסט—און ער איז צוריק אריין.

דאס איז געווען באראן באלדרוויו, פון שוועדען, פון דער קעניגליכער אפשטאמונג. אייגענטליך האט ער זיך געהאלטען פאר א פרינץ, נאר פאר דער איצטיגער צייט איז אים געבליבען דער טיטול „באראן“ ווייל איצט איז דער טיטול „באראן“ ניט קלענער ווי „פרינץ“... ער איז געווען פון מיטעלען וואוקס, מיט שווארצע האר; זיין רעדען איז געווען זעהר שעהן, ער האט ליב געהאט צו קאקעטירען מיט דאמען, אלע מאל צולעגענדיג א גלעזעל צו איין אויג און מיטן אנדערען האט ער שטענדיג געפינטעלט, ווי ער וואלט געוואונקען. די דאמען האבען געהאלטען פאר א גרויסער עהרע צו פארברענגען אין דער געזעלשאפט פון דעם שוועדישען באראן. ער איז פון נאטור געווען א פרעהליכער און האט געקענט דערצעהלען שעהנע אנעקדאטען, וויציגע, און מיט דעם האט ער זיך געקויפט א שם ביי דער פאריזער הויכער געזעלשאפט.

אז די אלטע מרס. ראגען האט אים דערזעהן מיט א פאר מאנאט

צוריק, ווען זיי זיינען געווען דאס ערשטע מאל אין פאריז, איז איר באלד דער בעראן געפעלען געווארען.

—דאס איז דער ריכטיגער מאן, וואס אונזער טאכטער דארף קריגען—האט מרס. ראגען געזאגט—אן עכטער אריסטאקראט מיט א טיטול. דא איז ווערט צו געבען די מיליאנען, עס איז כאטש דא פארוואס. ניט אזוי ווי יענער, וואס איז געווען אן ארימער סטודענט און איז נאך געווען שטאלץ צו מיינע צרות...—האט זי גערעדט און געלאכט פון יענעם—דער איז אינטעליגענט, א בעראן, דאס איז ריכטיג פאר אונזער העלען. אזא שעהנהייט איז ווערט צו זיין א בעראנעסע.

—מיר קאנען אים נאך גאנץ ווינציג—האט מר. ראגען געזאגט.

—צו וואס דארפען מיר אים קענען? אלע פאריזער אריסטאקראטען זאגען, אז אזא יונגערמאן איז א זעלטענהייט...

אט אזוי האט מאדאם ראגען צוגערעדט, און דער בעראן האט געוואוסט ווי צו האנדלען. ער האט זיי געמאכט די גרעסטע קאמפלימענטען און מיט דעם האט ער זיי געוואונען. דער בעראן האט שטענדיג געזוכט צו זיין אין דער געזעלשאפט, וואו די ראגענס האבען זיך געפונען, מען האט אים שטענדיג געלאזט וויסען אפריהער וואו זיי וועלען זיך דעם און דעם טאג געפינען. מאדאם ראגען און איר טאכטער האבען פארשווענדט א גרויסען פארמעגען זייענדיג אין פאריז און אזוי ארום זעהר שנעל באקאנט געווארען אין פארשידענע קרייזען. מען האט צוליב זיי געמאכט בעלער, און מען האט געהוליעט און געלאזט זיך וואוילגעהן, און פאריז האט געקאכט מיט די ראגענס, און איבערהויפט מיט דער טאכטער, וועלכע איז באלד בעריהמט געווארען אויך מיט איר שעהנקייט.

דעם לעצטען פריהמארגען איז העלען אויפגעשטאנען ניט גוט אויפגעלעגט נאך א שפעטען אויפזיין אויף א באל, וואס האט אנגעהאלטען ביז פיר אזייגער פארטאג. העלען האט די נאכט ניט געקענט שלאפען, ווייל שוין נעכטען צום באל האט מען גערעדט וועגען דעם אמעריקאנער געלעהרענטען, וואס פאהרט ארום איבער אייראפע, שטעלט זיך אפ אין פארשידענע שטעט צו געבען לעקציעס איבער דער טעמע „ראסען-האס און אנטיסעמיטיזם“. העלען האט געהאפט זיך מיט אים צו טרעפען און מיט אים צו רעדען. דער פארדרוס, וואס זי האט געהאט געגען אים, איז פארשוואונדען, און אין איר הארץ האט

אויפגעוואַכט איר ערשטע ליבע.

העלען האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַריין מיט דער צייטונג אין האַנט און געצייגט דעם פּאַטער, ווי איר געוועזענער חתן מאַכט פּאַרשריט.

—ער איז פאַרט אַ קבצן און אַ טיטול—האָט מרס. ראַגען פאַרגע-וואַרפען מיט אַ ביטול-שמייכעל.

—זיין טיטול איז מער ווערט ווי צעהן באַראָנען—האָט העלען סאַרקאַסטיש אַריינגעזאָגט איר מוטער, קוקענדיג גלייך אין אירע אויגען—און הלוואי קען איך אים נאָך קריגען, וועל איך דיר מוחל זיין דיין באַראָן...—האָט זי אויסגערופען און איז אַוועק אין איר צימער זיך אנצוטאָן.

דעם טאָג איז העלען געווען אין פיל פּלעצער מיט דער אַבזיכט צו טרעפען זיך מיט דזשאָנסאָנ'ען. זי האָט געדענקט, אַז זי וועט אים זיכער טרעפען אין די פּלעצער, וואָס אַלע רייזענדע באַזוכען—אין די קונסט-טעמפּלען. העלען האָט די אַלע פּלעצער באַזוכט היינט מיט דער האָפנונג, אַז זי וועט ערגעץ טרעפען דזשאָנסאָנ'ען און אפשר וועט איר געלינגען צוריק צו מאַכען מיט אים שלום. ליידער אָבער, נאָך פיל שטונדען ארומגעהן און אַרומזוכען, איז זי אַהיימגעקומען אַ מידע און אַן ענטוישטע, און פול מיט פאַרדרוס. זי איז געווען אַזוי צערייצט, אַז זי האָט דעם אָוענט ניט געוואָלט זעהן איר איצטיגען חתן, דעם ווירדיגען באַראָן פאָן באַלדווין. די מוטער האָט זיך שטאַרק געערגערט איבער דעם. זי האָט געשריען, אַז דער באַראָן וועט זיך באַליידיגען, און די פאַריזער דאַמען קוקען אויף דעם אַרום. זיי ווילען אים קריגען. אָבער עס האָט גאָר ניט געהאָלפען. העלען האָט ניט געוואָלט הערען. מרס. ראַגען האָט געזאָגט אַ תירוץ דעם באַראָן, אַז זי האָט קאָפּשמערצען און זי קען מיט קיינעם ניט רעדען און אַז אין טעאַטער וועט זי היינט ניט געהן. דערפאַר האָט מרס. ראַגען פאַרטראַכטען דער טאָכטער און איז אַוועק אין טעאַטער מיט דעם באַראָן.

## אַכט און דרייסיגסטער קאַפּיטעל

מרס. לעווין האָט געוואַרט און געהאָפט ווידער צו זעהן דזשאָנסאָנען איידער זי געהט אַרויס פון אַנשטאַלט. זי האָט געוואָלט הערען, צו וועט זי קריגען דעם פּלאַץ ביי דר. סמיט, ווי דזשאָנסאָן האָט איר גע-

האט פארשפראכען, אז זי וועט זיין די אויפזעהערין איבער דר. סמיט'ס הויז. זי האט נאך געפיהלט צו שוואך נאך דער שווערער קרענק צו קענען געהן אין פרעמדע הייזער און אויפזיין גאנצע נעכט ביי די קראנקע אדער קינפעטארינס, ווי זי פלעגט עם פריהער טאן. זי האט געפיהלט, אז זי איז ניט בכח דאס צו טאן ווער ווייסט פאר ווי לאנג, דערפאר האט זי אזוי געהאפט אויף דזשאנסאנ'ס פארשפרעכען, אז זי וועט דארט האבען אן אפרו-פלאץ.

איז אייז שעהנעם פריהמארגען האט זי דערהאלטען א קורץ בריי ־וועלע פון דזשאנסאנ'ען, אז היינט קומט ער מיט זיין פריינד דר. סמיט זי אהיים צו נעמען.

—גוטער, ליבער מענש! ווי ער טראכט פאר מיר, ווי א גוטער זון— האט זי געשעפטשעט צו זיך אליין באטראכטענדיג דאס בריוועלע און פריידענס-טרערען האבען אנגעפילט אירע אויגען.

מרס. לעווין האט זיך קוים געקאנט דערווארטען ווידער צו זעהן דזשאנסאנ'ען, זי איז געווען שטארק נערוועז און האט די גאנצע צייט ארומגעשפאצירט אין גארטען צווישען די אלעען. פלוצלונג איז צוגע־פאהרען אן אטאמאביל צום אנשטאלט און עס זיינען ארויסגעקומען די ליבע טייערע פריינד דזשאנסאן און דר. סמיט. מרס. לעווין האט דעם דאקטאר ניט דערקענט, כאטש ער האט איר באהאנדעלט אין דער שווע־רער קרענק, אבער זי האט פארשטאנען, אז דאס איז ער. זיי זיינען גלייך צוגעקומען צום גארטען זי טרעפען, ווייל דער אויפזעהער האט זיי געזאגט, אז זי איז אין גארטען. דזשאנסאן האט מיט א ליבליכען שמייכעל באגעגענט מרס. לעווין און זי געפרעגט ווי זי פיהלט זיך.

—זעהר פיין, מיין ליבער פריינד—האט זי אויסגערופען און געקוקט צו אים מיט פרייד.

—דאס איז מיין פריינד דר. סמיט—האט אל. געזאגט, פארשטע־לענדיג זיין פריינד.

ווען דר. סמיט האט איר דערלאנגט די האנט איז זי געבליבען א דערשראקענע און האט א פרעג געטאן:

—זענט איר עם דר. סמיט?

—יא, מרס. לעווין, ווי פיהלט איר זיך איצט?

—איך פיהל זיך גאנץ גוט, אבער הערט—האט זי געצעהלט אירע ווערטער לאנגזאם און פארזיכטיג, קוקענדיג שטארק אויף דר. סמיט—

מיר קומט פאָר, אז איך האָב אייך ערגעץ געזעהן, אבער שוין זעהר לאנג.

—אפשר געדענקט איר מיך פון אייער קראנקהייט, ווען איך האָב אייך באהאנדעלט?

—ניין, פון דעמאָלט געדענק איך גאָר ניט. דאָס איז אַן אנדערט מאָל מיט פיל יאָהרען צוריק...

—עס קען זיין. איך טרעף פיל מאָל פאציענטען, וואָס דערקענען מיך, ווייל שוין זייט דרייסיג יאָהר, ווי איך קוק אויס ווי א זקן.

—יא, דאָקטאָר, איך דערמאָן זיך, דאָס זענט איר געווען דער פארמיטלער צווישען מיר און דער פרוי, וואָס איך האָב מיין קינד איבערגעגעבען...

—אייער קינד איבערגעגעבען?

—יא, מיין קינד, מיין אינגעלע. איך בין געווען אזוי אונגליקליך, אז איך האָב ניט געקענט האַלטען מיין קינד און האָב עס געמוזט אוועקגעבען צו ערציהען.

—ווי קען דאָס מעגליך זיין?—האָט דר. סמיט א בלייכער גענומען שטאַמלען.

—יא, דאָקטאָר, דערמאָנט זיך, אין באסטאָן. איר זענט געקומען צו מיר אין ניו יאָרק און מיך גענומען מיט מיין קינד אין באסטאָן צו יענער פרוי, איך געדענק שוין ניט איר נאָמען. איך האָב מיין קינד אוועקגעגעבען, איך וועל עס קיינמאָל ניט פארגעסען—האָט זי מיט פארצווייפלונג אויסגערופען און א שטראָם טרערען האָט זיך א גאָס געטאָן פון אירע אויגען—אפשר האָט מיך דערפאַר גאָט געשטראָפט וואָס איך האָב יענעם קינד מיינס אוועקגעגעבען צו קריסטען, איך וועל די זינד טראָגען מיט זיך אין קבר...

דר. סמיט איז געשטאַנען א בלייכער און דערשראָקענער. דזשאָנסאָן האָט עס באַמערקט און ניט געוואוסט, וואָס דאָ קומט פאָר.

—אָ, דאָקטאָר, איך וואָלט וועלען וויסען צו לעבט ער באַטש! זאָגט מיר, דאָקטאָר, איך בעט אייך, לעבט נאָך מיין קינד?

—אָ, מרס. לעווין, עס איז פאָר מיר אזא איבעררראשונג, אז איך ווייס ניט וואָס אייך צו ענטפערען.

—אָ, דאָקטאָר, ווען איר ווייסט, ווי מיין געוויסען פלאָגט מיך. איך בין אזוי אונגליקליך! איך לייד אלע יאָהרען זינט יענער צייט. איך בענק נאָך מיין קינד, איך קען זיך ניט באַרוהיגען.

—איר האָט עס עהרליך פאַרדינט! די ליידעז וואָס איר ליידט זיי-נען נאָך ווייניג. וועלכע אַנשטענדיג מאַמע גיט עס אַוועק איר קינד?

—אָ, דאָקטאָר, פאַראורטיילט מיך ניט! איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט! איך האָב געוואָלט דעמאָלט באַגעהן זעלבסטמאָרד, האָב איך צוערשט געוואָלט באַזאָרגען מיין קינד מיט אַ היים, עס זאָל בלייבען אַן אָנדענק פון זיין פאָטער, ווייל איך האָב זיין פאָטער שטאַרק געליבט. יאָ, איך האָב אים געליבט, כאָטש ער האָט מיך פאַרלאָזען. איך האָב ניט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען. פריינד האָבען מיר געזאָגט, אַז ער האָט מיך פאַרראַטען, ביז איך געוואָרען שטאַרק פאַרצווייפעלט, און איך האָב געוואָלט באַגעהן זעלבסטמאָרד. אָ, הלוואי וואָלט איך דעמאָלט דורכגעפיהרט מיין פּלאַן, און איך וואָלט פאַרשפּאַרט צו ליידען אַזוי פיל, איך האָב אָבער ניט געהאַט קיין מוט..

—האָט איר אייער פריינד מער ניט געפונען?—האָט דר. סמיט גע-פרעגט מיט אינטערעס.

—ניין, ליידער. עס איז שוין פינף און צוואַנציג יאָהר זינט ער איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

—האָט איר ניט געהאַט קיין פאַרדאַכט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט?

—איך האָב שפּעטער מיט יאָהרען יאָ געהאַט אַ פאַרדאַכט טאַקע אויף מיין מאַן, וועלכען איך האָב שפּעטער געהייראַט, אַז ער האָט עס אים פון וועג אַראָפּגעראַמט, כדי ער זאָל מיך קריגען—האָט זי דער-צעהלט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און פול מיט צער.

—זאָל עס מעגליך זיין?

—ליידער קען עס פּאַסירען, עס זיינען דאָ גענוג שאַרלאַטאַנעס, וואָס בויען זייער גליק אויף אַן אַנדערענס אונגליק. מיין ערשטער מאַן און דער אַנדערער זיינען געווען קאָלעגען. איך בין געווען אַ באַרעמ-הערציגע שוועסטער אין זעלבען שפּיטאָל, וואו זיי האָבען פּראַקטיצירט, און ביידע האָבען זיי מיך געליבט. איך האָב אויסגעקליבען דעם, וועלכען איך האָב געליבט. מיר האָבען זיך געליבט אָן אַ גרענעץ, מיט אַזאַ פייער ווי נאָר אמת-באַשערטע קענען זיך ליבען. און מיר זיינען אַוועק אַ ביסעל צו וויים...

דר. סמיט האָט אַ ציטער געטאָן עס איז פאַר אים איצט קלאָר גע-ווען, אַז פאַר אים שטעהט דאָ אַל. דזשאָנסאָנ׳ס מוטער. און ער האָט

זיך איצט דערמאָנט, אַז ער האָט טאַקע ריכטיג אָפּגעשאַצט די לאַגע, אַז ער מוז שטאַמען פון אַן אונגעזעצליכער ליבע, און דאָס האָט דעם גוטען דאָקטאָר וועה געטאָן...

—יענער דאָקטאָר, זאָגט איר, האָט אייך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און דאָך האָט ער אייך פאַרפיהרט.. און איבערגעלאָזט אין אַזאַ לאַגע.

—ניין, דאָקטאָר, ער האָט מיך ניט פאַרפיהרט, ער האָט געהאַט די בעסטע אַבזיכטען מיט מיר, מיר האָבען געהייראַט געזעצליך, איך האָב נאָך די דאָקומענטען צו צייגען, נאָר אַז ער איז פאַרשוואונדען געוואָרען איז געקומען דער צווייטער דאָקטאָר און מיר געזאָגט, אַז אונזער הייראַט איז געווען אַ געפעלשטע, אַז מיין געליבטער האָט מיך אָפּגענאַרט מיט אַ פאַלשער הייראַט, אַז דער פּאַפּיר איז געווען אַ געקויפטער, און ער האָט מיך איינגערעדט איך זאָל איך הייראַטען. איך בין געווען קראַנק און צעבראָכען און שוואַך נאָך דער געבורט פון מיין קינד, האָט מען מיך אין שפּיטאָל צוריק ניט געוואָלט אריינגעמען אויף דער ארבעט. איך בין געגאַנגען פון איין פּלאַץ אין אַן אַנדערען אָבער ווייל איך האָב אויסגעזעהן אַזוי שוואַך האָב מען מיר ניט געוואָלט געבען קיין ארבעט און מיין פאַמיליע האָט אויך פון מיר ניט געוואָלט וויסען, זיי האָבען געזאָגט, אַז איך האָב זיי פאַרשוואַרצט דאָס פּנים מיט מיין האַנדלונג. איך האָב געזעהן, אַז איך וועל שטאַרבען אין גאַס מיט מיין קינד אויף די הענט און מיין נייער פריינד האָט מיך געמאַטערט, איך זאָל אַוועקגעבען דאָס קינד, ווייל ער קען ניט קוקען אויף דעם. איך האָב עס געוואָלט אַוועקגעבען אין אַן אַנשטאַלט ערגעץ, איך זאָל צאָהלען פאַר אים און עס קענען זעהן אַלעמאָל, האָט ער מיר ניט געלאָזט, און ער איז דאָס געווען דער יעניגער, וואָס האָט אַריינגעגעבען דעם אַנאָנס אין דער צייטונג אַז איך וויל מיין קינד אַוועקגעבען. איך בין שוין געווען אַזוי צעבראָכען, אַז איך בין געוואָרען גלייכגילטיג צו אַלצדינג, און איין זאַך האָט מיר נאָר געעגבערט מיין מח: באַגעהן זעלבסטמאָרד..

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פון אירע אויגען האָבען זיך געגאָסען טרערען, טרערען, טרערען...

—רעגט זיך ניט אויף, ליבער פריינד—האָט דזשאָנסאָן געזאָגט מיט האַרץ און זי אָנגענומען ביי אַ האַנט—איר זענט נאָך ניט אין גאַנצען געזונט.

—ווי האָט געהייסען אייער ערשטער מאָן?—האָט דר. סמיט

געפרעגט מיט אינטערעס.

—מיין ערשטער מאן, מיין געליבטער טייערער אלבערט.

—אלבערט?—האט דער דאקטאר א ציטער געטאן.

—יא, אלבערט סמיט.

—ווי זאגט איר? אלבערט סמיט?—האט דער דאקטאר איבערגע־פרעגט און נאך מער גענומען ציטערן.

—אלבערט סמיט—האט זי געזאגט—ער איז געווען דאקטאר אין בעלוויו האספיטאל.

—מיין גאט! מיין גאט! מיין אלבערט איז דאך עס געווען! מיין זון!—האט דר. סמיט געשטאמעלט און קוים זיך געהאלטען אויף די פיס.

—קען עס מעגליך זיין, דאקטאר?—האט דזשאנסאן געפרעגט מיט מיטלייד, צוהאלטענדיג זיין אלטען פריינד ער זאל ניט פאלען.

—יא, קינד מיינס, לויט זי דערצעהלט איז דאס געווען מיין זון, מיין אונגליקליך־פארשוואונדענער זון אלבערט.

—מיין אלבערט אייער זון, דאקטאר?

—יא, יא, מיין זון.

—א, וואס עס קען פאסירען! און איר אליין האט מיר געהאלפען איבערגעבען זיין קינד צו קריסטען, צו פרעמדע קריסטען אין די הענט.

—יא, יא.

—וואס איז געווארען מיט אונזער קינד?

—דיין קינד לעבט.

—מיין קינד איז דא? מיין קינד לעבט? זאגט עס מיר, איך בעט אייך!—און זי איז צוגעפאלען צו זיינע פיס—א, דאקטאר, איך בין אזוי אונגליקליך, איך האב קיינעם ניט אויף דער וועלט, לאזט מיר כאטש אמאל זעהן מיין קינד...

—אי, רעגט זיך ניט אזוי אויף, מרס. לעווין, איר זענט נאך אזוי שוואך נאך דער שווערער קרענק—האט זיך דזשאנסאן געבעטען ביי איר מיט טרערען אין די אויגען און זי געהאלטען אין זיינע ארעמס.

—אי, פריינד מיינער, ווי קענט איר פארשטעהן, ווי א מאמע'ס הארץ ווערט צעריסען פון דעם געדאנק, אז זי אליין האט איר קינד רואינירט, אוועקגעגעבען צו פרעמדע מענשען, צו א פרעמדער נאציאן...

—און א קוואל פון טרערען האט זיך א שפאר געטאן פון אירע אויגען.

—בארוהיג זיך—האט דר. סמיט נאך אלץ א צעטומעלטער גע־

זאגט צו איר—בארוהיג זיך, דיין קינד לעבט און איז געזונד.

—מיין קינד לעבט און איז געזונד? וואס פאר א גליק דאס וואלט פאר מיר געווען, ווען איך זאל אים זעהן! אוי, גאט, איך זאל קענען זעהן אלבערט'ס קינד באטש איין מאל.

—יא, יא, א גליק, פאר מיר א גליק צו האבען פון מיין איינציגען זון באטש אן אנדענקען—האט דר. סמיט גערעדט צעטומעלט און ער האט געוויינט פאר אויפרעגונג.

ער האט אנגענומען אל'ס האנט און זי פעסט געדריקט צו זיין הארץ, ווי מען דריקט די האנט פון טייערסטען, וואס מען האט אויף דער וועלט.

—א, וואס פאר א פרייד דאס איז פאר מיר, וואס מיין זון האט איבער געלאזען אן אנדענקען, און נאך וואס פאר אן אנדענקען—האט דר. סמיט געזאגט ווי צו זיך אליין.

—אבער א קריסט ערצויגען—האט מרס. לעווין געוויינט.

—יא, א קריסט, אבער מיט א ברילינאנטען אידיש הארץ!—האט דר. סמיט פיל-באדייטענדיג געזאגט.

—אוי, ווי איך וואלט אים שוין געוואלט זעהן!

—אז דו וועסט זיין רוהיג וועל איך דיר אים אנצייגען—האט דר. סמיט געזאגט—אבער זאלסט זיך ניט אויפרעגען. יא, דו קענסט זעהן דיין קינד, אונגליקליכע טאכטער מיינע, דו האסט גענוג געליטען, איך קען אויף דיר קיין פארדרוס ניט האבען, עס איז שוין צייט, דו זאלסט א ביסעל נחת האבען פון דיין זון. ער וועט זיך אויך געווים מיט דיר פרעהען און וועט זיין גליקליך מיט דיר זיך צו פאראייניגען.

—אפשר וועט ער מיר ניט וועלען מוחל זיין, וואס איך האב אים איבערגעגעבען אין פרעמדע הענט, צו פרעמדע מענשען?

—גאט שיקט זיין שליח! דו האסט אים אוועקגעגעבען צו פרעמדע צום סוף איז ער ערצויגען געווארען אונטער דער השגחה פון אן אייגע־נעם געטרייען מענשען, ניט וויסענדיג וואס ער איז צו אים, נאר דער אינסטינקט פון ב ל ו ט - פ א ר וו א נ ד ש א פ ט האט זיי צוזא־מענגעבונדען מיט אן אייביגער פריינדשאפט. יא, אונטער מיין אייגע־נער השגחה האט ער זיך ערצויגען...

—דאקטאר, וואס טוט זיך דא וועמען מיינט איר?—האט דזשאנ־סאן א פארציטערטער געפרעגט.

—נו, דו פארשטעהסט דאך שוין, מיין זון, ווען איך מיין...—האט דר. סמיט מיט טרערען אין די אויגען געזאגט.

—א, גאט מיינער, זאל עס מעגליך זיין? איז עס א חלום?—האט דזשאנסאן פון טיפען הארצען אויסגערופען געריהרט.

—ניין, מיין קינד, דאס איז ניט קיין חלום, דו זעהסט דאך, אט דא שטעהט פאר דיר דיין אונגליקליכע מאמע.

—מיין מאמע? מיין מאמע? ווי קען עס מעגליך זיין! און יענע דארט?

—האסט דאך געהערט, אז יענער האט דיך ערצויגען.

—גאט מיינער! ווי קען עס זיין? מיין מאמע? מאמע! מיין מאמע!

—און האט ארומגענומען די שוואכע, צעטראגענע פרוי, וואס האט זיך קוים געהאלטען אויף די פיס ניט אנידערצופאלען. ער האט זי שטארק צוגעדריקט צו זיין הארצען און איר א קוש געטאן. דערנאך האט ער זי גענומען ווי א קינד, אוועקגעזעצט זי אויף א באנק אונטער א בוים און געהייסען א דינער צו ברענגען וואסער זי צו דערפרישען.

—וואס פאר אן איבערלעבעניש! גאט מיינער! דאס איז מיין זון? מיין קינד?—האט זי געפרעגט עטליכע מאל און א פרישער קוואל טרע־רען האט זיך א לאז געטאן פון אירע אויגען, אזוי אז אלע דריי האבען געוויינט. א בארעמהערציגע שוועסטער האט צוגעבראכט וואסער. מרס. לעווין האט א פאר שלינג געטאן דאס קאלטע וואסער און געפיהלט א ביסעל לייכטער. דאן האט זי מיט פריידען־טרערען ארויפגעקוקט צום שעהנעם יונגענמאן, וועלכער איז בלאס געווען פון אויפרעגונג, און זי האט געפרעגט:

—איז דאס מעגליך? עס גלויבט זיך קוים, אז דאס איז מיין קליין אינגעלע...

—די פאקטען צייגען עס דאך, אז דאס איז אזוי—האט דר. סמיט פעסט און ערענסט געזאגט.

—יא , אז איך קוק אים אן, זעה איך, אז ער איז ארפגענומען אל־בערט, אלבערט'ס שעהנע געשטאלט מיט זיין שעהנעם קאפ בלאנדע קאשטאנען־לאקען ארום זיין ווייסען שטערען. יא, אין גאנצען ער.

—אמת—האט זיך אנגערופען דר. סמיט א דערפרעהטער א ביסעל

—איך האב עס אלע מאל און אלע יאהרען געזעהן זינט ער איז נאך גע־ווען א קליינער, און דערפאר טאקע בין איך צו אים אזוי צוגעבונדען

געווארען מיטן גאנצען הארצען.

—איז עס ניט נאטור׳ס וואונדער, ווי איך האב זיך צו איר צו־געבונדען פון ערשטען מאמענט׳ וואס איך האב איר דערזעהן, און ניט אפגעטראטען פון איר די גאנצע צייט פון איר קראנקהייט!—האט דזשאנסאן ארויסגעזאגט מיט אינערליכער פרייד—הפנים אז בלוט איז ניט קיין וואסער...

—יא, יא, בלוט איז ניט קיין וואסער—האט דר. סמיט געזאגט.

—נו, איצט, מאמע, וועלען מיר זיך שוין קיינמאל ניט שיידען! איצט וועלען מיר זיין אלע צוזאמען.

—יא, מיין קינד, וואס פאר א גרויס גליק! וואס פאר א גרויס גליק! —האט מרס. לעווין אויף דאס ניי זיך שטארק צעוויינט און ניט געקאנט זיך בארוהיגען פון גרויס פרייד.

—איצט, מיין ליבער אל., וועסטו צו אלע גליקען אויך האבען דאס גליק צו קריגען די ליבע זיסע לילי—האט דר. סמיט מיט א שטראלענ־דען שמייכעל געזאגט.

—א, ווי גליקליך איך בין!—האט דזשאנסאן מיט גרויס באגייס־טערונג געזאגט.

—דאס איז אפשר פאר אים מער ווערט ווי די מאמע מיטן זיי־דען צוזאמען—האט מרס. לעווין זיך א ביסעל געוויצעלט.

—דאס איז דאס לעבען, מיינע טייערע, מיר קענען די נאטור ניט ענדערען—האט דר. סמיט געזאגט און זיך פארטראכט, און באלד ווי־טען באמערקט:

—לילי וועט טאנצען אין די גאסען פאר פרייד!

—איך לויף איר טעלעגראפירען—האט אל. זיך געכאפט.

—צייט, צייט, לויף ניט, גאה בעסער פאוואליע, וועסטו שנעלער קומען—האט דר. סמיט געשפאסט.

—אפשר זענט איר גערעכט, זיידע לעבען—האט אל. געזאגט.

—האב איך געקענט ווינשען א גרעסער גליק, ווי הערען דאס ווארט זיידע?—האט דר. סמיט געריהרט געזאגט און ער האט ארומגענומען דזשאנסאנ׳ען און אים א שטארקען קוש געטאן.

אין דער מינוט איז דארט דורכגעגאנגען דער קראנקער גרויער מאן.

—אט דאס איז דער׳ דאקטאר׳ זיידע, וואס איך האב אייך גע־זאגט וועגען אים, אז ער האט פארלארען דעם זכרון—האט אל. געזאגט.

—רוף אים צו—האט דר. סמיט געזאגט—איך וועל פרובירען מיט אים זיך צוזאמענרעדען—און ער האט אים באטראכט פון דער ווייטענס.

אל. איז צוגעגאנגען צום קראנקען מאן, אים צערטליך אנגענומען ביי דער האנט און אים צוגעפיהרט.

ווען ער איז צוגעקומען נאהענט האט דר. סמיט זיך אזש א הויב געטאן פון פלאץ, און מיט שרעק אויסגערופען:

—מיין גאט, ווער איז זעה איך!

—ווער איז ער דען?—האבען ביידע א פרעג געטאן דעם דאקטאר.

—ווארט א מינוט—האט ער א צעטראגענער געזאגט—און איז צוגעגאנגען און אנגענומען דעם קראנקען גרויען מאן ביי דער רעכטער האנט און גיך ארויפגערוקט זיין ארבעל און דערזעהן דאס, וואס ער האט געזוכט. ער האט דאן צוגערופען אל'ן און מרס. לעווין און זיי געוויזען אויף זיין האנט, ניט ווייט פון עלענבויגען צוויי דייטליכע סימנים.

—גאט מיינער!—האט מרס. לעווין אויסגעשריען, ווען זי האט עס דערזעהן און זי האט גענומען ציטערען—מיין אלבערט האט געהאט פונקט אזעלכע סימנים...

—יא, דאס איז אלבערט!—האט דר סמיט אויסגערופען מיט א קרעכץ און איז שיעור ניט אומגעפאלען פון זיינע פיס.

—זאל מיין אלבערט זיין אזא אלטער מאן? אזא זקן? ווי איז עס מעגליך?—האט מרס. לעווין מיט שרעק געשטאמעלט און זיך צעוויינט.

—קיין צווייפעל! דאס איז מיין זון! איך האב אים באלד דערקענט.

—יא—האט מרס. לעווין געקרכצט מיט וועהטאג, אנקוקענדיג דעם אונגליקליכען.

—איז דיין נאמען אלבערט סמיט?—האט דר. סמיט אים געפרעגט.

—הא? אלבערט?—האט דער קראנקער טאמעוואטע נאכגערעדט און איז געבליבען שטעהן ווי א שטיינערנע סטאטוע.

—יא, ער איז עס דער אונגליקליכער—האט דר. סמיט דערשלאגען געזאגט—ווי לאנג איז ער שוין דא אין אנשטאלט?

—ער איז שוין דא פינף און צוואנציג יאהר דא.

—שטימט! האט מרס. לעווין מיט גרויסען צער געזאגט—לעצטען מאנאט איז געווארען פינף און צוואנציג יאהר, זינט ער איז פון מיר פארשוואונדען געווארען.

—מיר נעמען אים מיט זיך—האט אל. געזאגט.

—יא, מיר וועלען איס דא מער ניט לאזען...

—מיר וועלען רופען די גרעסטע ספעציאליסטען פון לאנד, אפשר וועט אונז נאך געלינגען איס צו רעטען.

—יא, זון מיינער, אפשר וועסטו נאך האבען דאס גליק צו האבען אויך א טאטען.

—מיר זאגט דאס הארץ, אז מיר וועלען איס רעטען—האט אל. גע־זאגט און מיט ליבע געגלעט די האנט פון דעם קראנקען.

—גאט, זיי אונז גנעדיג!—האט מרס. לעווין געבעטען מיט הארץ—האסט אזוי פיל געהאלפען, זאל שוין דיין הילף זיין א פאלקאמענע.

—נו, קומט, מיר וועלען איס אויסשרייבען פון דאנען און גלייך צופיהרען אין מיין נייע הויז. דארט וועלען מיר זיך באראטען וואס צו טאן—האט דר. סמיט א ביסעל פרעהליכער געזאגט.

אלע דריי זיינען אריין אין אפיס, מיטפיהרענדיג דעם קראנקען אלבערט. עס האט לאנג ניט גענומען און די קליינע ליבע גרופע איז גע־פלויגען אין דר. סמיט'ס אטאמאביל אין דער ריכטונג צו ניו יארק.

## ניין און דרייסיגסטער קאפיטעל

דר. סמיט'ס הויז איז געווען אן אמת'ער גן עדן. עס איז געשטאנען אנטקעגען א שעהנעם פארק, ארומגערינגעלט פון א שעהנעם גארטען מיט ביימער און בלומען. די זון האט פרעהליך אריינגעשיינט, געשיקט אירע ליכטיגע גאלדענע מארגען־שטראלען דורך די גרויסע קרישטאל־שויבען. די פענסטער זיינען אבער געווען דיק פארהאנגען מיט שווערע זיידענע פארהאנגען. דאס הויז איז געווען איינגעריכטעט מיט זעהר פיל געשמאק. פון דרויסען האט זיך אריינגעטראגען דער פארשיכור־ענדער פערפיום פון די בלומען.

אין דעם דאזיגען פרעכטיגען קליינעם הויז האט געוואוינט די ליבע פאמיליע פון דר. סמיט. אל דזשאנסאן איז שטענדיג געווען מיט זיי. דער פארטויבטער אונגליקליכער זון פון דר. סמיט איז אויך געווען דא. מרס. לעווין איז דארט געווען די באלעבאסטע. עס איז ניט געווען איר צו דערקענען. אזוי שעהן און יונג איז זי געווארען. זי איז אויך געווען שעהן געקליידעט, און דאס האט איר צוגעגעבען פיל חן. מען האט אבער געקענט דערקענען, אז זי טראגט ארום אין הארצען א טיפע וואונד, א טיפען טרויער.

זינט די פאמיליע סמיט האט זיך דא באזעצט זעהט מען אפט נייע אטאמאבילען צופאהרען צו דעם הויז. דאס זיינען אפט געקומען פריינד זיך ערקונדיגען וועגען די נייע פאסירונגען. עס האט זיך שנעל פארשפרייט די נאכריכט, אז דר. סמיט האט זיין פארלוירענעם זון געפונען נאך א צייט פון פינף און צוואנציג יאהר זוכען... אבער די אומ־שטענדען, אונטער וועלכע ער האט אים געפונען און איז וואס פאר א לאגע ער געפינט זיך איצט, דאס האט אלעמען שטארק וועה געטאן. זעהר נאהענטע פריינד זיינען פערזענליך געקומען א קוק טאן אויף דעם אונגליקליכען זון פון זייער פריינד דר. סמיט. עס זיינען אויך געקומען דאקטוירים, פראפעסארען, צו עקזאמענירען דעם קראנקען, מען האט אים גענומען אין די גרעסטע שפיטעלער צו באהאנדלען, מען האט גע־פרובירט מיט פארשידענע מיטלען אים צו קורירען, אבער עס האט קיין זאך ניט געהאלפען. האט מען אראפגעבראכט עטליכע פון די גרעסטע פראפעסארען פון לאנד און נאך א לאנגען קאנסיליום איז געבליבען, אז מען מוז מאכען א שווערע און געוואגטע אפעראציע.

די ניי־געפונענע פאמיליע דר. סמיט'ס, די פאמיליע גאלד, האט די גאנצע צייט ניט אפגעטראטען פון הויז, איבערהויפט לילי. זיי האבען אלע געהאלפען צום הויז צו דער ווירטשאפט, און ווען עס איז געקומען דער טאג פון דער אפעראציע זיינען אלע געווען פארזאמעלט אין א גרוי־סען צימער. עס זיינען אויך געווען נאך פריינד. אלע זיינען געזעסען שטיל, טרויעריג און נערוועז און מיט איינגעהאלטענעם אטהעם. דר. סמיט האט געשפאנט אויף און אפ מיט שטילע לאנגזאמע טריט איבער דעם ווייכען פליושענעם דיוואן און נערוועז גערויכערט. די אנוועזענדע האבען געקוקט אויף דעם אלטען גוטען דאקטאר מיט פיל באדויערען. מרס. לעווין האט שטיל געווישט אירע אויגען, וועלכע זיינען שוין געווען רויט פון וויינען. אלעמענס אויערען זיינען געווען אנ־געשפיצט צו כאפען עפעס פון יענעם צימער, וואס זאל געבען צו וויסען וואס עס טוט זיך דארט. אלע האבען געקוקט אין איין ריכטונג, צו איין טיר, צו דער טיר, וואס פיהרט צו יענע צימערען, וואו עס געהט איצט אן די געוואגטע און ערענסטע אפעראציע. עס האט גענו־מען א גאנצע אייביגקייט ביי די פריינד און אייגענע אזוי צו זיצען אין דער גרעסטער שפאנענדער ערווארטונג אויף א גליק אדער אן אונ־גליק. מרס. לעווין איז איצט געזעסען אין א ווינקעלע און מיטן גאנצען

הארץ געבעטען גאט אז די אפעראציע זאל זיך וואס שנעלער ענדיגען און וואס בעסער דורכגעהן.

פלוצלונג האט זיך געעפענט די טיר און אל. איז אריינגעקומען. ער איז געווען בלייך און דער ווייסער מאנטעל, וואס ער האט געטראגען, ווי א דאקטאר ביי אן אפעראציע, האט אים נאך געמאכט אויסזעהן דערשראקענער. אלעמענס אויגען האבען זיך צו אים געווענדעט מיט שרעק און האפנונג, אויף אלע געזיכטער איז געלעגען דער אויסדרוק פון א פראגע: וואס הערט זיך? נאר מען האט מורא געהאט צו עפענען דאס מויל צו פרעגען.

—דאנקען גאט, די אפעראציע איז פאראיבער גליקליך—האט אל. געזאגט.

—פאראיבער?—האט דער אלטער דר. סמיט איבערגעפרעגט מיט א ציטעריגער שטימע און א פלאטערענדען הארץ.

—יא, זיידע, ער איז נאך אונטער דעם איטער, אבער די אפעראציע איז פאראיבער זעהר געלונגען. אלץ איז איצט אין דער בעסטער ארדנונג לאמיר האפען, אז אלץ וועט דורכגעהן ווי מיר ווינשען.

אלע אנוועזענדע האבען אפגעלעבט און פאר פרייד געוויינט.

דא זיינען פון צווייטען צימער אריינגעקומען צוויי פראפעסארען, וואס האבען געמאכט די אפעראציע, און דר. סמיט האט זיי געפרעגט:

—וואס הערט זיך? מעגען מיר האפען? און קען איך אריינגעהן זעהן דעם קראנקען?

—איר קענט אריינגעהן, דאקטאר, אבער זיך פארהאלטען זעהר רוהיג, זעהר רוהיג.

דער קראנקער איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויף דעם אפעראציאנס-טיש, איינגעוויקעלט אין ווייסע לינען, דער קאפ באנדאזשירט מיט ווייסע באנדאזשען ביז איבער דער נאז, נאר דאס מויל און אויגען האט מען ארויסגעזעהן. צוויי שוועסטער אין ווייסע קליידער מיט שעהנע הויבלאך זיינען געשטאנען און געהיט דעם קראנקען.

דאן איז אריינגעקומען דזשאנסאן מיט ליליין. אלע זיינען געבליבען שטעהן שטיל און מיט אינערליכער אויפרעגונג.

## פערציגסטער קאפיטעל

נאך א פאר שטונדען מאטערענדיג זיך מיטן איטער האט דער קראנקער זיך ערוואכט און געעפענט די אויגען און שכל'דיג זיך ארומ-

געקוקט וואו ער איז דאַ אין דער וועלט. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך דאַ ארום אים.

אַ פּראָפעסאָר האָט דאַן אַ וואונק געטאָן צום אַלטען דאָקטאָר, ער זאָל צוגעהן צו אים. דער אַלטער איז צוגעקומען גאַנץ נאָהענט. דער קראַנקער האָט אים באַטראַכט און ניט דערקענט.

—וואו בין איך דאָ?—האָט ער געפרעגט.

—ביי זיך אין דער היים, צווישען פריינד.

—צווישען פריינד?

—יאָ, צווישען אייגענע פריינד.

—ווער זענט איהר?

—איך? איך — — איך בין — — —האָט דער אַלטער געשטאַמעלט און איינהאַלטענדיג זיין געוויין קוים ארויסגערעדט:

—דו דערקענסט מיך ניט, אַלבערט? דו דערקענסט ניט דיין אַלטען טאַטען, מיין זון?

—מיין טאַטע? ניין, מיין טאַטע איז אַ יונגער, ווער זענט איהר?

—אמת, דו געדענקסט מיך פאַר אַ יונגען מיט שווארצע האָר, אָבער דורך דיין לאַנגער קראַנקהייט בין איך אַזוי אַלט און גרוי גע־וואָרען. יאָ, דורך דיין לאַנגער קראַנקהייט, מיין זון.

—מיין קראַנקהייט? ניין, דאָס איז געוועזן אַ לאַנגער שלאָף—האָט ער געזאָגט און האָט אָפּגעזיפצט.

—זיי רוהיג, דו ביזט נאָך שוואַך, ווען דו וועסט געזונד ווערען וועסטו אַלץ וויסען.

צו מיסעס לעווין וועלכע איז געשטאַנען נעבען דעם קראַנקען אָנגע־טון ווי אַ באַרמהערציגע שוועסטער, פאַר דער גאַנצע צייט, און זיך ניט געוואָלט אָברוהען, ווי די אַנדערע, זאָגט ער:—

—מאַמע, דו קוקסט אויס זעהר שעהן אין די קליידער—האָט אַל. געזאָגט און געשמייכעלט פון דער מוטער'ס איינפאַל.

—אָבער דיין פּאַפּאַ וועט מיך זיכער ניט דערקענען—האָט זי מיט וועהטאָג געזאָגט—ער קען יענע יונגע, שעהנע קלאַראַ, וואָס ער האָט אַזוי הארציג געליבט, אָבער איצט איז נאָר אַ שאָטען געבליבען פון יענער, בלויז אַ שאָטען...

דער קראַנקער האָט זיך דאַן ארומגעקוקט און זיין בליק האָט זיך באַגעגענט מיט דעם בליק פון אַל'ן וועלכער האָט ליבליך צו אים גע־

שמייכעלט און געפרעגט:

—נו, ווי האָט זיך געשלאָפען?

—אָ, דאָס איז געווען אַ לאַנגער שלאָף מיט אַ שווערען חלום.

—יאָ, יאָ, טאַקע לאַנג געשלאָפען, גאַנצע אַכט שעה כסדר.

—ניט לענגער?—האָט דער קראַנקער פאַרוואונדערט געפרעגט—און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס איז אַ גאַנצע אייביגקייט.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען און דאַן זיך אָנגערופען:

—ווער זענט איר, יונגערמאַן?

דזשאַנסאָן איז ניט געווען פאַרבערייטעט פאַר אַזאַ פראַגע און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, נאָר האָט זיך באַלד געכאַפּט:

—איך בין אַ דאָקטאָר.

—אַ דאָקטאָר? בין איך דען קראַנק געווען?

—יאָ, ליידער זעהר קראַנק, אָט איז אויך אַ שוועסטער דאָ.

—אַ שוועסטער אויך?

—יאָ, קלאַראַ ראָזען איז איר נאָמען, און מיין נאָמען איז אַל סמיט.

—בין איך, הייסט עס, קראַנק געווען?—האָט ער נאָך אַמאָל געפרעגט, ניט אַכטענדיג, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַרגעשטעלט מרס. לעווין, פאַרקליידט אַלס אַ באַרעמהערציגע שוועסטער, און איז געשטאַנען נאָהענט פון קראַנקען מיט דער האָפנונג, טאָמער וועט ער זי דערקענען.

—יאָ, דאָקטאָר, מען האָט אייך געמאַכט אַן אָפּעראַציע. דאַנקען גאָט, די אָפּעראַציע איז געלונגען, מיר האָבען אייך געראַטעוועט.

מרס. לעווין האָט געגעבען דעם קראַנקען די מעדיצין. נאָך דעם איינגעמען די מעדיצין האָט ער זיך אַ ביסעל אָפּגערוהט און געפרעגט:

—מיס ראָזען? איך געדענק איינע אַ מיס ראָזען פון בעלוויו האָספּיטאַל, קענט איר זי אפשר?

—יאָ, איך האָב איר געקענט.

—איז זי נאָך אין דעם שפּיטאָל?

—איך דענק אַזוי.

—בין איך ניט אין שפּיטאָל?—האָט ער ווייטער געפרעגט.

—איר זענט אין אייער פאָטער'ס הויז.

—מיין פאָטער'ס הויז?—און ער האָט זיך אַרומגעקוקט.

—יאָ, אייער פאָטער וועט זיין גליקליך אייך צו זעהן בעסער—

האט דזשאנסאן א זאג געטאן—איך געה אים אנזאגען די בשורה.

מרס. לעווין איז געשטאנען ווי פארטומעלט פון פרייד און לייד. עס האט איר לייד געטאן, וואס ער דערקענט זי ניט, אבער זי איז גע־ווען גליקליך, וואס ער פארשטעהט וואס מען רעדט צו אים, נאר א טייל זאכען קומען אים פאר, ווי עס וואלט ערשט היינט פאסירט.

אל. איז אוועק אנזאגען די גוטע בשורה צום אלטען זיידען, און ווען דר. סמיט האט דערהערט, אז זיין זון פיהלט זיך בעסער, האט ער שיעור ניט אויסגעשריען פאר פרייד. ער איז מיט זיינע לעצטע כוחות ארייננעלאפען און איז צוגעפאלען צום קראנקען און זיך צעוויינט:

—זון מיינער, אלבערט! דאנקען גאט, דו ביזט גערעטעט!

—מיין פאפא?—האט דער קראנקער זיך ניט געוואלט גלויבען.

—יא, יא, מיין אונגליקליכער זון, דו דערקענסט מיך ניט? אמת איך בין פארעלטערט געווארען דורך דיין קראנקהייט.

—איז מיין קראנקהייט געוועזן אזוי שרעקליך?

—יא, ליידער, מיין זון, אבער לאמיר איצט ניט רעדען וועגען דעם. איצט בין איך גליקליך, אז איך האב דיך ווידער. דו האסט נאך אנדערע ליבע געטרייע, וועלכע זיינען גליקליך מיט דיין רעטונג...

—מיין ארעמער פאפא, ווי שרעקליך דו האסט עס געמוזט ליידען, אז דו האסט געקענט אזוי פארעלטערט ווערען אין אזא קורצער צייט.

—יא, א קורצע צייט, ביי מיר איז דאס געוועזן אן אייביגקייט—האט דר. סמיט געזאגט און האט געוואלט א קוש טאן דעם זון זיינעם, נאר דער קראנקער האט צוגעצויגען זיין פאטער'ס האנט און זי געקושט און זי ניט געוואלט נאכלאזען, דריקענדיג איר שוואך...

דזשאנסאן און די בארעמהערציגע שוועסטער, מרס. לעווין, זיינען געשטאנען דערביי און זייערע אויגען האבען זיך אנגעפילט מיט טרערען. עס האט זיך זיי געוואלט צופאלען צום קראנקען און אים זא־גען וואס זיי זיינען צו אים, אבער זיי האבען זיך אנגעשטרענגט צו בלייבען רוהיג, אום ניט צו פיל אויפצורעגען דעם קראנקען.

## איין און פערציגסטער קאפיטעל

די רעטונג פון דר. אלבערט סמיט איז געוועזן אזוי אויסערגע־וועהנליך, אז אלע צייטונגען האבען געשריבען וועגען דעם זעהר פיל. אלע פריינד און באקאנטע פון אלטען גוטען דר. סמיט האבען געשטו־

רעמט מיט בריף און טעלעגראמעס, און דער טעלעפאן האט ניט גע־רוהט פון די פיל גליק־וואונשען. די פרייד איז ביי אלעמען געווען אומבאשרייבליך.

אז דער קראנקער האט געפיהלט בעסער און איז געווען אימשטאנד ארויפצוגעהן פון בעט האט מען איהם לאנגזאם ערקלערט די גאנצע געשיכטע. ער האט אויסגעפונען, אז זיין געליבטע פרוי איז איצט לע־בען איהם, און אז דער יונגער סימפאטישער און טייערער דאקטאר דזשאנסאן איז עם זיין זון, זייער זון..

מיט א פאר וואכען שפעטער איז אלבערט שוין געווען כמעט אין גאנצען געזונד, און אלע זיינען זיי געווען זעהר גליקליך, איבערהויפט אלעקסאנדער און לילי, וויסענדיג, אז איצט האלט קיין זאך זיי ניט אפ פון פאראייניגען זיך אויף זייער גאנצען לעבען. זייער חתונה האט געזאלט אין קורצען געפייערט ווערען מיט גרויס פראכט און גלאנץ.

דא איז אנגעקומען דער פראצעס אין געריכט. מרס. דזשאנסאן האט דורך דעם געריכט געפאדערט, אז דער גאנצער פארמעגען, וואס איז געבליבען פון איהר מאן, זאל איצט איבערגעגעבען ווערען פאר דער קירך, אויב אלעקסאנדער זאגט זיך אפ צו טראגען אויף ווייטער דעם נאמען „דזשאנסאן".

—ער איז דאך אזוי פיל יאהרען געווען פאררעכענט אלס אייער זון—האט דער ריכטער געזאגט צו מרס. דזשאנסאן—ווילט איהר איהם איצט אוועקשיקען מיט לעדיגען?

—ער קען האבען אלץ, אויב ער וועט ניט אוועקווארפען דעם נא־מען „דזשאנסאן", אט דער נאמען זאל ניט פארלארען געהן, ווייל ער איז געווען דער לעצטער אין זיין פאמיליע.

—דר. דזשאנסאן, וואס זאגט איהר?

—ליידער, העהר ריכטער, בין איך אויך דער לעצטער אין מיין פא־טער'ס פאמיליע סמיט.

—ווייסט איהר, דר. דזשאנסאן, אז אייער ירושה באטרעפט העכער א האלבען מיליאן דאלער?—האט דער ריכטער געפרעגט דזשאנסאנ'ען.

—עס קימער מיך ניט ווי פיל דאס באטרעפט—האט דזשאנסאן רוהיג געענטפערט—מיין נאמען איז מיר טייערער פון אלע פארמעגענס.

נאך דעם, ווי דער ריכטער האט ערקלערט, אז דזשאנסאן האט א רעכט אויף זיין נאמען, אבער דאס געלט קען ער אונטער אזעלכע

אומשטענדען ניט קריגען, איז דזשאנסאן צוגעגאנגען צו זיין געווע־זענער מוטער און אנגענומען איר האנט צום געזעגענען זיך און געזאגט:

—מוטער טייערע, זיי געזונד! איך דאנק דיר פאר אלעם גוטען, וואס דו האסט צו מיר געטאן דורך די אלע יאהרען. איך וועל דיך שטענ־דיג דערמאנען צום גוטען...

—פארדריסט דיר ניט, וואס איך האב ביי דיר צוגענומען די ירושה און עס אוועקגעגעבען דער קירך?

—ניין, מוטער, מיר פארדריסט בלויז, וואס דו גיסט עס ניט בעסער אוועק פאר אונגליקליכע, ארימע, קראנקע און נויטליידענדע, וועלכע באנויטיגען זיך אין דעם מער ווי די קירך.

—ניין, די קירך איז מיין גאנצער לעבען, איצט איז מיר זיכער ניט געבליבען מער ווי דער גלויבען—האט זי געזאגט מיט טיפען צער.

—נו, טו ווי דו פארשטעהסט. פונדעסטוועגען אויב דו ווילסט, קום מיט אונז וואוינען, איך וועל צו דיר זיין ווי אן אייגענער זון, און מיר וועט זיך דאכטען, אז איך האב צוויי מאמעס.

מרס. דזשאנסאן האט א קורצען טראכט געטאן און טרוקען געענט־פערט:

—ניין, א דאנק, איך וועל ניט קענען וואוינען צוזאמען... איך וועל מיר בעסער געהן צו מיין פאלק און צו מיין גאט, ווי דו, אלעקסאנדער, האסט אויסגעקליבען דיין פאלק און דיין גאט.

דזשאנסאן האט פעסט ארומגענומען זיין געוועזענע מוטער און געבענדיג איר א הייסען קוש האט ער זיך מיט איר אפגעזעגענט.

אלע אין געריכט זיינען געווען געריהרט פון דער סצענע, און טרערען האבען געגלאנצט אין אלעמענס אויגען.

שפעטער מיט צוויי מאנאטען איז אין א טעמפעל געפייערט געווארען די חתונה פון אלעקסאנדער סמיט מיר דער הארציגער לילי גאלד.

דר. אלבערט סמיט, דער אמת'ער פאטער פון חתן, און מרס. סמיט, די אמת'ע מוטער זיינע, זיינען געווען די אונטערפיהרער, און דער אלטער גליקליכער זיידע, דער גוטער באליבטער דר. סמיט, האט זיי געבענשט...

(סוף)



# בילדער פון לעבען

פון

ראָזע שעהנפעלד

א בוך מיט 25 ערצעהלונגען, סקיצען און נאָוועלען,וואָס ענטהאַלט 228 זייטען, און וואָס איז שטארק געלויבט געוואָרען פון קריטיקער.

מיט הארציגע ווערטער און לעבעדיגע האַנדלונגען ווערען דאָרט געשילדערט טרויעריגע און קאָמישע בילדער פון לעבען פוןביידע וועלט-טיילען.

דאָס בוך האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי זיינע לעזער. צעהנדליגע בריף זיינען געקומען מיט לויב-ווערטער און געריהמט די שעהנקייט און אינטערעסאַנטקייט פון בוך.

דאָ גיבען מיר זייערע נעמען:

1. דאָס הארץ פון א פאָטער
2. א מאַמע טאָר ניט
3. דער פרייז
4. דער ווידוי פון א פרוי
5. די באָבע מיטן אייניקעל
6. אמעריקאַנער קינדער
7. צו שפעט
8. די שטרעבונג
9. א קרבן פון סטרייק
10. צוויי גאונים
11. פאַר אַן אַלטען חשבון
12. ווינטער בלומען
13. א שמחה אין שטעטעל
14. די צעשטערטע סעודה
15. צער בעלי חיים
16. דער קדיש
17. איבער א ירושה
18. מרים שלאָסבערג
19. אַלע קיה האָבען איין פּנים
20. דעם פאָטער להכעים
21. יאָסעל דער פּרעסער
22. דער אידעאַל
23. צוריק צו דער ארבעט
24. א שוועסטער'ס אָפּפער
25. פאַרניכטעט פון שטורעם

דאָס בוך איז שעהן געדרוקט און גוט געבונדען, און קאָסט איצט בלויז איין דאָלער. פּאָרטאָ 10 סענט.

זיך צו ווענדען צו דער פאַרפאַסערין:

ראָזע שעהנפעלד, 526 איסט 5טע סטריט, ניו יאָרק סיטי.